ו. נאַטאַנסאָן

# מענטש און קאָסמאָס

(פילאָסאָפיש־ליטעראַרישע עסייען)

פאַרלאַג ל. מ. שטיין שיקאַגע

לזכר־עולם —

# דר. חיים זשיטלאָווסקי ע״ה

הגם זיין דרך אין דער פילאָסאָפיע, זיין צוגאַנג צו
יידישקייט, און זיינע סאָציאַלע אני־מאמינס זיינען
קיינמאָל ניט געוואָרן מיינע, האָט זיין גייסטרייכע
פערזענלעכקייט און זיין קולטור־שווּנג משפּיע
געווען און דערמוטיקט מיין אינטענסיווע פאַרטיפונג
אין פילאָסאָפיע, געבנדיק מיר אויך דעם שטאַרקסטן
אָנשטויס צו שאַפן אויף יידיש.

**א מתנה**

**מיין אייניקל (קנאַפּע פיר יאָר אַלט)**

**דניאל העם נאַטאַנסאָן.**

(דניאל! דניאל! בין מתפלל, אַז ווען דו וועסט אויסוואַקסן, זאָלסטו קאָנען און וועלן לייענען די יידישע ליטעראַטור און אויך דיין זיידנ׳ס ווערק).

אין דער צוגרייטונג צום דרוק פון דעם דאָזיקן בוך בין איך א סך ארויסגעהאָלפן געווארן אין סטי־ליסטישע אויסבעסערונגען און קריטישע אינהאַלט באמערקונגען, ווי אויך אין דער קאראקטער — פון מיין פריינט, קאלעגע נפתלי קראוויץ, פריינט־קאלעגע שלמה סוסקאָוויטש — רעדאקטאָר פון „חוקאָ" און מיין זון לייבוש פרץ. זיי דריק איך אויס מיין טיפסטן דאנק.

ווען ניט ל. מ. שטיין׳ס שטאַרקע ליבע און איבערגעבנקייט צו קולטור בכלל און יידישער קול־טור בפרט, וואלט מיין בוך, אונטער די איצטיקע אלגעמיינע און פערזענלעכע אומשטענדן, אפשר ניט דערשינען און זיכער ניט אין דעם פאָרמאַט ווי עס דערשיינט איצט.

איך האָף, אז דאס דאזיקע ווערק וועט פאַרשאפן נחת רוח מיין ליבן פריינט, ל. מ. שטיין.

פאַר דער ממשותדיקער הילף אינעם פאַרקויף און פארשפרייט פון בוך — דאנק איך הארציק דעם יידיש־נאציאָנאלן ארבעטער פארבאנד, דעם יידישן קולטור־קאָנגרעס און די פרויען לייען־קרייזן.

אויף די פראַגן, וואָס דוכט זיך, זי (רעליגיע) אַליין איז באַרופן צו ענטפערן — די עקזיסטענץ פון גאָט, פרייהייט פון ווילן, אומשטערבלעכקייט א.א.וו., — קאָן זי קיין ראַציאָנאַליסטישע ענטפערס ניט געבן. איר ראָלע איז אַן אַנדערע: זי רופט אַרויס (און זוכט צו פאַרוואַרצלען) אַ באַשטימטע עטיש־לירישע אָריענטאַציע אויף וועלט, לעבן און שיקזאַל, און פלאַנצט איין אַ באַציונג פון פאַרטרויען אין שורש פון זיין און אין זיינע „כוונות". די מיסטעריע פון לעבן קאָן און וויל רעליגיע ניט אויפקלערן; זי באַטאָנט נאָר מיט אירע איגענע, מייסטנס „קינסטלעריש" מיטלען די עקזיסטענץ פון מיסטעריע, יראת־הכבוד צו איר און פאַרטרויען אין איר. גאָט איז ווי ישעיה הנביא דריקט זיך אויס אַן „אל מסתתר".

**חיים גרינבערג.**

(אַ בליק אין דער צוקונפט).

# אינהאַלט

●

# די פּראָבלעם פון פרייען ווילן

(אַ קריטיש־געשיכטלעכער איבערבליק)

## ערשטער קאַפּיטל

די פּראָבלעם פון פרייען ווילן ווערט כמעט פון אַלע פילאָסאָפן אַוועקגעשטעלט אין מיטל־פּונקט פון די פּראָבלעמען, וועלכע שטעלן צונויף דאָס געוועב פון דער פילאָסאָפיע און אַלע אירע סיסטעמען. די צוועקן און צילן פון אַלע מעטאַפיזישע חקירות האָבן זייער ברען פּונקט אין דער פראַגע פון פרייען ווילן. איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן פון דער מעטאַפיזישער פאָרשונג איז תוך און תמצית פון דעם אַלוועלט, איז אַריינצובריינגען וואָס מער ליכט און קלאָרקייט אין דער פאָרשונג, וואָס האָט פון לאַנג אָן פאַרנומען דעם מוח, אַזוי גוט ווי דאָס האַרץ פון מענטשן.

די פראַגע: איז יאָ אָדער ניט פאַראַן אַ פרייער ווילן? — איז איינע פון די, וואָס לאָזט זיך וויניקער פאַר אַלע אַנדערע פילאָסאָ־פישע פראַגן אויסמיידן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן שאַפן אַ פילאָסאָ־פישע וועלט־אַנשויאונג. זי פאָדערט עקשנות׳דיק, אַז מען זאָל זיך מיט איר רעכענען ביי יעדן איינציקן אַריינבליק אין די טיפענישן פון ז י י ן אָדער באַשאַף פון אַלץ, וואָס הייסט וועלט, אוניווערס, אָדער קאָסמאָס.

אויב איינער וויל זיך אָפּגעבן דעם קלענסטן דין וחשבון מכח זיין שטעלונג צו דעם, וואָס איז א ר ו ם אים, און וואָס ער נעמט אויף מיט זיינע חושים, ווי אויך צו דעם, וואָס איז א י ב ע ר אים, און שטייגט אַריבער די אויפנאַמס־פעאיקייטן פון די חושים, מוז ער זיך, פריער אָדער שפּעטער, אָנשטויסן אויף דער פראַגע: איז יאָ אָדער ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי פרייער ווילן? איידער מען אָריענטירט זיך אין דער שייכות צווישן מענטש און זיין ווילן, קאָן מען ניט אויף אַ פול־באַוווסטזיניקן אופן רעאַגירן אויף דער וועלט — ניט אויף דער, וואָס איז אויסנווייניק פון אונדז, און אודאי ניט אויף דער, וואָס מיר שפירן אינווייניק אין אונדז.

די אַגנאָסטיקער, למשל, האָבן באַוויזן צו באַפרייען זיך פון זייער אַיינגעבוירענעם רעליגיעזן לעכצן; זיי האָבן ביי זיך געפּועלט, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפענע מי צו פאַרנעמען זיך מיט דער גאָט־פראַגע, ווייל אידעען וועגן אים זיינען ניט אין די גרענעצן פון מענטש־לעכער דערקענטעניש. איינצייטיק מיט דער גאָט־פראַגע האָבן זיי

אויך באַזייטיקט פון זייער פילאָסאָפישן פאָרשן די פראַגע פון אומ־שטערבלעכקייט. קיינער קאָן, אָבער, ניט געהערן צום קרייז פון פי־לאָסאָפן, מעג ער זיין אַן אַגנאָסטיקער, אָדער איינער, וואָס גלויבט אין דער מעגלעכקייט פון אַבסאָלוטער דערקענטעניש, — אויב ער זאָגט זיך אָפּ פון טראַכטן מכח דעם: — צי איז דער מענטש יאָ אָדער ניט פריי אין זיין אויסוואַל פון באַנעמונגען און האַנדלונגען.

יעטוועדעס גריבלען זיך אין די סודות פון דער נאַטור, באַ־צוועקט צו פאַרטרייבן וואָס מער די וואָלקנס פון אומוויסנהייט און אומ־זיכערקייט, וואָס אין זיי איז פאַרנעבלט דער מאָרגן. עס ווילט זיך זייער שטאַרק האָבן אַ פעסטע גאַראַנטיע, אַז אַלע אונדזערע דער־וואַרטונגען און האָפנונגען, וואָס מיר לייגן אַרויף אויף דעם מאָרגן, שלאָגן כאָטש אייניקע פון זייערע וואָרצלען טיף אין דעם באָדן פוןווירקלעכקייט און וואַרהאַפטיקייט.

און אין דער אמת'ן, וואָס פאַר אַן איינגשאַפט טיילט דען מער אָפּ דעם מענטשן פון דער חיה, איידער די איינגשאַפט צו געדענקען דעם נעכטן און צו פאַנטאַזירן וועגן דעם מאָרגן? מיט יעדן איינציקן קלער וועגן דעם וואָס עס שטייט אונדז פאָר, שטויסן מיר זיך גלייך אָן אויף פראַגן, וואָס זיינען געקניפּט און געבונדן מיט דער פראַגע פון ווילנס־פרייהייט.

ווי אַ שטורעם־ווינט דעם שטויב, אַזוי טוט דער געדאַנק וועגן מאָרגן אַ הויב פאַר אונדזערע אויגן אַ גאַנצע מחנה פראַגן. מיר פרעגן זיך: אין וואָס פאַר אַ באַציאונג שטייט דער עתיד צום עבר? איז ער ניט מער ווי דער זעלביקער עבר, נאָר אין אַ נייער פאָרם? ובכן, איז דעמאָלט אין תוך גענומען, אין חדש תחת השמש? אָדער, אפשר, איז אין יעדן עתיד פאַראַן בפרוש אַ נייער אינהאַלט? און אויב אַזוי, איז דער וואָס שאַפט די וועלט און אַלץ אין איר, נאָך גאַרנישט פאַרטיק מיט זיין אַרבעט? און אויב נאָך ניט פאַרטיק, פרעגט זיך: מיט וואָס? מיט דעם פּלאַן גופא ווי די וועלט זאָל זיין, אָדער נאָר מיט דער אַר־בעט פון אויספירן דעם פּלאַן, וואָס איז שוין פאַראויס אויסגעאַרבעט אין אַלע דעטאַלן?

און גאָר צו לעצט פרעגן מיר זיך: אויב עס האַנדלט זיך וועגן אַ וועלט־ ו ו ע ר ן אַנשטאָט אַ ז י י ן פון אַ וועלט, פירט עס אָט דער דאָזיקער אומאויפהערלעכער פּראָצעס פון ווערן צו אַ וועלכן עס איז סוף, צו אַ וועלכן עס איז באַשטימטן ציל און צוועק, וואָס טראָגט

טיף אין זיך דעם קאָסמישן זין; אָדער איז די אומאויפהערלעכקייט אן אומענדלעכע מיט אַן אַ שיעור אומבאַשטימטע צילן און צוועקן, און דער זין פון אַלץ ליגט ניט אין ד ע ר ג ר י י כ ו נ ג אָדער פ אַ ר ־ ווירקלעכונג, נאָר אין דעם א ו מ ע נ ד ל ע כ ן ש ט ר ע ב ן צו אַלץ טיפערע אינהאַלטן?

די דאָזיקע פראַגן זיינען פון אַ דירעקטער און העכסטער וויכ־טיקייט פאַר יעדן שריט און טריט, וואָס דער מענטש האָט בדעה צו מאַכן אין דער וועלט אויף אַ באַוווסטזיניקן אופן. דער כאַראַקטער און זין פון יעדן טאָט און האַנדל העגנט אָפּ זייער שטאַרק פון דעם, צי ענטפערן מיר אויף דידאָזיקע פראַגן אויף אַ פּאָזיטיוון אָדער נעגאַטיוון אופן.

לאָמיר נעמען, למשל, די פראַגע: איז די וועלט אַן אויסגעגאַ־סענע איין מאָל פאַר אַלע מאָל פון אייביק ביז אייביק, דאָס הייסט, אינגאַנצן אַ פאַרטיקע; אָדער איז זי אַ וועלט, וואָס פאַרמירט זיך און האַלט אומאויפהערלעך אין ווערן?

לאָמיר זען וואָס קומט אַרויס ווען מיר באַענטפערן דידאָזיקע פראַגע אין איינעם אָדער אין דעם אַנדערן זין.

ווען מיר נעמען אָן, אַז דער פּלאַן פון וועלט־באַשאַפער איז שוין אויסגעאַרבעט אויף אייביק אָן מיט אַלע איינצעלהייטן, דאַן קומט אויס, אַז איך, דער אויסדערוויילטער פון אַלע באַשעפעניש, בין נאָך אַלע־מען, מיט אַלע מיינע חכמות און המצאות, אַ פשוטער אויטאָמאַט, אַן אמת'ער שקלאַף פון דער השגחה; משמעות, טאַקע ניט מער, ווי אַ שטיקל חומר ביד היוצר. אויב באַשליסן מיר ווידער פאַרקערט, אַז דער פּלאַן, אַזוי גוט ווי די אויספירונג זיינע, האַלט אין וואַקסן, אין אַרויסוויקלען און אַנטוויקלען זיך, דעמאָלט איז דאָך מעגלעך, אַז דאָס האַנדלען און באַנעמען זיך פון מענטשן שפּילט אַ געוויסע, און אפשר אַ גאַנץ באַדייטנדיקע ראָל אין דער ווייטערדיקער אויסאַרבעטונג פון פּלאַן.

פון די ענטפערס אויף אַזעלכע און ענלעכע פראַגן, הענגען אָפּ די ענטפערס אויף אַזעלכע קאָנקרעטע און פּראַקטישע פראַגן, ווי, למשל: קאָן איך זיין אַבסאָלוט זיכער, אַז די זון וועט אויך אין דער צוקונפט אָבער־און־ווידער אויפגיין אין מזרח און פאַרגיין אין מעריב? וועט דאַמף אָדער עלעקטריק, היץ אָדער ליכט, אַלעמאָל באַזיצן די קראַפט, וואָס דער מענטש האָט געשטעלט צו זיין דינסט? וועט לעבן

אויף אייביק בלייבן אַ ציטווייליקע דערשיינונג אין דעם אינדיווידואום, און די אומפאַרמיידלעכקייט פון טויט וועט אַזוי אַרום קיינמאָל נישט אויפהערן צו זיין דער אמת, וואָס זיין ביטערקייט האָט ניט צו זיך קיין גלייכן?

וועלכער דענקענדיקער מענטש קאָן דאָס בלייבן גלייכגילטיק צו אַזעלכע ברענענדיקע פראַגן?

עס איז דעריבער קיין חדוש ניט וואָס די שאלה: זיינען די וועלט־פּראָצעסן פּאַראויס באַשטימט, אָדער פירן זיי זיך אויף פריי פון אַ וועלכער עס איז אוניווערסאַלער געזעצמעסיקייט? — פאַרנעמט אַ צענטראַלן פונקט אין די פילאָסאָפישע סיסטעמען. אַלע פילאָסאָפישע אָפּהאַנדלונגען פירן צו דער דאָזיקער שאלה, פונקט ווי אַלע ראַדיוסן פון אַ קרייז פירן צו זיין מיטל־פונקט. ווי עס איז אוממעגלעך פאַר אַ דיאַמעטער אויסצומיידן דעם מיטל־פונקט פון אַ קרייז, אַזוי איז אויך אוממעגלעך פאַר אַ פילאָסאָפישער סיסטעם ניט צו באַרירן די פּראָבלעם פון פרייען ווילן. אַלע פילאָסאָפישע דיספּיוטן צילן צו באַענטפערן די פראַגן פון קאַפּריז און געזעצמעסיקייט, פון פרייהייט און נויטווענדיקייט, פון דעטערמיניזם און אינדעטערמיניזם, פון ווילן און ווילנס־לאָזיקייט. קיין שום פילאָסאָף איז ניט געבליבן גלייכגילטיק צו דער פראַגע פון בחירה ביי מענטשן.

„וואָלט ניט דער סכסוך", זאָגט שעלינג, „צווישן פרייהייט און נויטווענדיקייט, וואָלט ניט נאָר די פילאָסאָפיע פאַרוועלקט געוואָרן, און איניקן אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען, נאָר מיט איר וואָלט אויך פאַרשווונדן געוואָרן יעדע גייסטיקע אַספּיראַציע".

ווען ניט אָט די דאָזיקע לעבהאַפטיקע פאַראינטערעסירטקייט אין דער פרייהייט און נויטווענדיקייט פון די וועלט־געשעענישן, וואָלט דער אנגריף פון דעם ענגלישן פילאָסאָף יום אויף דער מעטאַפיזיק ניט אַזוי מוראדיק אויפגערודערט די גאַנצע דענקענדיקע וועלט.

קאַנט, איינער פון די ריזן פילאָסאָפן, איז געווען מיט דער מיינונג, אַז קיין זאַך האָט ניט פּאַסירט אין דער מעטאַפיזיק זינט זי איז אויף דער וועלט געקומען, וואָס זאָל זיין פאַר איר פון אַזאַ וויכטיקן באַדייט ווי דער אַנגריף, וואָס דער פילאָסאָף יום האָט אויף איר געמאַכט. יום'ס אַנגריף איז געווען אַזוי וויכטיק, און ער האָט בשעתו אַזוי מרעיש־עולם געווען דערפאַר, וואָס פון דעם דאָזיקן אַנגריף האָט געליטן מער פון אַלץ דער דעטערמעניזם. אַ דאַנק יום'ס

מאָדנעם בליק אויף די וועלט־פּאַרקומענישן, האָט אָנגעהויבן זיך שאָקלען דער באָדן פון זיכערקייט אין דעם, אַז וואָס עס וועט קומען, וועט ניט זיין פונקט קאַפּויר פון דעם, וואָס עס איז געווען.

ב.

„ווען מען פרעגט", — שרייבט יום, — „וואָס איז דער כאַ־ראַקטער פון אַלע אונדזערע אַנטשיידונגען וועגן פאַקטישע זאַכן? זעט דער ענטפער אויס צו זיין, אַז זיי שטיצן זיך אויף דער שייכות צווישן סיבה און פועל יוצא. פרעגט מען ווידער: וואָס איז דער גרונט פון אַלע אונדזערע אַרגומענטאַציעס און שלוס־ציִונגען בנוגע דער דאָזי־קער שייכות? — קאָן דער ענטפער געגעבן ווערן אין איין וואָרט: „דערפאַרונג".

און „וואָס אָנגעהערט דער פאַרגאַנגענער דערפאַרונג", זאָגט ווייטער יום, „קאָן מען צוגעבן, אַז זי גיט אונדז דירעקטע און זיכערע אינפאָרמאַציע, אָבער נאָר וועגן יענע פּרעציזע קעגנשטאַנדן, און נאָר וועגן יענעם פּעריאָד פון צייט, וואָס די דערפאַרונג האָט געקאָנט פון זיי געוווּיר ווערן. פאַרוואָס אָבער זאָל די דאָזיקע דערפאַרונג אַרי־בערגעטראָגן ווערן אויף די צוקונפטיקע צייטן און אויף אַנדערע קעגנ־שטאַנדן, וואָס זיי, אויף ווי ווייט מיר וויסן, זיינען בלויז אין אויסזען אפשר געגליכן איינער צום אַנדערן? — דאָס איז די הויפּט־פראַגע, וואָס אויף איר וויל איך באַשטיין".

און דאָ גייט יום אַריבער צו קאָנקרעטע ביישפּילן: „דאָס ברויט, וואָס איך האָב פריער געגעסן, האָט מיך דערנערט: דאָס הייסט אַ קערפּער וואָס באַשטייט פון אַזעלכע עמפּינדלעכע קוואַליטעטן, איז צו יענער צייט געווען באַשאָנקען מיט אַזעלכע פאַרבאָרגענע כחות. איז דען אָבער דערפון געדרונגען אַז אַנדער ברויט מוז מיך דערנערן אויך צו אַן אַנדער צייט? מוזן דען די זעלביקע עמפּינדלעכע קוואַליטעטן שטענדיק באַגלייט ווערן פון די זעלביקע פאַרבאָרגענע כחות?" אויף דער דאָזיקער פראַגע ענטפערט יום קאַטעגאָריש: „די דאָזיקע קאָנ־סעקווענץ זעט אויף קיין פאַל ניט אויס צו זיין נויטווענדיק. אַמוויי־ניקסטנס, מוז עס אָנערקענט ווערן, אַז דאָ איז פאַראַן אַ קאָנסעקווענץ, וועלכע דער געדאַנק דרינגט אַרויס. דאָ ווערט אַ געוויסער שריט פאַר־גענומען; אַ פּראָצעס פון דענקען און אַן אויספיר, וואָס דאַרף דער־קלערט ווערן".

יום איז איבערצייגט, אַז דער גאַנצער גלויבן אין ווירקלעכער עקזיסטענץ נעמט זיך פון אַ געוויסן קעגנשטאַנד, וואָס שטייט פאַרן זכרון אָדער פאַר די חושים, און פון אַ געוויינהייטלעכער צוזאַמענטרעפונג צווישן דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד און אַן אַנדער קעגנשטאַנד. „נאָך דעם ווי איך האָב געפונען", שרייבט יום, „אין פילע פאַלן, אַז וועלכע עס איז צוויי מינים קעגנשטאַנדן — פלאַם און היץ, שניי און קעלט — זיינען געווען פאַראייניקט, ווערט מיין געדאַנק געפירט דורך געוויינהייט צו דערוואַרטן היץ און קעלט, ווען פלאַם און שניי ווערן פון דאָסניי פאַר מיינע חושים געבראַכט, און צו גלויבן, אַז אַזאַ קוואַליטעט עקזיסטירט ווירקלעך, און מ'דאַרף נאָר נאָענטער צוקומען, כדי די דאָזיקע קוואַליטעט צו אַנטדעקן".

אויף אַזאַ אופן, איז די גאַנצע נאַטור־געזעצמעסיקייט, וואָס האָט געזאָלט, ווי מיט רייפן אַרומנעמען דעם קאָסמאָס פון איין עק ביז דעם אַנדערן אויף אַלע צייטן און אויף אַלע דורות — צוריקגעפירט געוואָרן פון יום'ען צו אַזאַ שוואַך און אָנהאַלטסלאָז באַשעפעניש ווי געוויינהייט. די צוקונפט איז אַזוי אַרום געוואָרן פריי און אומבאַשטימט, און ניט מסוגל פאָראויסגעזאָגט צו ווערן פון גרעסטן חכם אַפילו, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן די דערשיינונגען פון נאַטור, און סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער טעטיקייט פון מענטש.

דער הילכיקער געשריי: "צוריק צו יום'ען!", וואָס האָט זיך אויף אַ ווײַלע געלאָזט הערן אין דער חקירה־ודרישה וועלט, האָט זיך גענומען דערפון, וואָס די אײַזערנע נויטווענדיקייט פון געזעץ און רעגלמעסיקייט, אונטער וועמענס יאָך די וויסנשאַפט האָט אַמאָל געהאַפט צו אונטערוואַרפן דעם גאַנצן קאָסמאָס, האָט אָנגעהויבן זיך בויגן אונטער דעם האַמער פון געזעצלאָזער פרייהייט. די לעבנס־לוסט און דער גייסט־דורשט, די וויטאַליטעט און די ספּיריטואַליטעט אין דעם מענטשן האָבן זיך נישט געלאָזט אויסשמידן אין רינגעלעך פון סבות־און־פועל־יוצאס. זיי האָבן נישט געוואָלט בויגן זייער קאָפּ פאַר דער לאָגישער נויטווענדיקייט און מאַטעמאַטישער אויסגערעכנטקייט.

דער מענטשלעכער גייסט האָט געפאָדערט פרייהייט פאַרן עצם תוך פון זיינע טאַטן און האַנדלונגען. די דאָזיקע עקשנות'דיקע פאָדערונג האָט געמוזט צערייסן די קייטן און ברעכן דעם יאָך פון רעגלמעסיקייט און געזעצמעסיקייט.

די דאָזיקע פאָדערונג איז געקומען צום אויסדרוק אין די ווער־

טער פון איטאַליענישן פילאָסאָף קראָטשע: „קיין האַנדלונג קאָן ניט זיין ווען עס איז אַ געצוווּנגענע. יעדע האַנדלונג איז פריי, ווייל דער גייסט איז פריי. עס מעג גאָר ניט זיין קיין האַנדלונג אין אַ געוויסן פאַל, אָבער אַ געצוווּנגענע האַנדלונג איז אומבאַגרייפלעך, מחמת דאָ איז אַ פראַגע פון טערמינען, וואָס שליסן זיך אויס איינער דעם אַנ־דערן".

די ליבע צו דער פרייהייט, אַלזאָ, האָט נישט געלאָזט זיך באַקעמפן דורך דער צופרידנקייט פון אָרדענונג. דער אינטערעס צום אומבאַשטימטן איז געוואָרן אַזוי שטאַרק ווי די ליבע צו דער זיכער־קייט. דער פאַרגעניגן, וואָס קאָנטראַסטן און וואַריאַציעס פאַרשאַפן, האָט אָנגעהויבן שטאַרק קאָנקורירן מיט דער צופרידנקייט וואָס מען האָט, ווען עס עפענען זיך האָריזאָנטן פון איינאַרטיקייט און ענלעכ־קייט. געעפנט האָט זיך ווידער אין זיין גאַנצער ברייטקייט און טיפקייט דער אייביקער תהום צווישן דעם רואיקן און געהאָרכזאַמען גשמיות און דעם שטורמישן און אויפרייסנדיקן רוחניות.

די נייע פילאָסאָפישע שטרעבונגען האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צו אַטאַקירן די איינגעפונדעוועטע זיילן פון דער וויסנשאַפט, ווי אויך דעם דעטערמיניזם, וועלכער איז איר ביז ניט לאַנג צוריק געווען אַזוי טייער. דער נייער פילאָסאָפישער געדאַנק האָט גענומען אונטערהאַקן די פליגלען פון דער וויסנשאַפט, וואָס אונטער איר שוץ האָט זי דער־וואַרט אַריינצונעמען די גאַנצע וועלט, און צוריקברייגען אַלץ אין איר צו פיזישע און כעמישע עלעמענטן. עס האָט זיך אויף־דאָס־ניי שטאַרק פאַנאַנדערגעפלאַקערט דער קאַמף צווישן דער פרייהייט, וואָס דער אינדעטערמעניזם זאָגט צו, און דער פרייהייט־באַגרענעצונג, וואָס גייט האַנט אין האַנט מיטן דעטערמעניזם.

רעדנדיק וועגן דעם איצטיקן סטאַטוס פון דער וויסנשאַפט, זאָגט דער אַמעריקאַנער פילאָסאָף דיואי: „אַנשטאָט אַ געשלאָסענער או־ניווערס, גיט אונדז איצט די וויסנשאַפט אַן אוניווערס, וואָס איז אומ־ענדלעך אין צייט און אין רוים. זי האָט נישט קיין גרענעצן און איז אַזוי אומענדלעך קאָמפּליצירט אין איר אינערלעכער סטרוקטור, ווי זי איז אומענדלעך אין איר גרויס. דערפאַר איז דאָס אויך אַן אָפענע וועלט, אַן אומענדלעך פיל־פאַרביקע. זי איז אַזוי פילפאַך און וויט־גרייכנדיק, אַז זי קאָן נישט אַרומנעמען און באַגריפן ווערן אין איין פאָרמול. ענדערונג ליבערשט איידער באַשטענדיקייט איז איצט די מאָס

פון „רעאַליטעט" אָדער ענערגיע פון זיין. די ענדערונג איז אַלקעגנ־וואַרטיק, די געזעצן, וואָס אין זיי איז פאַראינטערעסירט דער מאָדער־נער מענטש פון וויסנשאַפט, זיינען די געזעצן פון באַוועגונג".

דער דאָזיקער נייער בליק פון דער וויסנשאַפט אויף גאָטס וועלט, איז אין אַ גרויסן גראַד אַ פּועל־יוצא פון ברענענדיקן קאַמף אין דער פילאָסאָפיע צווישן דעטערמיניזם און אינדעטערמיניזם, צווישן נויט־ווענדיקייט און פרייהייט.

ג.

אויף דעם פונקט פון דעטערמעניזם האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן פאַרשידענע פילאָסאָפישע שיטות, אַפילו די, וואָס זיינען אין אַלע אַנ־דערע פרטים דער היפוך איינע פון דער אַנדערער. אין דער מעטאַ־פיזיק — אין דעם צווייג פון דער פילאָסאָפיע, וואָס גיט זיך אָפּ ספּעציעל מיט די פּראָבלעמען פון דעם מהות פונם קאָסמאָס, מיט פראַגן וואָס באַציען זיך צו הויפּטזעכלעך אויפן כאַראַקטער און צונויפשטעל פון אוניווערסאַלן זיין, איז אַזאַ פאַראייניקונג בנוגע דעם דעטער־מעניזם פאַרגעקומען צווישן דעם מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם.

די נפקא מינה איז בלויז די, וואָס בעת אַלע מאַטעריאַליסטן זיינען דעטערמעניסטן, אַזוי, אַז דער דעטערמעניזם איז אַן אָרגאַני־שער טייל פון דעם מטעריאַליזם, זיינען ניט אַלע אידעאַליסטן אין דער פילאָסאָפיע אינדעטערמיניסטן. דער דעטערמיניזם ווי דער אינדע־טערמיניזם זיינען דעריבער ניט קיין סימנים, וואָס דורך זיי זאָל זיך לאָזן דערקענען דער אידעאַליזם.

אַזוי איז דאָס אין דער מעטאַפיזיק.

און אין דעם טייל פון דער פילאָסאָפיע, וואָס פאָרשט דער עיקר די וועגן און מיטלען, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן דעם מענטשן אויף צו דערקענען אָדער צוצוקומען צו דעם מקור פון וועלטאַל — אין דעם דערקענטניש־טעאָרעטישן צווייג פון דער פילאָסאָפיע, האָבן אויף דעם געביט פון דעטערמעניזם זיך פאַראייניקט די עמפּיריקער און די אפּרי־אָריסטן. עס האָבן זיך פאַראייניקט די, וועלכע דענקען, אַז דער קוואַל פון מענטשלעכער דערקענטעניש, שלאָגט נאָר אין דער אויסווייניק־סטער וועלט, מיט די, וועלכע דענקען, אַז די מענטשלעכע דערקענטע־ניש שלאָגט אירע וואָרצלען אויך אין דער וועלט, וואָס איז אינוויי־ניק אין דעם מענטשן.

דאָס איז אַ געוויסע פּשרה אין דער פּראָבלעם פון ז י י ן און ווערן פון קאָסמאָס צווישן די עמפּירישע און אַפּריאָרישע שיטות אין דער פילאָסאָפיע.

יעדער איינער פון די שיטות גייט אַרויס פון אַן אַנדער שטאַנד־פּונקט און שליסט זיך אַן מחמת אירע אייגענע טעמים אַן איינעם און דעם זעלביקן דעטערמעניזם. זיי ביידן, אָבער, פאַראייניקט דער גלויבן, אַז די וועלט אין איר עצם איז אויסגעגאָסן געוואָרן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, און אַז די אַנטוויקלונג, אויף וויפיל זי איז פאַראַן, באַדייט נישט מער ווי אַן אַריבערגאַנג מכח אל הפועל, אַ פאַרוואַנדל פון פּאָטענציעלער איןווירקלעכער עקזיסטענץ.ביידע שיטות האָבן געקוקט אויף דעם גאַנצן עוואָלוציע־פּראָצעס ווי אויף אַ מין פאַרווירקלעכונג פון אידעאַלע מעגלעכקייטן אין רעאַלע געשעענישן. ממילא איז עס שוין אויסגעקומען, אַז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס ווערט געטריבן אומעטום פון איינע און דיזעלביקע כחות, לויט פּרינציפּן אָדער געזעצן וואָס זיינען באַשטימט מעולם ועד עולם.

אָט אָ די איינ־און־איינציקייט און די באַשטימטקייט זיינען זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן די סודות־זוכער פון דער נאַטור. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט פאַרן דעטערמיניזם, דערפאַר, ווייל ער האָט צוגעזאָגט אַ געוויסע מעגלעכקייט, ווען־עס־איז און ווי־עס־איז, צו געפינען דעם שליסל צו די טיפענישן פון דער נאַטור. מיט אין דריי פון דעם שליסל וואָלטן, ווי דורך אַ כשוף, זיך געעפנט איינס נאָך ס'אַנדערע פינצטערע קעמערלעך, און אויפן שטעל באַלויכטן געוואָרן פון די שטראַלן פון מענטשלעכן שכל. דער מענטש וואָלט אַזוי אַרום געוואָרן דער אייגנ־טימער פון אַן אַ שיעור און אָן אַ ערך פאַרבאָרגענע אוצרות.

דעם גרעסטן טריאומף האָט לעת עתה דער מענטשלעכער שכל דערגרייכט אויפן געביט פון מאַטעמאַטיק. די דאַזיקע וויסנשאַפט צייכנט זיך אויס פון אַלע אַנדערע מענטשלעכע קענטענישן, מיט איר קלאָרקייט און באַשטימטקייט, מיט איר געוויסהייט און פּינקטלעכקייט. די מאַטעמאַטיק האָט דעריבער אָנגעהויבן באַטראַכט ווערן פאַרן בעסטן געצייג, וואָס קאָן באַנוצט ווערן אין אַלע גריבלענישן פון די נאַטור־סודות. דער אידעאַל פון די וויסנשאַפטלער איז געוואָרן צו מאַטעמאַטיזירן די נאַטור, פאַנאַנדערלייגן זי אין איר גאַנצער טיף און ברייט, אין מאַטעמאַטישע פאָרמולעס. אין דער מעגלעכקייט אי־בערצוזעצן די איכות אין כמות, האָבן זיי געזען אַ לייזונג צו פילע פון

די איצטיקע פּראָבלעמען, וואָס ווערן באַטראַכט פאַר אומלייזבאַר. פון דער אויסגלייכונג צווישן בײדע וואָגשאָלן — קוואַליטעט און קוואַנטיטעט — האָבן זיי דערוואַרט אַן אויפלייזונג, אַ פאַנאַנדערשײלונג פון אַלע פאַרהוילענע רעטענישן, וואָס פּלאָגן דעם מענטשן מיט זייער פאַרבאָרגנקייט.

אָט דער דאָזיקער פּערספּעקטיוו פון אַרײנפירן די קלאָרע מאַטעמאַטיק אין אַלע קעמערלעך פון דער פּלאַנמעסיקער נאַטור, האָט געררייצט גאַלילעען, ווען ער האָט אויסגעשריען: „מעסט אַלץ, וואָס קאָן געמאָסטן ווערן, און מאַכט מעגלעך צו מעסטן אַלץ, וואָס מען דענקט אַז עס קאָן נישט געמאָסטן ווערן".

פון גאַלילעען אָן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער דער פאַרלאַנג, און עס האָבן זיך אַלץ געמערט די פּרוּוון צוריקצופירן אַלץ אין דער וועלט צו מאַטעמאַטיק און לאָגיק, דאָס הייסט צו אַלע די געביטן ווו קלאָרקייט און געוויסהייט הערשן, ווי מען האָט ביז איצט געדענקט, אומגעשטערט. יעדער נצחון אין דער דאָזיקער אַרט אונטערנעמונג, האָט געקרעפטיקט האָפנונגען און האָט פאַרגרעסערט דעם בטחון אין אַ גרינגדלעך און סיסטעמאַטיש וויסן, וואָס זאָל אַרומנעמען דעם קאָסמאָס פון אַלע עקן. עס האָט דאַרטן ניט געדאַרפט בלייבן קיין אין ניט באַלויכטן ווינקעלע, ווו וווּנדער זאָלן קאָנען געשען אויף אַן אומגעריכטן און דערשטוינענדיקן אופן. דאס אלץ אָבער קאָן נאר געמאלט זיין בתנאי, אַז דער דעטערמיניזם זאָל מנצח זיין אין דעם קאַמף מיט דעם אינ־דעטערמיניזם, וועלכער איז דער וואָרצל פון דעם פרייען ווילן געוויקס.

„די פרייהייט", שרייבט שפּינאָזא, „וועלכע מענטשן שרייבן איצט צו צו גאָט, וועט צוריקגעוויזן ווערן נישט נאָר דערפאַר וואָס דאָס איז אַ נאַאיוועך געדאַנק, נאָר אויך דערפאַר, ווייל אַזאַ געדאַנק איז אַ שטער צו אַ סיסטעמאַטישן וויסן". און שפּינאָזאָס לערע, וועלכע ווערט עד היום באַטראַכט פון אייניקע פאַר אַ מוסטער פון דעטערמיניזם, האָט ווירקלעך געוועקט און גערעגט דאָס וויסנשאַפטלעכע פאָרשן פאַר יאָרן און יאָרן.

## צווייטער קאַפּיטל

אין גאָר די ערשטע צייטן פון איר פאַנאַנדערבליונג, זיינען פאַר דער וויסנשאַפט געווען פון גרויס וויכטיקייט און פול מיט אָנרעגונג

שפינאָזאָס באַהויפּטונגען וועגן דער אוניווערסאַלער געזעצמעסיקייט. אויף אייניקע פון אַזעלכע באַהויפּטונגען שטויסן מיר זיך אַן נאָך אין זיין ניט שטרענג פילאָסאָפיש ווערק „דער טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט".

אין דעם דאָזיקן ווערק דערקלערט שפּינאָזאַ: „1) קיין שום זאַך געשעט אין דער נאַטור, וואָס זאָל זיין להיפּוך צו אירע אוניווערסאַלע געזעצן. 2) די נאַטור היט שטענדיק אָפּ די געזעצן און רעגלען, וועלכע שליסן אין זיך איין אַן אייביקע נויטווענדיקייט און וואָרהאַפטיקייט, און זי האָלט אָן דעריבער אַ פעסטן און אומפאַרענדערלעכן סדר. 3) די קראַפט און מאַכט פון דער נאַטור זיינען די קראַפט און מאַכט פון גאָט גופא. אירע געזעצן און רעגלען זיינען די דעקרעטן פון גאָט גופא. איר מאַכט איז אומענדלעך. אירע געזעצן זיינען אַזוי ברייט, אַז זיי נעמען אַרום אַלץ וואָס קאָן פון געטלעכן אינטעלעקט גופא באַנומען ווערן".

פון די דאָזיקע קאַטעגאָרישע דערקלערונגען זעט אויס ווי שפּי־נאָזאָס סיסטעם וואָלט איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַטור־גע־זעצן די נשמה, אַזוי גוט ווי דעם גוף, דאָס וואָס לעבט און אָטעמט, אַזוי גוט ווי דאָס וואָס דער רוח־החיים האָט פון דעם קיינמאָל ניט גע־שלאָגן אויף אַן אַנזעעוודיקן אופן; און ווו נאָך פילט זיך דען די וויסנ־שאַפט אַזוי תקיף'דיק ווי דאָרט, ווו מען איז זיכער, אַז זאַכן גייען אַן על פי געזעץ, על פי חשבון און על פי שכל, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ דעטערמינירטער מאַניסטישער וועלט?

נאָך מער ווי דער „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט" האָט שפּינאָזאָס שטרענג און טיף פילאָסאָפיש ווערק — די „עטיק" צוגע־געבן גאָר אַ סך מוט און קוראַזש דער וויסנשאַפט אין אירע פאָרשונגען סיי פון מאַטעריע, סיי פון גייסט, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס צ ו ו י ש ן   ד י   ש ו ר ו ת אין דער „עטיק" קאָן אַרויסגעליי־ענט ווערן אַ היפּש ביסל אינדעטערמיניזם.

אַ דעטערמיניזם אָבער, וואָס קאָן ניט אָפּגעלייקנט ווערן, און וואָס איז איינער פון די שטאַרקסטע זיילן פון שפּינאָזאַ'ס פילאָסאָ־פישן בנין, געפינט אויסדרוק אין די פאָלגנדיקע זאַצן וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער „עטיק":

1) אַלע זאַכן זיינען פאָראויסבאַשטימט דורך אוניווער־סאַלע נאַטור־געזעצן צו עקזיסטירן און צו אָפּערירן אויף אַ

געגעבענעם באַשטימטן און פּינקטלעכן אופן. 2) אין דער נאַ־
טור געפינען מיר איינעם און דעם זעלביקן סדר, איינע און די
זעלביקע קייט פון אורזאַכן, אַלץ איינס צי באַטראַכטן מיר זי
לויט דעם אַטריבוט פון אויסגעשפּרייטקייט, צי לויט דעם אַט־
ריבוט פון דענקען, אָדער לויט וועלכן עס איז אַנדערן אַטריבוט.
3) קיין זאַך געשעט ניט אין דער נאַטור, וואָס זאָל קאָנען פאַ־
רעכנט ווערן פאַר אירן אַ חסרון, מחמת די נאַטור איז תמיד די
זעלביקע, דאָס הייסט, די געזעצן און רעגלען פון דער נאַטור,
לויט וועלכע אַלץ געשעט, און דורך וועלכע איין פאָרם ווערט
פאַרוואַנדלט אין אַן אַנדערער, זיינען איבעראַל און באַשטענדיק
די זעלביקע. עס מוז דעריבער אויך זיין איינער און דער זעל־
ביקער אופן פון פאַרשטיין די נאַטור פון וועלכער עס איז זאַך,
נעמלעך, דורך די געזעצן און רעגלען פון דער נאַטור. די נשמה־
באַוועגונגען פון האַס, צאָרן, קנאה און אַזוי ווייטער, ווען זיי
ווערן אין זיך גופא באַטראַכט, פאָלגן אויף אַזאַ אופן פון דער
זעלביקער נויטווענדיקייט און קראַפט פון דער נאַטור, ווי אַלע
איבעריקע איינצלנע זאַכן. זיי אַנטשפּרעכן געוויסע באַשטימטע
אורזאַכן, דורך וועלכע זיי ווערן פאַרשטאַנען. זיי פאַרמאָגן
געוויסע אייגנשאַפטן, וואָס זיינען ווערט, אַז מען זאָל זיי וויסן,
אַזוי גוט ווי אייגנשאַפטן פון וועלכער עס איז אַנדער זאַך, וואָס
די באַטראַכטונג גופא פון זיי פאַרשאַפט אונדז תענוג. איך וועל
אַלזאָ באַהאַנדלען די נאַטור און די קראַפט פון די עמאָציעס על
פּי דער זעלביקער מעטאָדע, וואָס איך האָב אָנגעווענדעט פריער
אין מיינע אונטערזוכונגען וועגן גאָט און גייסט. איך וועל באַ־
טראַכטן מענטשלעכע האַנדלונגען און באַשטרעבונגען פּונקט
אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ פראַגע פון ליניעס, פלאַכן און
קערפּער".

ליניעס, פלאַכן און קערפּערס זיינען געאָמעטרישע קאָנסטרוק־
ציעס. און דערפאַר איז שפּינאָזאָס „עטיק" פון אָנהויב ביזן סוף אויס־
געשטעלט ווי אַ געאָמעטריש ווערק אין דעפיניציעס, אַקסיאָמען,
גרונטזאַצן און שלוסזאַצן.

„די געאָמעטריע — זאָגט דזשיימס מאַרטינאָ — איז פאַר שפּי־
נאָזאָן אַן אַבסאָלוטער אמת, וועלכער שטעלט איין געזעצן פאַרן גאַנצן
גייסט, אומענדלעכן אָדער ענדלעכן. די גלויבלעכקייט פון אירע אַר־

גומענטאַציעס דריקט אויס אייביקע פאַרבינדונגען אין דער רעאַלער עקזיסטענץ: זי דערציילט וועגן זאַכן, וואָס זיינען ניט נאָר פאַראַן בלויז, נאָר וואָס מ ו ז ן ז י י ן. עטיק ווערט אויף אַזאַ אופן אַ לערע נישט מער שוין פון דעם וואָס מיר דאַרפן זיין, נאָר פון דעם וואָס מיר ו ו ע ל ן ז י י ן אונטער באַשטימטבאַרע באַדינ־גונגען".

ווען מען נעמט אָן דידאַזיקע פאַראויסבאַשטימטקייט און די מעג־לעכקייט אויסצודריקן זי, ווי זי שטייט און גייט, אין מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, קאָן מען לייכט איינזען, פאַרוואָס דער דאָזיקער דעטער־מיניזם ווערט באַטראַכט פאַרן עקסטרעמסטן פון אַלע ט ע ל ע אָ ל אָ־ג י ש ־ ל אָ ג י ש ע דעטערמיניזמען, הגם שפינאָזאַ אַליין איז נישט געווען קיין טעלעאָלאָג.

דער טעלעאָלאָגישער דעטערמיניזם ווערט דאָ אונטערשטראָכן לגבי דעם אַנדערן זייער פאַרשפרייטן דעטערמיניזם — דעם מעכאַ־נישן דעטערמיניזם, וועלכער איז ביז ניט לאַנג צוריק געווען דער אמת'ער ליבלינג פון דער וויסנשאַפט.

ב.

דער טעלעאָלאָגישער דעטערמיניזם ווערט פאַרטיידיקט פון אַ סך אידעאַליסטישע פילאָסאָפן. דאָס זיינען פילאָסאָפן, וועלכע שטעלן אַוועק אַן איבערמענטשלעכע אינטעליגענץ אין אָנהייב און אינעם צענ־טער פון דער וועלט־אָרדענונג. דידאָזיקע אינטעליגענץ פירט עס די וועלט לויט אַ פּלאַן, וואָס איז באַשטימט פון אייביק אָן מיט דער גרעסטער פולקומענהייט. דידאָזיקע אינטעליגענץ מוז אין אונדזער באַנעם וועגן איר, אידענטיפיצירט ווערן מיט דער אַבסאָלוטער פול־קומענהייט גופא. דער פּלאַן, לויט וועלכן די וועלט און אַלץ אין איר ווערט געפירט, און וועלכער איז אַן אַבסאָלוט פולקומענער און אַ באַ־שטימטער פון אייביק אָן, קריגט זיין באַשטימונג דורך סיבות, וועל־כע ליגן אינעווייניק אין דער העכסטער אינטעליגענץ, און ניט אויסנ־ווייניק פון איר. די פּאַסירונגען אין דער וועלט קומען דעריבער פאָר, נישט נאָר געזעצמעסיק, נאָר אויך צוועקמעסיק און ציל־באַוווסט. זיי קומען פאָר טעלעאָלאָגיש, און דאַרפן דערפאַר איבערגעגעבן ווערן אין רשות פון דער טעלעאָלאָגיע — דער לערע וועגן די צוועקן און פּלענער, צוליב וועלכע און לויט וועלכע זאַכן זיינען געשאַפן געוואָרן.

אַזעלכע טעלעאָלאָגישע דעטערמיניסטן האָט עס אינזינען געהאַט דער רמב"ם, ווען ער האָט געשריבן אין „מורה נבוכים", אַז לויט דער דאָזיקער טעאָריע איז ניט פאַראַן קיין זאַך אין גאַנצן אוניווערס, ניט אין דעם כלל און ניט אין דעם פרט, וואָס זאָל פּאַרקומען על פּי צופאַל. אַלץ איז אַ פּועל יוצא פון רצון, כונה און רעגל.

דער רמב"ם אַליין, ווידער, האָט באַפרייט פון גאָטס אוממיטל־באַרער השגחה, פון דער השגחה פרטית, אַלץ און אַלעס אין דער וועלט, וואָס ווייזט ניט אַרויס קיין אינטעליגענץ אָדער פאַרנונפט. ער האָט אָבער אין דער זעלביקער צייט אָוועקגעשטעלט אונטער דער שטרענג־סטער און אוממיטלבאַרסטער השגחה, אַן השגחה פרטית שבפרטית, איבער אַלץ, וואָס פאַרמאָגט פאַרשטאַנד און פאַרנונפט. מענטש, וועל־כער איז אַ פאַרשטענדלעכער און פאַרנונפטיקער ועזן — פון אים נעמט גאָט קיינמאָל ניט אַראָפּ זיין אַלץ זעעוודיק אויג.

לויטן רמב"ם קומט אויס, אַז דער באַשאַף פון דער וועלט, צו־ליב טעמים און צוועקן, וואָס מיר קאָנען ניט משיג זיין, איז לכתחילה אַזוי איינגעשטעלט געוואָרן, אַז עס זאָל פּאַסירן ניט נאָר דאָס וואָס זעט אויס נאַטירלעך צו אונדז, נאָר אויך דאָס איבערנאַטירלעכע. אַלץ וואָס איז געשען אָדער, וואָס וועט געשען, סיי על פּי נס, סיי על פּי דרך הטבע, איז פאַראויסבאַשטימט און פאַראויסגעזען געוואָרן פון פולקומענעם, אַלץ־ווייסנדיקן, אַלץ־זעעוודיקן, און אַלץ־פאַראויסזע־ענדיקן וועזן, וואָס מיר רופן אָן גאָט.

אין דער שטה פון רמב"ם טרעט בולט אַרויס סיי די טעלעאָלאָ־גיע, סיי דער דעטערמיניזם, סיי, הייסט עס, די ציל־און־צוועק־באַ־וווסטקייט, וועלכע ליגט אַ פאַרבאָרגענע פון מענטשן אין די איינגע־ווייידן פון וועלט־באַשאַף; סיי די פאַראויסבאַשטימטקייט, אין וועלכער וועלט און מענטש וויקלען זיך פאַנאַנדער דורך אַלערליי אָנשטרענ־גונגען מיט וועלכער דער באַשאַפער האָט זיי אָנגעלאָדן, און וועלכע זיינען דעריבער פאַר אים נישט ניי און אומדערוואַרטעט.

דער ווידערשפרוך צווישן גאָטס פולקאָמענהייט און דעם מענטשנס פרייהייט, פאַרענטפערט דער רמב"ם מיט דער אומדער־קענטבאַרקייט און אומדערקלערבאַרקייט פון גאָטס מהות; מיט גאָטס אַבסאָלוטער אַנדערשקייט פון מענטש, און דעם מענטשנס אַבסאָלו־טער אומוויסנהייט בנוגע גאָטס דרכים און כונות. אין גאָטס טראַנס־צעדענטאַליזם און אין דעם מענטשנס אַגנאָסטיציזם לייזן זיך אויף

אַלע אַנדערע לאָגישע ווידערשפּרוכן, איינשליסנדיק אויך די ווידער־שפּרוכן צווישן דעם קאָסמישן פּרעדעטערמיניזם און מענטשלעכן ווילן.

דער מענטש דאַרף זיך ניט רעכענען מיטן ווידערשפּרוך צווישן דעטערמיניזם און פרייען ווילן דערפאַר, ווייל גאָטס וויסן, גאָטס ווילן און גאָטס פולקומענהייט קאָן אויף אַן אומדערקלערבאַרן אופן לאָזן אָרט פאַר דער פרייהייט פון מענטשלעכן ווילן.

ווי ווייניק שפּינאָזאַ האָט געקאָנט פאַרטראָגן דעם אַנטראָפּאָ־מאָרפיזם, דאָס אַריבערטראָגן מענטשלעכע אייגנשאַפטן אויף גאָט, האָט ער אָבער נאָך ווייניקער געקאָנט דולדן דעם טראַנסצענדענטאַליזם, דאָס אָוועקשטעלן גאָט איבער און מחוץ פון מענטשן. גאָטס אימאַ־נענץ איז דאַריבער איינע פון די גרונטיקסטע אידעען פון שפּינאָזאַס פילאָסאָפישן סיסטעם. ער האָט זיך מער פאַר אַלע אַנדערע פילאָסאָפן איינגעשטעלט פאַרן געדאַנק, אַז גאָט איז אין דער וועלט, און די וועלט און אַלץ אין איר — דער גאַנצער קאָסמאָס — איז אין גאָט. קעגן דעם פאַרזוך פון צוצושרייבן צילן און צוועקן צו גאָט, איז שפּי־נאָזאַ דערפאַר, ווייל ער ווייסט, אַז אַזאַ פאַרזוך פירט אויף אַ נויט־ווענדיקן אופן צו דעם, אַז אַ מענטשלעכע ציל־באַוווסטקייט און צוועק־מעסיקייט זאָל אַריבערגעטראָגן ווערן אויף גאָט. אַ מענטשלעך־גע־שטאַלטיקטע געטלעכקייט מאַכט אוממעגלעך צוצושרייבן צו גאָט אַן אַבסאָלוטע פולקומענהייט, וועלכע איז פון שפּינאָזאַס שטאַנדפּונקט דער סינע קווא נאָן פון דער געטלעכקייט.

אויף אַזוי פיל אָבער וויפיל שפּינאָזאַ האָט אַנערקענט ג ע ד אַ נ ק ווי איינעם פון די אַן אַ צאָל גאָטס אַטריבוטן, אויף אַזוי פיל האָט ער שוין אוממעגלעך געמאַכט פאַר אונדז אויסצומאָלן זיך די געטלעכ־קייט אַנדערש ווי אַ באַוווסטזיינס־געשטאַלט. דאָס דאָזיקע באַוווסטזיין, ווידער, קאָן נישט זיין פון קיין אַנדער קוואַליטעט ווי דאָס באַוווסט־זיין, וואָס דער מענטש ווייסט פון אים — אַז נישט וואָלטן די באַ־גריפן גאָט און געטלעכקייט קיין זאַך ניט געמיינט פאַר אונדז. דער אידעאַליסטישער דעטערמיניזם מ ו ז, אַזוי אַרום, אין אַזאַ אָדער אַן אַנדער זין, ז י י ן אַ ט ע ל ע אָ ל אָ ג י ש ע ר.

## ג.

דער אידעאַליסטישער וועלט־באַנעם באַטייט, אַז עס איז פאַראַן ערגעץ ווו אַן אויג, וואָס קוקט. דער דעטערמיניסט פון אידעאַליסטישן

שניט באַשטייט בלויז אויף דעם, אַז פון דעם קוק פון דעם דאָזיקן אויג קאָן זיך קיינער נישט אַרויסדרייען. אַלע מענטשלעכע קוקן און בליקן זיינען אין אַלע איינצעלהייטן באַשטימט אָדער פאָראויסבאַשטימט פון דעם פולקומען, אַלמעכטיקן, אייביקן און אומענדלעכן גאָט. דאָס לאָגישע אויג פון דער השגחה ווערט אויף קיין איין הרף־עין ניט אַראָפּגענומען פון קיין איינאונאיינציקער זאַך אין דער וועלט. פון דער דאָזיקער אָריגינעלער לאָגיק, וועלכע איז איינגעוואָרצלט אין דער אוניווערסאַלער אינטעליגענץ, נעמט זיך די מאַטעמאַטישע פּינקטלעכקייט און די געזעצמעסיקע נויטווענדיקייט.

דאָס איז, אין די ברייטסטע שטריכן זיינע, דער טעלעאָלאָגישער דעטערמיניזם, וועלכער ווערט פאַרטיידיקט פון די אידעאַליסטן אין דער פילאָסאָפיע.

אין דעם מעכאַנישן דעטערמיניזם האַלטן זיך שטאָל און אייזן אַלע מאַטעריאַליסטן. אין דער קאַטעגאָריע פון אַזעלכע מאַטעריאַליסטן גייען אַריין די פילאָסאָפן וואָס גלויבן, אַז דאָס העכסטע און פילפאַכסטע אין דער נאַטור קאָן צוריקגעפירט ווערן צום נידעריקסטן און פשוטסטן. דאָס נידעריקסטע און איינפאַכסטע, ווידער, איז ניט מחויב צו זיין דוקא מאַטעריע, דוקא נאָר אַזעלכעס, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין ברעקל רוחניות. פאַר זייער שטאַנדפונקט איז בלויז וויכטיק, אַז די כחות, וועלכע טרייבן די וועלט־אַנטוויקלונג, זאָלן ליגן אינעם איינפאַכן און עלעמענטאַרן און נישט אינעם העכסטן און פילפאַכיקסטן. עס איז שוין זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ הויכער קעגנשטאַנד ווי לאָגיק, קאָן נישט זיין דער עיקר תמצית פון אַזעלכע עלעמענטאַרע כחות. לאָגיק, ווי מאַטעמאַטיק, ווערן נאָר דאָס געצייג, וואָס דורך דעם דעקן מיר אויף די רעגלמעסיקייט, מיט וועלכער די כחות אַרבעטן. צו דער דאָזיקער רעגלמעסיקייט, אָבער, קאָן לאָגיק אַזוי ווייניק צוגעשריבן ווערן, ווי ווייניק רחמנות־געפילן, למשל, קאָנען צוגעשריבן ווערן צו די נאַטור־כחות.

וואָס ווייטער דער גייסט אָדער דאָס גייסטיקע ווערט אָפּגערוקט פון מיטלפונקט פון וועלט־באַשאַף, אַלץ שטאַנדהאַפטיקער טרעט אַרויס אין אונדזער בליק אויף דער וועלט די נויטווענדיקייט, וואָס פירט צו דער פאַסירונג פון זאַכן און צום פאַרקומען פון געשעענישן. ווען מען טראַכט נישט וועגן אַ נשמה, וואָס צאַפּלט זיך, ווערט אַ סך לייכטער צו באַגרייפן אַ שטרענגע געזעצלעכקייט, וואָס דורך איר

ווערן פּאַסירונגען און פּאַרקומענישן רעגולירט אַן דעם מינדסטן אויס־נאַם און מיט אַן אַבסאָלוטער אומפאַרמיידלעכקייט. ווי אומדערבאַ־רעמדיק אָבער די לאָגיק זאָל ניט זיין, איז זי דאָך עפּעס פּאַרט אַ רוחניותדיק באַשעפעניש, און קלערט מען וועגן רוח, גלויבט זיך קוים, אַז ער זאָל זיין אַ גזלן, און זיכער ניט אַזאַ גזלן ווי דער גשם. דערפאַר האָט טאַקע דער טעלעאָלאָגישער אָדער לאָגישער דעטערמיניזם, אין זיין שאַרפסטער פאָרם ניט געקאָנט זיין אַזוי אויסגעהאַלטן ווי דער מעכאַניסטישער.

דעם מענטשנס ווילן איז געשטאַנען אַלע אידעאַליסטישע פּי־לאָסאָפן ווי אַ ביין אין האַלדז, וואָס אים האָבן זיי ניט געקאָנט ניט אַראָפּשלינגען און ניט צוריקגעבן. גאָט האָבן זיי זיך ניט געקאָנט פאָרשטעלן אַנדערש ווי אַ פולקומען וועזן. אַבסאָלוטע פולקומענהייט מוז באַדייטן אַן אַבסאָלוט געשלאָסענע וועלט, אַ פּאַרטיקע אין אירע אינערלעכסטע אינערלעכקייטן. ענדערונגען זיינען אין איר ניט מעג־לעך — ווייל ענדערונג מוז באַדייטן אומפולקומענהייט. אין אַ וועלט, ווידער, וואו ו ו ע ר ן אָדער אַ נ ט ו ו י ק ל ו נ ג איז בלויז אַן אילוזיע, אין אַ וועלט וואָס אין איר זיינען אַלע געשעעענישן און ווע־רענישן פּ אַ ר א ו י ס ב אַ ש ט י מ ט, מוז אויך דעם מענטשנס ווילן זיין בלויז אַן אילוזיע, און זיין פרייהייט אַן אויסטראַכטעניש.

דער מענטש איז אָבער אַזוי שטאַרק באַוווסט אויף דער ממשות־דיקייט פון זיין ווילן, ער פילט אין זיינע טיפסטע טיפענישן אַזוי קאָנקרעט דעם זשעסט פון פרייהייט, אַז קיינע אַבסטראַקציעס קאָנען אים ניט מאַכן צו דענקען וועגן זיך ווי וועגן אַ פייגעלע אין אַ שטייגל, אָדער ווי וועגן אַ מאַלפּע אויף אַ שטריקל.

די אוממעגלעכקייט אַריבערצוּוואַרפן אַ בריק איבער דעם תהום צווישן דעם דעטערמיניזם פון אַ גרויסן גייסט, וואָס הייסט גאָט, און דעם פרייהייטס־געפיל פון קליינעם גייסט, וואָס הייסט מענטש, האָט אויף דעם שטאַרקסטן אופן דערשפּירט דעקאַרט — דער פאָטער פון דער מאָדערנער פילאָסאָפיע. ער שעמט זיך ניט מודה צו זיין, אַז מיר האָבן דאָ אַן אַנטינאָמיע, אַ פראַגע הייסט עס, וואָס דער יאָ־און־ניין־ענטפער אויף איר, וואַרפט אונדז אַריין אין אַ גלייך־אויף־גלייכע שווע־ריקייטן.

„אַז אונדזער ווילן", זאָגט דעקאַרט, „איז פריי און אַז מיר קאָ־נען פרייוויליק יאָ אָדער נ י ט צושטימען צו פילע זאַכן, איז אַזוי

קלאָר, אַז דער דאָזיקער אמת דאַרף פאַררעכנט ווערן צווישן די ער־שטע און געמיינשאַפטלעכסטע פון די אַלע אין אונדז איינגעבוירענע באַגריפן".

די שפּירונג, הייסט עס, פון אַ פרייען ווילן אין די טיפענישן פון אונדזער נשמה איז אַן אינטואיטיווער באַנעם, וואָס קאָן פון קיין לאָגיק און פון קיינע פּלפּולים אונטערדריקט אָדער צוריקגעוויזן ווערן.

איז אָבער, לויט דעקארטן, גאָטס פולקומהייט און איר כח פאַר־אויסצובאַשטימען דער וועלטס צוקונפט — אַן אַקסיאָמע, וואָס קאָן ניט אָפּגעפרעגט ווערן.

דאָס וואָס מיר וויסן וועגן גאָט, — טענהט דעקארט, — פאַר־זיכערט אונדז, אַז זיין מאַכט איז אַזוי גרויס, אַז עס וואָלט געווען אַן אומרעכט צו דענקען, אַז מיר קאָנען בכלל עפּעס טאָן אַליין אַזויבס, וואָס ער האָט פון פאַראויס ניט בשטימט.

דער איינציקער וועג, — זאָגט אונדז ווידער דעקארט, — ווי זיך צו באַפרייען פון די דאָזיקע שוועריקייטן, איז צו אַנערקענען, אַז גאָט איז אַזוי גרויס, אַז מיר קאָנען זיינע דרכים ניט וויסן, און אַז עס ליגט דאריבער ניט אין די גרענעצן פון אונדזער גייסט צו באַ־גרייפן ווי אַזוי דער דאָזיקער גרויסער גאָט האָט געקאָנט מאַכן, אַז אַלץ זאָל זיין פאַראויס באַשטימט, און אין דער אייגענער צייט זאָל דער מענטש האָבן אַ פרייען ווילן.

ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דער ענטפער „איך ווייס ניט" האָט נאָך קיינעם ניט באַפרייט פון שוועריקייטן. און ווען מיר לייענען אין דעקאַרטס „פרינציפן פון דער פילאָסאָפיע", אַז מיר מוזן אַנער־קענען פרייען ווילן ווייל עס וואָלט געווען אַן אבסורד צו צווייפלען אין דעם, אויף וואָס מיר זיינען ביז גאָר באַוווסט נאָר דערפאַר, וואָס מיר פאַרשטייען ניט אַן אַנדער זאַך, (דאָס הייסט, גאָט), וועלכע לויט איר נאַטור נאָך מוז בלייבן פאַר אונדז אומבאַגרייפלעך, שטעלט זיך אונדז די פראַגע: איז עס דען ניט נאָך אַ פיל גרעסערער אַבסורד צו זיין זיכער, אַז די זאַך (גאָט) וועלכע לויט איר נאַטור נאָך מוז בלייבן פאַר אונדז אומבאַגרייפלעך, איז אַבסאָלוט פולקום, און דער גאַנצער קאָסמאָס איז דערפאַר פאַראויסבאַשטימט?

עס איז אומעמעגלעך, אַלזאָ, זיך אַרויסצודרייען פון די צוויי אַבסורדן אויף אַ לאָגישן אופן. די אַנטינאָמיע צווישן מענטשנס פרייען ווילן און גאָטס אַבסאָלוטער פולקומענהייט בלייבט אַנטינאָמיע. דער

ווידערשפּרוך לאָזט זיך ניט פאַרענטפערן. ער קאָן בשום אופן ניט אויפגעלייזט ווערן.

ווי מיט דעקאַרטן, אַזוי איז אויך מיט דעם פילאָסאָף לייבניץ. אויך ער וויל זיך ניט אָפּזאָגן פון דעטערמיניזם, וואָס מוז גיין האַנט אין האַנט מיט דער פולקומענהייט, אָן וועלכער ער קאָן זיך גאָט ניט פאָרשטעלן. אויך ער קאָן זיך נישט העלפן צו זען קלאָר, אַז אונטער דעם דעטערמיניזם „בלייבט קיין אָרט נישט פאַר דער מענטשלעכער פרייהייט, און אַנשטאָט איר, בלייבט אַן אַבסאָלוטע פאַטאַליטעט, וואָס הערשט איבער אונדזערע האַנדלונגען אַזוי גוט ווי איבער אַלע גע־שעענישן פון דער גאַרער וועלט". אויך ער קאָן זיך נישט העלפן צו פילן, אַז ווו פרייהייט איז נישטאָ, דאָרט איז מענטש ניט שייך.

אויף דעם „אַנטוועדער־אָדער", ד. ה. אָדער אַן אַבסאָלוט פ ו ל ־ ק ו מ ע נ ע ר גאָט און אַ מענטש אַן אויטאָמאַט, אָדער פאַרקערט — אַ פרייער מענטש און נ י ט ק י י ן פ ו ל ק ו מ ע ר ג אָ ט — אויף דעם דאָזיקן, אַזוי צו זאָגן, צושפּאַר צו דער וואַנט — ענטפערט לייבניץ מיט אַ פּשרה פון חצי שלי וחצי שלך. דער מענטש ווערט ביי אים אַ שטיקל גאָט, און גאָט ווערט ביי אים אַ ברעקעלע מענטש. גאָט איז דער גרויסער גייסט צווישן די מיליאָנען קליינינקע גיי־סטערלעך, וואָס הייסן מענטשן. אַלס אַזעלכער שטייט ער בראש פון דער גייסטער־געזעלשאַפט. אין דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע, האָט יע־דער אונטערטאַן געוויסע מעגלעכקייטן אויסצוקלייבן אייניקע האַנד־לונגען, וואָס דער קייסער קאָן פאָראויסזען און זיין זיכער, אַז אַזעלכע האַנדלונגען קאָנען פאָרקומען, ער קאָן זיי אָבער נישט פאָראויס באַ־שטימען אויף אַ בויטוועדיקן אופן. אַזוי איז אויך מיט גאָט דעם מאָנאַרך־גייסט און די מענטשן — גייסטער־אונטערטאַנען.

„בלויז גייסטער", זאָגט לייבניץ, „זיינען געמאַכט אין גאָטס גע־שטאַלט. זיי זיינען פון זיין בלוט, אָדער ווי קינדער אין דער פאַמיליע, ווייל נאָר זיי אַליין זיינען ביכולת אים צו דינען מיט אַ פרייען ווילן, און צו האַנדלען באַוווסטזיניק, נאָכמאַכנדיק די געטלעכע נאַטור. מען קאָן זאָגן, אַז באַשאַפענע גייסטער אונטערשיידן זיך פון גאָט נאָר אין גראַד, נאָר ווי דאָס ענדלעכע אונטערשיידט זיך פון דעם אומענדלעכן".

ווי אַזוי אָבער עס קאָן געמאָלט זיין אַ גאָט, אַן אַבסאָלוט און פולקום וועזן, אַריינגעזעצט צווישן געטלעך, וואָס אויב זיי מיינען עפּעס בכלל, מיינען זיי וועזנס, וואָס מיט זייער ווילן און באַנעם, מוז מען זיך

רעכענען? ווי אַזוי די דאָזיקע געטעלעך קאָנען טוןביידע זאַכן: אי דינען גאָט, אי האָבן אַ פרייען ווילן? ווי אַזוי אַ געטעלע קאָן זיך רעגירן פונקט אַזוי ווי גאָט טוט עס, און אין דער זעלביקער צייט שטיין אינגאַנצן אונטער דער השפעה פון אַ גאָט, וואָס האָט אויף אייביק־אָן פאַראויסגעשטעלט די האַרמאָניע פון גאַנצן קאָסמאָס — אַריינרעכענעדיק שוין אויך די געטעלעך, גאָט׳ס קינדערלעך — די מענטשן? ווי אַזוי אַן אַלמעכטיקער גאָט „אַן אוניווערסאַלער אויטאָר פון וועזנס״, קאָן בלויז אין גראַדן זיך אונטערשיידן פון דעם שוואַכינקן מענטשעלע, וועמען ער, מיט זיין אַבסאָלוטן ווילן און פאַראויסזען, האָט באַשאַפן — וואָס דאָס מיינט אייגנטלעך דאָס זעלביקע ווי צו פרעגן: איז טאַקע בלויז אַ מדרגה׳דיקער אונטערשיד פאַראַן צווישן דעם באַשאַפענעם ענדלעכן וועזן און דעם אומענדלעכן באַשאַפער פון וועזנס? קאָן ווירקלעך אויף וועלכן עס איז אופן אַפגעווישט ווערן דער אַפגרונט צווישן דעם אומענדלעכן און ענדלעכן? איז דאָס ניט אמת, אַז ווען מען רינגלט אַרום אַ גאָט מיט געטעלעך — אַן אומענדלעכקייט מיט אַ קייט פון ענדלעכקייט — שניידן מיר גלייך אָפּ ווי מיט אַ שווערער שער גאָט׳ס פליגלען פון אייביקייט און פולקומענהייט? און ווערט דען ניט דורך דעם אין דער גאָט־געטעלעך שייכות, אַריינגעפירט אַן אָפּשוואַכונג אין אַלע גלידער פון אַלע גאָט׳ס אייגנשאַפטן, פאַר וועלכע לייבניץ שטעלט זיך אַזוי שטאַרק איין? — אויף אָט די אַלע פראַגן געפינען מיר נישט ביי לייבניצן קיין שום ענטפער. דעריבער הינקט טאַקע ביי אים, פונקט ווי ביי דעקאַרטן, אויף ביידע פיס די אויסגעהאַלטנקייט צווישן דער אַבסאָלוטהייט און פולקומהייט פון גאָט פון איין זייט, און דער פרייהייט פון ווילן ביי דעם מענטשן פון דער צווייטער זייט.

נישט אַ האָר מער אויסגעהאַלטן איז דער טעלעאָלאָגישער דעטערמעניזם פון ענגלישן דענקער בערקלי — דעם מחבר פון דעם עמפּירישן אָדער אָביעקטיוון אידעאַליזם אין דער פילאָסאָפיע.

די גאַנצע אויסנווייניקסטע וועלט, וואָס דער געוויינטלעכער מענטשלעכער פאַרשטאַנד מאָלט זי זיך ווי אַ ממשותדיקס, גשמיותדיקס עפּעס, וואָס געפינט זיך מחוץ פון די חושים — אָט־אָ די גאַנצע דרויסנדיקע מאַטעריעלע עקזיסטענץ — זעצט בערקלי אַריין אין דעם גייסט פון גאָט. אַנשטאָט אַ וועלט פון מאַטעריע, וועלכע איז געווען אומאָפּהענגיק פון אַלץ, וואָס מיר רופן אַן גייסט, ווערט זי ביי אים אַ

וועלט פון אידעען, וועלכע איז פון אייביק ביז אייביק אײַנגעשלאָסן אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדער אופן, אין גאָט׳ס באַוואוסטזיין. עס קאָן, אַלזאָ, נישט געשען קיין נייס אין דער וועלט; אַלע פּאָרקומענישן און אַלע אויפטואונגען זיינען *מיט גאָט*, און *אין גאָט*, אויסגעגאָסן פון איין אומענדלעכקייט ביז דער אַנדערער.

וואָס אָנגעהערט דער אייביקייט און אויסגעגאָסנקייט פון דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ, גייט זיך דאָ בערקלי צונויף מיט שפּינאָזאַן. האָט אָבער שפּינאָזאַ אָן וועלכע עס איז פּלפּולים דערקלערט, אַז דער דאָזיקער באַגריף שליסט־אויס די מעגלעכקייט פון וועלכן עס איז באַשאַף אָדער אַנטשטייאונג פון וועלטן.

בערקלי גלויבט אָבער אין יעדן אות פון דער ביבל, און אין איר שטייט דאָך בפירוש געשריבן: „גאָט האָט באַשאַפן״, און *באַשאַף* מיינט דאָך, אַז גאָט האָט געטאָן עפּעס, שוין נאָך דעם ווי ער אַליין איז פון זיך אַליין אַנשטאַנען. דאָס ווידער באַטייט, אַז שפּעטער־צו האָט ער אײַנגעזען עפּעס אַזוינס, וואָס פריער האָט ער נישט אײַנגעזען, און אַזאַ מאַנעוורע רעדט קעגן פולקומענהייט. גאָט, אַלזאָ, מוז זיין פולקום, און די תורה מוז זיין אמת — פון דער דאָזיקער סתירה קאָן זיך בערקלי ניט באַפרייען. בלייבט איין אויסוועג, און דאָס איז — *אויסצוטייטשן* דעם באַגריף וועגן גאָט. דער רעזולטאַט פון אַזאַ מין פאַרגוואַלטיקונג פון דער לאָגיק איז, אַז אי דאָס ציגעלע ווערט פאַרצוקט, אי דער וואָלף בלייבט ניט זאַט. דער ווידערשפּרוך צווישן אַ גאָט וואָס איז פולקומען און אַ גאָט וואָס האָט באַשאַפן, בלייבט אַ סתירה נאָך אַלע בערקליס פּלפּולים. גערעכט איז דעריבער געווען דעקאַרט מיט זיין באַהויפּטונג, אַז די מעטאַפיזיק קאָן ניט אויף אַ לאָגיש־צופרידנשטעלנדיקן אופן צונויפּפאָרן אַ פולקומענעם גאָט מיט אַ פרייען מענטשן אין אַ באַשאַפענער וועלט.

שפּינאָזאַ האָט זיך ניט גערעכנט מיט דער אינעווייניקסטער שטים פונם פרייען ווילן, וועלכע דעקאַרט האָט קלאָר אַרויסגעהערט פון די טיפענישן פון זיין נשמה. ער האָט געצויגן דירעקטע און שאַרפע קאָנסעקווענצן פון דער השערה, אַז פולקומענהייט איז אידענטיש מיט געטלעכקייט. ער האָט אינגאַנצן אָפּגעזאָגט דעם מענטשן זיין פרייען ווילן. אויף אַזוי פיל איז ער מער אויסגעהאַלטן דעטערמיניסטיש ווי דעקאַרט, לייבניץ און בערקלי.

שפּינאָזאַ האָט אָבער פאָרט ניט געקאָנט זיך דערלויבן צו לאָזן

דעם מענטשן צו בלייבן אויף שטענדיק אַן אויטאָמאַט אין דער וועלט און אָנצונעמען מיט קהלת, אַז ניט פאַראַן איז קיין פאָרצוג פון מענטש איבער חיה. ער פילט, אַז דאָס וואָלט געווען נידעריקער פון מענטשלעכער ווערדע. ער שאַפט דעריבער פאַר דעם מענטשן אַ פריווילעגירטע פאָזיציע. ער גיט אים אַ וועלט מיט אַרבעט אויפן וועג פון דעם מענטשלעכן פראָגרעס. ווייזט אים אָן אויף אַלערליי אומענדלעכע מעגלעכקייטן אויף צוצוקומען, דורך שטאַרקע אָנשטרענגונגען, אַלץ נענטער צו גאָט און אויף אַזאַ אופן צו ווערן אַלץ מער און מער פולקום. אַקטיוויטעט ווערט דעריבער ביי שפינאָזאַן אַן אויסדרוק פון פולקומענהייט. ער זאָגט אין זיין עטיק גאַנץ קלאָר, אַז וואָס מער פולקומענהייט אַ זאַך האָט, אַלץ מער אַקטיוו איז זי. טראַכט מען זיך אָבער גוט אַריין אין דעם פראָגרעס און אין דער אַקטיוויטעט, וועגן וועלכע שפינאָזאַ רעדט, אָדער אין די באַגערן, און אָנשטרענגונגען, וועלכע ווערן פון אים באַטאָנט, דערפילט מען, אַז אויב מען נעמט דאָס אַלץ ווי עס שטייט און גייט, האָבן מיר אין דער אמתן די זעלביקע סתירה פאַר זיך ווי מיט בערקלי׳ס „באַשאַף״. עס ווערט אַ היפאָטעטישער פראָגרעס, אַ היפאָטעטישע אַקטיוויטעט, און אַלע באַגערן און אָנשטרענגונגען זיינען כמעט ווי אילוזיעס. וויל מען אָבער נישט צולאָזן קיין היפאָטעטישקייט ביי שפינאָזאַן, קאָן מען קומען צו אַ גאַנץ באַגרינדעטן שלוס, אַז ניט געקוקט אויף דעם וואָס שפינאָזאַ שטעלט זיך אַזוי שטאַרק קעגן דער מעגלעכקייט פון אַ פרייען ווילן ביי דעם מענטשן, קומט דאָך ביי אים דער מענטש אַרויס אַ פרייער — אַ דאַנק דעם, וואָס גאָט איז אומענדלעך און וואָס דער מענטש האָט אומענדלעכע מעגלעכקייטן אויף צוצוקומען נעענטער צו דער געטלעכקייט. פון דעם דעטערמיניזם ווערט, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, אַן אינדעטערמיניזם.

דאָס זעלביקע ווערט פון שפינאָזאַס דעטערמיניזם אויף ווי ווייט דער דאָזיקער דעטערמיניזם באַציט זיך אויך אויף גאָט. שפינאָזאַ, אין זיין שטרענגער אויסגעהאַלטנקייט, נעמט אַוועק דעם פרייען ווילן ניט נאָר ביים מענטשן, נאָר אויך ביי גאָט. גאָט ווערט ביי אים אַיינגעקלאַמערט אין אייביקע און אומענדלעכע רייפן פון דער געזעצמעסיקער נויטווענדיקייט פון דער אייביקער און פולקומענער נאַטור. גאָט האָט זיך אַליין, הייסט עס, מיט זיין אייגענעם ווילן, איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויסגעשפרייט און אויסגעגאָסן — אַזוי, אַז מ ע ר קאָן ער

זיך שוין נישט קיין ריר טאָן. אמת, ער קאָן טאָקע נישט, ווייל ער דאַ ר ף שוין נישט מער. דער פאַקט אָבער בלייבט, אַז ער ק אָ ן שוין מער נישט, נישט האַנדלען און נישט ו ו ע ל ן צו האַנדלען. ער ליגט, אַזוי צו זאָגן, אַ גוגבונדענער אין זיין אַלמעכטיקער, פול־קומענער און אומענדלעכער נאַטור.

„איך האָב דייטלעך געגוג דערוויזן", זאָגט שפינאָזאַ, „אַז פון גאָטס העכסטער מאַכט, אָדער אומענדלעכער נאַטור, זיינען אַרויסגע־פלאָסן אָן אַ שיעור זאַכן, דאָס הייסט, אַלע זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופנים. זיי קומען כסדר אַרויס פון דער זעלביקער נויטווענדיקייט, אויף דעם זעלביקן שטייגער, ווי פון דער נאַטור פון אַ דרייעק פאָלגט, מעולם ועד עולם, אַז זיינע דריי ווינקלען זיינען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען. דערפאַר האָט זיך די אַלמאַכט פון גאָט אַרויסגעוויזן פון אייביק אָן, און וועט אויף אייביק פאַרבלייבן פון דער זעלביקער אַק־טיוויטעט".

אויף אַזוי ווייט איז ביי שפינאָזאָן דער דעטערמיניזם אַ פול־קומענער. אויף דעם מזבח פון גאָטס פולקומענהייט ווערט דאָ געאָפּפערט מיט גאָטס פרייען ווילן. אַזוי רעדט זיך דאָס אָבער נאָר, איידער מען טראַכט זיך טיפער אַריין אין דעם ענין.

פאַרטיפט מען זיך אין די ווערטער: „פון גאָטס אומענדלעכער נאַטור זיינען אַרויסגעפלאָסן אַלע זאַכן אויף אָן אַ שיעור אופנים" און מען צעגלידערט דעם זאַץ: פון אומענדלעכער נאַטור אַרויסגעפלאָסן אַלע זאַכן, פרעגט זיך באַלד אויפן אָרט: איז אין אונדזער לאָגיק, אין אונדזער פאַרשטאַנד פאַראַן ערגעץ ווו אָן איינקלאַנג צווישן די ווער־טער אומענדלעך און אַלע? און דעם ענטפער, וואָס מיר באַקומען, איז אַן אומצווייפלהאַפטער — ניין! „אַלע" באַדייט ענדלעכקייט. ווען מיר זאָגן „אַלע", מיינען מיר, אַז אַ חוץ די זאַכן אָדער געשעענישן, וואָס ווערן אַרומגענומען פון דעם באַגריף „אַלע", זיינען שוין מער קיין זאַכן אָדער געשעענישן נישט פאַראַן, און דאָס איז פונקט דער הפוך פון דעם וואָס „אומענדלעך" באַדייט. ממילא איז שוין אויך פאַראַן אַ סתירה צווישן „אַלע" און „אָן אַ שיעור", און דער זאַץ „אַלע זאַכן זיי־נען אַרויסגעפלאָסן אויף אָן אַ שיעור אופנים", פאַרלירט אינגאַנצן זיין זין.

טוען מיר דאָסזעלביקע מיט די באַגריפן „אייביקייט" און „נויט־ווענדיקייט", באַקומט זיך דער זעלביקער רעזולטאַט: „נויטווענדיקייט"

שליסט אין זיך אַיין, אויף אַן אבסאָלוט־נויטווענדיקן אופן, דעם באַגריף פון באַגרענעצטקייט אָדער ענדלעכקייט; „אייביקייט“, ווידער פאַרקערט, לאָזט זיך אַריינציִען אין דער רובריק פון „אומענדלעכקייט“, און דעריבער קאָנען מיר טאַקע נישט זאָגן, אַז „פון דער נאַטור פון אַ דרייעק פאָלגט אויף אייביק, אַז זיינע דריי ווינקלען זיינען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען“, מיינענדיק דערביי, אַז דאָ איז פאַראַן אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט. מיר קאָנען זיך בשום אופן נישט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן אויסזען אַ דריי־ווינקלדיקע פיגור קאָן האָבן אין אַן אינטעליגענץ, וועלכע זאָל זיין העכער פאַר דעם מענטשנס.

ממילא וועלן שוין די ווינקלען שייכותן זיין אַנדערע. מיר קאָנען דעריבער נישט דעם דרייעק און נישט די מאַטעמאַטיק אַריינזעצן אַלס גאַנצע אין דער אומענדלעכקייט, און זי לאָזן דאָרט אפערירן אויף אייביק מיט אַן אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט.

ווען, אָבער, מיר נעמען אַוועק די אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט פון דער מאַטעמאַטיק, וואָס דאָס מיינט שוין אייגנטלעך אויך פון אַלע נאַטור־פּראָצעסן, טרעט דעמאָלט ווידער בולט אַרויס דער ווידערשפּרוך צווישן גאָטס פולקומענהייט און אַ פרייער אינדעטערמינירטער נאַטור, וואָס דער מענטש שטרעבט צו קאָנטראָלירן און דאָמינירן.

ד.

דער דאָזיקער ווידערשפּרוך צווישן די צוויי באַגריפן פון פרייהייט און נויטווענדיקייט — די אַנטינאָמיע צווישן ווילנס־פרייהייט און נאַטור־געזעצמעסיקייט, האָט פאַרכאַפּט דעם גאַנצן וועזן פון גיגאַנטישן מעטאפיזיקער עמאנועל קאנט. ער רעבעלירט קעגן דעם באַגריף פון אַ מאָרגן, וואָס זאָל ניט אַרויספליסן אויף אַ זיכערן און געזעצמעסיקן אופן פון דעם נעכטן. ער האָט זיך בשום אופן ניט געקאָנט פאָרשטעלן די וועלט אויסנוייניק פון אונדז — דעם ערד־קויל אונטער אונדז און דעם הימל־אויסשפּרייט איבער אונדז — ווי אַ געוועב פון אורזאַכן און פאָלגן, וואָס איז ניט געבונדן אויף אייביק דורך אַ לאָגישן מוז אָנשטאָט אַן אינסטינקטיווער געוווינהייט. קאַנט איז אַנטשלאָסן צו שאַפן אַ לאָגישן גרונט פאַר געזעץ אין דער נאַטור. דאָס ווערט זיין ערשטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע. איר ווידמעט ער זיין ערשט גרויס ווערק „די קריטיק פון דער ריינער פאַרנונפט“.

יום, זאָגט קאַנט, איז געווען דער, וואָס האָט אים אויפגעוועקט פון

זיין דאגמאטישן דרימל. אַ דערוואַכטער, האָט ער דערזען און באַנו־מען עטוואָס, וואָס איז ביז אים פון קיין פילאָסאָף ניט דערזען און ניט באַנומען געוואָרן. ער האָט איינגעזען, אַז לויט די באַגריפן וועגן דער שייכות פון רוים און צייט צו דער מענטשלעכער געדאַנקלעכ־קייט, וואָס האָבן באַהערשט די מוחות פון מענטשן ביז צו יענער פי־לאָסאָפישער תקופה, איז יום געווען אַבסאָלוט גערעכט מיט זיין טענה, אַז מיר האָבן ניט קיין שום לאָגישן גרונד אָנצונעמען אַ געזעצמעסיקן גאַנג פון געשעענישן און פּאַרקומענישן. כל זמן רוים און צייט ווערן באַטראַכט ווי מהותן, וועלכע זיינען אומאָפּהענגיק פון דעם מענטשנס גייסט, קאָן טאָקע בשום אופן ניט פאָרענטפערט ווערן יום׳ס פראַגע: ווו איז די לאָגישע גאַראַנטיע, אַז אַלע קעגנשטאַנדן און געשעענישן אין דער וועלט אַנשטייען און קומען פאָר ווי פאָלגן פון געוויסע און באַשטימטע אורזאַכן, וואָס, ווען מען דערקענט זיי, קאָן מען מיט באַ־שטימקייט און זיכערקייט פאָראויסזאָגן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון גע־שעענישן און פאָרקומענישן?

עס איז נישט פאַראַן קיין שום גרונד פאַר דער דערוואַרטונג פון פעסטקייט און זיכערקייט אין די באַציאונגען צווישן נאַטור, וועל־כע איז אויסנווייניק פון מענטש, און געדאַנק, וועלכער איז אינווייניק אין מענטש. גרינג ווי אַ שפּינוועב קאָנען זיך די פעדים, וואָס ציען זיך פון איינעם צום אַנדערן איבעררייסן. די מעגלאַכקייט פאַר אַזאַ פעדים־איבעררייס מאַכט אַ סוף צו דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וועלכע מוז האָבן פאַר איר אַנטוויקלונג, פעסטקייט אין אירע באַציאונגען צום קאָסמאָס, כדי אויסצואיבן אַן איינפלוס אין דער וועלט. דאָס איז איר אַנשפּאַר־פּונקט. ווערט ער אַוועקגענומען, פאַלט אַוועק יעדע אָנרעגונג צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אידעאַל פון אַ פול אַנטוויקלטער און טיפער פערזענלעכקייט.

קאַנט, אַלזאָ, בלייבט שטיין פאַר דער פאָלגנדיקער דילעמאָ: די לאָגיק איז איינגאַנצן אויף יום׳ס זייט. דאָס מיינט אַ פאָרלייקענונג פון דער פערזענלעכקייט. די אינערלעכע שטים אָבער פון זיין נשמה איז אימפּעראַטיוו אין אירע פאָדערונגען, אַז דער מענטש מוז זיין אַן אַלץ טיפער־ווערנדיקע פערזענלעכקייט. דער דאָזיקער אַגרעסיווער צוו־נויפשטויס צווישן קלאָרער לאָגיק און שאַרפן געפיל, האָט עס גע־געבן קאַנטן דעם אַנשטויס צו אַ רעוויזיע פון די ווירקונגען און קעגן־

ווירקונגען פון דער מענטשלעכער טעאָרעטישער און פּראַקטישער פאַרנונפט.

ווי אין שיין פון אַ בליץ, דערזעט קאַנט מיט זיין אינערלעך גייסטיק אויג דאָס, וואָס איז ביז אים ניט דערזען געוואָרן. רוים און צייט בליצן אויף פאַר אים ווי אויסדרוקס־פאָרמען פון דעם קאָסמישן גייסט, וואָס אַנטפּלעקט זיך דורך דעם זעלבסט פון דעם מענטשן. ער שטעלט פעסט דעריבער, אַז מהיום והלאה דאַרף רוים און צייט באַ־טראַכט ווערן ווי שטראַלן, וואָס זעצן אַרויס פון דעם מענטשנס גע־דאַנק. זיי מוזן דורכנעמען אַ פאָרמלאָזע אומבאַשטימטע צו אונדז דרויסנדיקייט, איידער זי געשטאַלטעט זיך און דערשיינט ווי מאַטע־ריע אָדער נאַטור, וואָס אונדזערע חושים נעמען אויף.

אַלץ וואָס מיר שטעמפּלען מיט דעם נאָמען מאַטעריע, ענערגיע, אָדער נאַטור, קאָן ניט אויפגעפאַסט ווערן פון אונדזער דערקענטעניש, אַנדערש ווי אַן אַריינוועב אין די נעצן פון רוים און צייט. עס איז גאָרנישט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי נאַטור אָדער קריסטאַליזירטע אויסנ־ווענדיקסטע וועלט בכלל, איידער עס באַווייזן זיך די געדאַנקלעכע פאָר־מען פון רוים און צייט. אפּריאָרי אַנשויאונגען איז דער פילאָסאָפישער טערמין פאַר די רוים און צייט געדאַנקלעכע פאָרמען.

מיט דער זיכערקייט, וואָס אַלע טיפע דערבליקונגען פאַרמאָגן, האָט קאַנט גלייך דערפילט, אַז מיט דער סוביעקטיוויזירונג פון רוים און צייט, מיט דער אַריינגלידערונג זייערער אין מענטשלעכן „איך", האָט ער געמאַכט אַ סוף צום סקעפּטיציזם פון יומען. ער האָט גע־ראַטעוועט די נאַטור־געזעצמעסיקייט פאַר דער לאָגיק, אַריינגעבנדיק אין איר צוגויפשטעל אַן אומבאַרירבאַרן אפּריאָרי עלעמענט; ער האָט געלאָזט די געדאַנקלעכקייט גופא שמידן די אורזאַך־און־פאָלגע־קייט פון קעגנשטאַנדן און געשעענישן.

די נאַטור, אויף אַזאַ אופן, איז אַ דעטערמינירטער אויסדרוק פון קאָסמאָס. דאָ גיט קאַנט גרויס קרעדיט שפּינאָזאַן פאַר זיין אויסגעהאַל־טענעם איינשטעל פאַרן דעטערמעניזם אָדער פּרעדעטערמיניזם, אויף וויפיל ער איז חל אויף דער נאַטור. קאַנט האָט ניט דערשפּירט קיין אָטעם פון פרייהייט אין שפּינאָזאָס אייביקער און אומענדלעכער אויס־געגאָסנקייט פון קאָסמאָס, וועלכער שליסט איין ניט נאָר נאַטור, נאָר אויך גאָט. ער האָט דערפאַר באַטראַכט שפּינאָזאָס פונדאַמענטאַלע אי־דעע פון קאָסמישן אַפּשלוס פאַר אַן אַבסורד. קאַנט ווייזט קאַטעגאָריש

צוריק שפינאָזאָס דעטערמיניזם, וועלכער גיט ניט, לויט זיין מיינונג, דעם מענטשן קיין שום גרונט פאַר באַטראַכטן וועלכע ס'ניט איז האַנד־לונג זיינע פאַר אַ האַנדלונג, וואָס זאָל באמת זיין זיינע. אויף אַזאַ אופן מוז אויסקומען, אַז דער מענטש איז אין תוך גענומען, ניט מער ווי אַ רעדל אין אַ מאַשין, וואָס דרייט זיך בלויז לויט דעם אָנשטויס פון כחות, וואָס ליגן ניט אין אים.

קאַנט'ס מעטאַפיזיק האָט אין די אינטערעסן פון דער מענטש־לעכער פּערזענלעכקייט געפאָדערט פרייהייט. זיין צוגאַנגג צו מענטש, וועלט און גאָט, האָט דעריבער ניט דערלאָזט זיין מעטאַפיזישן פינזל אַרומצונעמען די גאַנצע דרויסנדיקע וועלט און אַריינצוזעצן זי אין די פּאַרמען פון רוים און צייט, אַזוי, אַז עס זאָל קיין שום זאַך ניט בלייבן מחוץ פון דער נאַטור. אַזאַ גענצלעכע איינגעשלאָסנקייט אין געדאַנק־לעכן רוים און צייט, לאָזט ניט איבער קיין אָרט פאַר פרייהייט. נאַטור ווערט אַליין הערשער. נאַטור־געזעץ דאָמינירט און קאָנטראָלירט מאַ־טעריע און גייסט, גוף און נשמה. קאַנט ווערט דעריבער געטריבן אין די אינטערעסן פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, דורכצופירן אַ שאַרפע ליניע צווישן צוויי וועלטן אין איינעם און דעם זעלביקן קאָס־מאָס. צוויי וועלטן, וועלכע ער באַצייכנט: איינע — די העכערע וועלט — מיט דעם נאָמען „ניומענאָן", די צווייטע — די נידעריקערע וועלט — מיט דעם נאָמען „פענאָמענאָן".

די ערשטע — די ניומענאַלע וועלט — איז אַליין אין זיך און פון זיך, אָדער ווי קאַנט רופט זי „אַ דינג אָן זיך". זי איז איבער סיבה־און־פּועל יוצא, איבער צייט און רוים. דערפאַר קאָן אין איר געוועל־טיקן מאָראַלישער אימפּעראַטיוו און ווילנס־פרייהייט. צו דער דאָזי־קער ניומענאַלער וועלט, געהערט עס אויך די העכערע זעלבסטקייט אין דעם מין מענטש. דאָס איז דער מאָראַליש מענטשלעכער זעלבסט, וועלכער איז אונטערוואָרפן ניט צו דער נאַטור, ווי דער נידעריקער זעלבסט איז, נאָר צו דעם קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו פון פליכט. דער דאָזיקער אימפּעראַטיוו מאַכט דעם מענטשן צו דערפילן מיט אַבסאָ־לוטער זיכערקייט, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט אין אַ מאָראַלישן זין. דער מענטש האָט די ברירה אויסצוקלייבן צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן טוגענט און זינד. די דאָזיקע בחירה חפשית קרוינט עס דעם מענטשן פאַר דעם בחיר היצורים.

די צווייטע וועלט — די פענאָמענאַלע וועלט — איז די וואָס

ווערט אַרומגענומען פון צייט־און־רוים פאָרמען. אַ פול געשטאַלטיקטע דורך גדאַנקלעכע צייט־און־רוים אַרויסשטראַלונגען, איז זי בלויז אַ דערשיינונג, אַ פענאָמענאָן פון דער רעאַלער וועלט — דער ניומענאָן וועלט. די גאַנצע נאַטור, איינגעשלאָסן דעם נידעריקערן טייל פון דעם מענטשן, בילדן עס די פענאָמענאַלע וועלט. זי איז אונטערוואָרפן צו נאַטור אורזאַכלעכקייט און נאַטור־געזעצמעסיקייט, אַ דאַנק דעם, וואָס זי ווערט אַרויסגעקריסטאַליזירט אין אַנשויאונגען פון רוים און צייט, און טראָגט אַזוי אַרום אויף זיך דעם חותם פון גדאַנקלעכקייט.

„עס איז, זאָגט קאַנט, אויסער די גרעניצן פון ספק, אַז רוים און צייט, ווי די נויטווענדיקע תנאים פון אַלע דערפאַרונגען, אויסענ־ווייניקסטע און אינעווייניקסטע, זיינען די סוביעקטיווע באַדינגונגען פון אַלע אונדזערע אנשויאונגען. אין שייכות צו זיי זיינען אַלע זאַכן בלויז דערשיינונגען און ניט זאַכן, וואָס עקזיסטירן אין זיך אַליין אויף אַזאַ און אַזאַ אופן!”

קאַנט האָט ניט דערבליקט, ווי די פילאָסאָפן נאָך אים, דאָס ווערן אין דעם זיין און די שאַפונג אין דער אַנטוויקלונג פון אַלץ אין דער וועלט, אַפילו פון רוים און צייט גופא. קאַנט האָט דעריבער ניט געקאָנט אַרויסרייסן קיינע פון די כחות, וואָס אַרבעטן אין דער וועלט, פון די נעצן פון דער אויסגעשפרייטקייט, אַנדערש ווי דורך דעם אַוועקשטעלן זיי גאָר אינגאַנצן אין אַן אַנדער וועלט. ניט דערבליקנדיק דאָס ווערן און דאָס שאַפן, האָט קאַנט ניט געקאָנט אַריינוואָרפן זיך גופא און אַלע כחות, פון וועלכע עס אָטעמט לעבן און גייסט, אין דעם שטראָם פונם שטענדיקן ווערן.

מיט דער טיפסטער און אינטענסיווסטער איבערגעבנקייט צום פרייהייט־געפיל, ווערט קאַנט אויף דעם קלאָרסטן לאָגיש־נויטווענ־דיקן אופן געצווונגען אַריבערצוטראָגן אַלע אָריגינעלע כחות מיט אַלע זייערע פרייהייטן און ספּאָנטאַנקייטן פון יענער זייט פון צייט און רוים. שפּינאָזאָס באַגריפן פון אייביקייט און אומענדלעכקייט, אַלס אַטריבוטן פון דער ערשטער און אַבסאָלוטער אורזאַך, האָבן ניט צופרידנגע־שטעלט קאַנטס פאַנטאַזיע.

ווי וויט און ווי ברייט, ווי הויך און ווי טיף מען זאָל ניט ציען די אייביקייט און אומענדלעכקייט, בלייבן זיי אַלץ אין די ראַמען פון צייט און פון רוים, און עס בלייבט די זעלביקע שאלה: און וואָס איז פון יענער זייט? אַהין אויף יענער זייט מוז באַלד אַריבערגעטראָגן

ווערן די ערשטע אורזאך, כדי זי זאָל זיין די אַבסאָלוטע און די פרייע, ד. ה. דעטערמינירט פון זיך אַליין און ניט פון קיינע פריערדיקע אור־זאַכן. „די אייביקייט״, זאָגט קאַנט, „מעסט נאָר די דויער פון זאַכן, אָבער זי שטיצט זיי ניט, זי טראָגט זיי ניט״.

ווענן אַ דויער, וואָס זאָל טראָגן אין זיך אַלע זאַכן און געשע־ענישן, איינגעשלאָסן די אייביקייט גופא — ווענן דעם האָט קאַנט ניט געחלומט, פונקט ווי ביז אים האָט קיינער ניט געחלומט ווענן רוים און צייט ווי ווענן געדאַנקלעכע אַרויסשטראַלונגען. עס בלייבט אים דעריבער איין אויסוועג, און דאָס איז — צו פאַנירן אַן עקזי־סטענץ פון יענער זייט פון די גרעניצן פון רוים און צייט. דאָס ווידער מיינט איינס און דאָס זעלביקע ווי צו שאַפן אין צוגאָב צום עמפּירישן צייט און רוים אַן אידעאַלן צייט און רוים, אין צוגאָב צו דער עמפּי־רישער אָדער אַפּאָסטעאָרי רעאַליטעט, אַן אַבסאָלוטע אָדער אַפּריאָרי רעאַליטעט, און אין צוגאָב צו נאַטור־אורזאַכלעכקייט — אַ פרייהייט־אורזאַכלעכקייט.

די גאַנצע אוניווערסאַלע עקזיסטענץ ווערט געטיילט אין צוויי וועלטן: אַ פענאָמענאַן און אַ ניומענאַן וועלט. און איינער און דער זעלביקער וועזן, וואָס הייסט מענטש, אַנטפּלעקט זיך אין צוויי גע־שטאַלטן: די נאַטור־מענטש געשטאַלט און די איבער־מענטש גע־שטאַלט.

קאַנט דערפירט אַזוי אַרום ביז צום סוף אַלע קאָנסעקווענצן, וואָס די ביז־קאַנטישע באַגריפן פון רוים און צייט האָבן גורם געווען. און די דילעמאַ פאַר די דענקער נאָך קאַנטן איז דעריבער געוואָרן: אָדער צוויי וועלטן, איינע פון פרייהייט, די אַנדערע פון אייזערנער־געזעצ־מעסיקייט, וואָס צווישן זיי קאָן די טעאָרעטישע דערקענטעניש קיין שום בריק ניט אַריבערוואַרפן, און קיינע שום פאַרבינדונג־פעדעם ניט וועבן — אָדער אַ רעוואָלוציע אין די אויפפאַסונגען פון רוים און צייט, און במילא אויך אין די אויפפאַסונגען פון נאַטור און נאַטור־געזעצן.

אַזאַ רעוואָלוציע איז טאַקע פאָרגעקומען אין דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויף די וויסנשאַפטלעכע און פילאָסאָפישע געביטן פון מענטשלעכן דענקען.

## דריטער קאַפּיטל

שוין אין גאַר אַנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט דער ענגלישער פילאָסאָף שילער זיך אײַנגעשטעלט פאַרן געדאַנק, אַז אויך אַטאָמען קאָנען האָבן אַ פרייען ווילן און די רעגלמעסיקייט, וואָס מיר באַמערקן אין זיי, קאָן גוט זיין אַ דורכשניטלעכע.

אין דער אמתן האָט זיך דער גאַנצער באַגריף פון געזעצמעסיקייט און נויטוועגדיקייט געביטן זינט שפּינאָזאַ האָט זיין „עטיק" געשריבן. די נאַטור געזעצן האָבן זינט דעמאָלט פאַרלוירן גאַר אַ סך פון זייער שטרענגער געזעצמעסיקייט און פון זייער אײַזערנער נויטוועגדיקייט. אין דער אייגענער צייט האָט אויך די מאַטעמאַטיק אינגאַנג פון איר אַנטוויקלונג פאַרלוירן אַ סך פון איר קלאָרקייט און זיכערקייט. גאַר אַ סך פון אירע אַנערקענטע אַבסאָלוטע אמתן זיינען אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון רעלאַטיווע באַגריפן. עס גייט אַזוי ווייט, אַז בערטראַנד ראָסל דעפינירט מאַטעמאַטיק „אַלס א קענטשטאנד, וואָס אין אים ווייסן מיר קיינמאָל ניט וועגן וואָס מיר רעדן, און אויך ניט אויב דאָס וואָס מיר זאָגן, איז „אמת". און קראָטשע אין זיין בוך „לאָגיק", הויבט אָן דאָס קאַפּיטל וועגן מאַטעמאַטיק מיט אַ קאַטעגאָרישן אַרויסטריט אַנטקעגן דעם באַגריף פון אַ מאַטעמאַטישער וויסנשאַפט פון דער נאַטור. אַזאַ באַגריף פון נאַטור-וויסנשאַפט וואָלט געמיינט א פולקאָמענער מעכאַניזם, אַ צוריקפיר פון אַלע דערשיינונגען צו כמות אָן איכות. און אַזאַ נאַטור, אַזאַ רעאַליטעט און אַזעלכע דערשיינונגען, זיינען לויט אים, אין ערגעץ ניט בנמצא.

„רוים", זאָגט קראַטשע, „ווערט כאַראַקטעריזירט ווי עטוואָס אַזוינס, וואָס באַשטייט פון דריי דימענסיעס. די רעאַליטעט אָבער גיט נישט אַזאַ רוים, וואָס אַנטהאַלט דריי דימענסיעס, נאָר אַ רוימלעכקייט. דאָס מיינט צו זאָגן — דענקלעכקייט, אינטואיטיוקייט אין אַלגעמיין, לעבעדיקע און אָרגאַנישע אויסגעשפּרייטקייט, אָבער נישט קיין מעכאַנישע און אָנגעהויפטע. דער כאַראַקטער פון אַזאַ רוים באַשטייט ניט אין דעם, וואָס ער האָט דריי דימענסיעס: איינס, צוויי, דריי, נאָר אין דעם, וואָס ער איז רוימלעכקייט, אין וועלכער אַלע דימענסיעס געפינען זיך אין איינער, אַזוי, אַז דאָרט זיינען ניט פאַראַן קיין שום אָפּגעזונדערטע און אויסגערעכנטע דימענסיעס.

אין קיין דריי-עק קאָן דער סכום פון זיינע ווינקלען ניט זיין

גלייך, און זיי זיינען טאַקע ניט גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען, ווייל אַזאַ זאַך ווי אַ דריי־עק עקזיסטירט בכלל נישט. אין דער ווירקלעכ־קייט איז גאַר נישטאַ קיין געאָמעטרישער דריי־עק, ווייל אין דער ווירקלעכקייט זיינען ניט פאַראַן קיין שום גלייכע ליניעס, און קיין רעכטע ווינקלען, און קיינערליי סכום פון רעכטע ווינקלען, און קיין סכום פון ווינקלען איז ניט גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען. אַזוי אויך איז ניט פאַראַן קיין פרייע באַוועגונג אין דער ווירקלעכקייט, ווייל יעדע ווירקלעכע באַוועגונג קומט פאָר אין באַשטימטע באַדינגונגען און דאַריבער — צווישן שטערונגען".

און אויב דאָס איז ריכטיק וועגן נאַטור, איז עס דאָך נאָך ריכ־טיקער וועגן גייסט. און קראַטשע ענדיקט זיין קאַפּיטל וועגן מאַטע־מאַטיק מיט די ווערטער: „דער גייסט, וועלכער איז דער גאַנצער גייסט אין יעדן איינציקן מענטשן און אין יעדן באַזונדערן מאָמענט פון לעבן, איז קיינמאָל ניט צונויפגעשטעלט פון עלעמענטן, וואָס קאָנען געמאָסטן ווערן".

אַט אין די דאָזיקע לעצטע ווערטער דריקט זיך אויס די רעו־וואָלוציע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין מענטשלעכן דענקען פון גאַ־לילעין און ספּינאָזאַן ביז קראָטשען און איינשטיינען.

אין זיין אָפּהאַנדלונג וועגן איינשטיינס טעאָריע, זאָגט סעמועל גוגנהיימער: „אונדזערע גייסטער האָבן רוים און צייט געשאַפן. זיי זיינען עס די געדאַנקלעכע קעגנווירקונגען פון אונדזערע ספּעצי־פישע באַדינגונגען צו די דערשיינונגען, וואָס קומען פאָר אין דער רעאַלער וועלט. אין יענער וועלט הערט אויף אַ גלייכע ליניע צו זיין די קירצסטע דיסטאַנץ "צווישן צוויי פונקטן".

דאָס מיינט ווידער, אַז אויף וויפיל מיר מענטשן אַנטוויקלען זיך, אויף וויפיל מיר אַליין קנוילן זיך אַלץ מער אַריין אין דער רעאַליטעט, אַלץ מער ווערט די מעגלעכקייט פאַר מאַטעמאַטישע אַק־סיאָמען זיך צו פאַרלירן אין גרעסערע אמתן. פון דער „אויף אייביק אַבסאָלוטער נויטווענדיקייט" ווערט אַ פאַרהעלטניסמעסיקע אין רוים און אין צייט ווירקנדיקע היפּאָטעזע.

איינשטיינס לערע העלפט אונדז זיך צו דערמאָנען — זאָגט ווייט־טער גוגנהיימער — אַז „דאָס וואָס איז נישט צום דערגרייכן אין איין דור, ווערט דערגרייכלעך אין אַן אַנדער דור, און אַז עס דאַרף נאָך באַוויזן ווערן אויב די דאָזיקע באַגריפן אַפילו, וועלכע זעען אויס צו זיין

פאַר אונדז פון די פונדאַמענטאַלסטע און סאַמע לעצטע, אַז אויך זיי וועלן נישט קענען אין די קומענדיקע דורות אַנאַליזירט און אויפגעלייזט ווערן אין אַ נאָך־טיפער ליגנדיקער רעאַליטעט. דער מענטשלעכער געדאַנק וועט זיך אויף ווייטער אַנטוויקלען נישט נאָר אין גרויס, נאָר אויך אין דער פאַרשידנאַרטיקייט פון זיינע חושים און באַנעם־מעגלעכקייטן".

פון דער נאַטור פון מאַטעמאַטישע פיגורן און פון קיינע מאַטעמאַטישע אבסטראקציעס, קאָן קיין איינאונאיינציקער שלוס נישט פאָלגן „אויף אייביק מיט אַבסאָלוטער נויטוועגדיקייט". מיר קאָנען דעריבער פאַר קיין פאַל נישט ציען קיינע לאָגישע פאַראַלעלן צו אַן אַבסאָלוטער נויטוועגדיקייט — אין דער נאַטור פון גאָט.

און אַפילו ווען די מאַטעמאַטיק זאָל אַזאַ אבסאָלוטיזם פון נויטוועגדיקייט יאָ פאַרמאָגן, איז נאָך אויך דאַן דערפון ניט געדרונגען אַז די דאָזיקע נויטוועגדיקייט קאָן זיך אויך באַציען אויף דער רעאַליטעט אָדער גאָט. מיר מוזן האַלטן אין זכרון, אַז מאַטעמאַטיק פאַרנעמט זיך מיט אַבסטראַקציעס און ניט מיט קאָנקרעטהייטן. זי אפּערירט בלויז מיט קוואַנטיטעטן — זי קאָן דעריבער ניט זיין דער אויסדרוק פון קוואַליטעטן, און זי קאָן בשום אופן ניט זיין מאסגעבנדיק פאַר אַ רעאַליטעט, וועלכע איז קוואַליטאַטיוו אין איר מהות.

דער כאַראַקטעריסטישסטער שטריך פון דער נייסטער פילאָסאָפיע איז דאָס, וואָס זי האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַנץ אַנדער באַגריף אינעם טערמין „נאַטור־געזעץ". זי האָט געמאַכט אַ סוף צו דער אומפאַרמיידלעכקייט וואָס די וויסנשאַפט האָט ביז איצט אַרויסגעלייענט פון די פּראָצעסן און געשעענישן, וועלכע קומען פאָר אין דער נאַטור, און וועלכע זיינען געקומען צום אויסדרוק אין דער וויסנשאַפטלעכער פאָרמולירונג פון נאַטור־געזעצן.

אין די נייסטע בליקן אויף דער קאָסמישער אַנטוויקלונג ווערט אַלץ שטאַרקער באַטאָנט די איבעראַנרערשונג, די אַרויסוויקלונג און דאָס ווערן פון אַלץ, אויף וואָס נאָר אונדזערע חושים שטויסן זיך אָן אין דערווירקלעכקייט, און אונדזער געדאַנק — אין דער פאַנטאַזיע. אַלץ וואָס איז געווען, גייט אַריין אין זיין גאַנצער גאַנצקייט, אַלס אַ מעכטיקער פאַקטאָר אין דעם וואָס וועט ווערן. דערפון נעמט זיך אַ געוויסע ענלעכקייט צווישן דעם וואָס ווערט און דעם וואָס איז געווען, ווי אויך — אַ געוויסע איינהייטלעכקייט אין דעם גאַנצן גאַנג

פון דעם געווען־זיין־און־ווערן. דאָס אָבער וואָס ווערט, איז עפּעס אַזעלכעס וואָס איז נאָך ניט געווען, און קיינער אין דער וועלט קאָן דעריבער נישט זאָגן ווי עס וועט זיין איידער עס איז געוואָרן, אָדער אַז עס מוז און עס וועט זיין דווקא אַזוי און נישט אַנדערש. דער פּראָ־צעס פון ווערן באַטייט, אַז דאָס וואָס קומט, מוז זיין אַנדערש ווי דאָס וואָס איז געקומען. וואָלט עס נישט געווען אַנדערש, וואָלט אַזאַ זאַך ווי: „עס איז געוואָרן", פאַר אונדז בכלל נישט עקזיסטירט. אַלץ וואָלט פאַר אונדז דעמאָלט געווען אַן „עס איז". דאָס וואָס ווערט קאָן דעריבער בשום אופן נישט זיין אידענטיש מיט דעם וואָס איז געווען. און היות ווי געזעצמעסיקייט און נויטווענדיקייט פאָדערן אַן אומ־באַדינגטע אידענטישקייט, ממילא קאָנען נישט אינעם פּראָצעס פון ווערן אַריינקומען די באַגריפן פון געזעצמעסיקייט און נויטווענדיקייט.

„טאַקע דערפאַר" — זאָגט קראָטשע — „וואָס די נאַטור־גע־זעצן זיינען אונדזערע אייגנוויליקע קאָנסטרוקציעס, און ווייל זיי גיבן דאָס באַוועגלעכע ווי עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל זיין פיקסירט, זיינען זיי נישט נאָר אומפאַרמיידלעך און ווייזן אונדז אַמאָל אויסנאַמען, נאָר עס איז אַבסאָלוט ניט פאַראַן קיין איין רעאַלער פאַקט, וואָס זאָל ניט זיין קיין אויסנאַם צו זיין נאַטוראַליסטישן געזעץ".

דערביי ווייזט קראָטשע אָן אויף דעם פאַקט, אַז אַ ניי־געבוירן וועלפעלע, הגם עס איז אין זיין אויסזען, אין זיין קראַפט און אין זיינע געוווינהייטן אַזוי ענלעך צו די עלטערן, וועט עס אָבער קיינ־מאָל נישט זיין אידענטיש מיט די עלטערן. וואָלט עס אַנדערש גע־ווען, וואָלט דאָרט אַן אידענטישקייט יאָ געווען, איז ווי וואָלטן זיך וועלף געקאָנט אַנטוויקלען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער רעאַליטעט, פון וועלכער זיי זיינען אַן אומצעטיילטער טייל?

ער ווייזט אויך אָן, אַז דאָס איז אמת נישט נאָר בנוגע דער אָרגאַנישער וועלט, נאָר אויך — בנוגע דער אומאָרגאַנישער וועלט. ווען מען אַנאַליזירט, למשל, וואַסער אין אַ קרוג, געפינט מען, אַז עס באַשטייט פון צוויי חלקים וואַסערשטאָף צו יעדן חלק פון זויער־שטאָף. סינטעזירן מיר ווידער די צוויי עלעמענטן, לאָזן מיר נאָכ־אַמאָל דעם זויערשטאָף זיך צונויפגיסן מיטן וואַסערשטאָף, ווערט צוריק וואַסער. דאָס געוואָרענע וואַסער איז שוין אָבער נישט אין אַלע הינזיכטן איינס און דאָס זעלביקע מיט דעם וואָס איז פריער געווען. דאָס קאָמבינירן און ווידער־קאָמבינירן פון די שטאָפן, האָט

געמוזט אַריינברענגען אַ געוויסע פאַרענדערונג, אפילו אויב מיר קאָנען זי נאָך נישט מערקן. די ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען פאַר דער דאָזיקער קורצער צייט אין דער רעאַליטעט, פון וועלכער דאָס וואַסער איז אַ טייל, האָבן זיך געמוזט אָפּרופן, אויף אַ וועלכן עס איז אופן, אויף דעם וואַסער. דאָס וואַסער, וואָס האָט זיך באַקומען נאָכן סינטעז פון די צוויי עלעמענטן, איז דעריבער ענלעך, אָבער בשום אופן נישט אידענטיש מיט דעם וואַסער איידער עס איז קאָמבינירט געוואָרן.

קראָטשע קומט דעריבער צום שלוס, אַז „די אומבאַרירבאַרע געזעצן פון דער נאַטור, זיינען די וואָס ווערן יעדן מאָמענט פאַר־גוואַלטיקט. דאָס פאָראויס־וויסן איז אינגאַנצן פרעמד דער אמתער דערקענטעניש. זי ווייסט נאָר פון פאַקטן, וועלכע האָבן ווירקלעך פאַסירט. פון דער צוקונפט קאָן קיין דערקענטעניש נישט זיין".

דער נייער געדאַנק האָט אַלזאָ אַרויסגענומען די אַייזערנע נויטווענדיקייט און שטרענגע געזעצמעסיקייט פון דער מאַטעמאַטיק, אַזוי גוט ווי פון די נאַטור־געזעצן.

מיר ווייסן דעריבער נישט פון אַזעלכע זאַכן אין אונדזער וועלט, וואָס פון זייער נאַטור זאָל פאָלגן אויף אַלע מאָל אַן אַבסאָלוטע נויטווענדיקייט, און מיר קאָנען דערפאַר נישט אַריבערטראָגן דעם דאָזיקן באַגריף אויף אַן אייביקן און אומענדלעכן וועזן.

דעריבער, ווען שפינאָזאַ זאָגט אונדז, אַז גאָט איז אַ פרייע אורזאַך, איז אַזאַ באַהויפּטונג גאַנץ קלאָר פאַר אונדז. ווען ער מאָטיווירט אָבער גאָטס פרייהייט דערמיט, וואָס גאָט אַליין עקזיסטירט בלויז דורך דער נויטווענדיקייט פון זיין נאַטור און האַנדלט בלויז דורך דער דאָזיקער נויטווענדיקייט, ווערט שוין אינגאַנצן פאַר אונדז אוממעגלעך צונויפצופאָרן די דאָזיקע צוויי באַגריפן — דעם באַגריף פון פרייהייט מיט דעם באַגריף פון נויטווענדיקייט. פרייהייט שליסט אויס און אונטערדריקט נויטווענדיקייט, און נויטווענדיקייט קאָן ניט אַריבערגיין אין קיין פרייהייט. איז גאָט אַ פרייע אורזאַך, איז גאָט אומענדלעך, — קאָן ממילא נישט אַלץ פאָראויסבאַשטימט ווערן, און אייביקייט מוז אין זיך אַיינשליסן דאָס ווערן אַזוי גוט ווי דאָס זיין. דער דעטערמיניזם באַנקראָטירט און דער אינדעטערמיניזם בלייבט, מעג מיט אים די פולקומענהייט יאָ אָדער ניט שטימען.

די דאָזיקע ניט אויסגעהאַלטנקייט אין די אידעאַליסטישע דע־

טערמיניסטישע סיסטעמען, האָט אין האַנט מיט דער שטייגנדיקער פילאָסאָפישער אַנערקענונג פון וווקס פון מענטשלעכער באַוווסטקייט אויף זיין ווילן און זיין דראַנג צו פרייהייט — האָט געפירט דערצו, אַז די געטלעכקייט זאָל אַלץ ווייניקער אַנהויבן אידענטיפיצירט ווערן מיט פולקומענהייט און ווערן אַביסל מער אינדעטערמינירט, און די מענטשלעכע פאַרפולקומונג זאָל מיינען אַלץ מער און מער ווילן צו פרייהייט.

די נייע פילאָסאָפיע פאָדערט אַלץ מער און מער, אַז די אַק־טיוויטעט און דער פּראָגרעס פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, זאָל האָבן אַ רעאַלע ממשותדיקייט; אַז זיינע טואונגען זאָלן ווירקלעך מיינען אויפטואונגען אינעם רעאַלן גאַנג פון דער וועלט, און אַז זיינע שאַפונגען זאָלן מיינען צו שאַפן עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז נאָך פריער נישט געווען, און וואָס האָט פון קיינעם נישט געקאָנט פאַראויסגע־זאָגט, אָדער באַשטימט ווערן. דאָס זיכערע נישט־זיין פון עפּעס נייס אויף דער וועלט, איז דערווידער געוואָרן דעם נייעם וועלט־בליק.

די דאָזיקע געפילן פון רעוואָלט און פּראָטעסט קעגן אַן אַב־סאָלוט־פאַרטיקער וועלט, האָבן געפונען זייער שטאַרקסטן אויסדרוק אין דער נייסטער פילאָסאָפיע בכלל, און אין בערגסאָנען בפרט.

פון אַלע נייערע פילאָסאָפן איז קיינער ניט צוגעטראָטן אַזוי דירעקט צו דער פרייען ווילן פּראָבלעם, ווי דער פראַנצויזיש־יידי־שער פילאָסאָף אנרי בערגסאָן. ניט איינער פון זיי האָט, ווי ער, אַריינ־געבראַכט אַזאַ באַדייטנדיקע ענדערונג אינעם באַגריף פון דער פּראָ־בלעם פון פרייען ווילן, און אַזאַ גרינדלעכן איבערקער אינעם זין און מיין פון די ווערטער „פרייהייט" און „ווילן".

שוין זיין ערשט בוך, „די דאַטאַ פון באַוווסטזיין", איז געווען, ווי ער אַליין זאָגט: „אַ פּרווו צו באַווייזן, אַז אַלע ויכוחים צווישן די דעטערמיניסטן און זייערע קעגנער, ווייזן אויף אַ לאַנגאָנענדיקער צעשוווּמענקייט, מיט וועלכער עס זיינען דורכגעדרונגען די באַגריפן פון דויער און רוים, קוואַליטעט און קוואַנטיטעט, נאָכאַנאַנדקייט און גלייכצייטיקייט. זוען מען וועט נאָר פּטור ווערן פון דאָזיקן פלאָנטער, וועלן אַלע טענות קעגן פרייען ווילן פאַרלירן זייער זין. אַלע דעפי־ניצעס, וואָס זיינען ביז איצט וועגן אים געגעבן געוואָרן, וועלן פאַר־

שווינדן, און די פרייע ווילן פּראָבלעם גופא, וועט אין אַ געוויסן זין נעלם ווערן".

אויך אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק, באַשטרעבט בערגסאָן צו שטעלן די פּראבלעם פון פרייען ווילן אין אַ שפּאָגל נייעם ליכט, און אויף גאָר אַנדערע יסודות פעסטשטעלן דעם טריומף פון אינדעטער־מיניזם איבער דעטערמיניזם, פון פרייהייט איבער אומפאַרמיידלעכ־קייט.

בערגסאָן איז היינט־צו־טאָג דער שטאַרקסטער און אָריגינעל־סטער פאַרטיידיקער פון אינדעטערמיניזם, פּונקט ווי שפּינאָזאַ איז עס אַמאָל געווען פון דעטערמיניזם.

אין דער צווייטער עסיי „שפּינאָזאַ און בערגסאָן — אַ פּאַראַ־לעל", ווערט אויף אַ גענויערן אופן אַרויסגעבראַכט די ענלעכקייט און אַנטקעגנגעזעצקייט צווישן שפּינאָזאָס און בערגסאָנס מעטאַפיזישע איינשטעלונגען, ווי אויך צווישן זייערע קאָסמישע צוגאַנגען צו דער פּראָבלעם פון פרייען ווילן.

איינער פון די שטריכן, וואָס כאַראַקטעריזירט שפּינאָזאָס פילאָ־סאָפיע און טיילט זי אויס פון אַלע אַנדערע פילאָסאָפיעס, איז דער אימאַנענץ־שטריך. קיינער פון די פילאָסאָפן פאַר שפּינאָזאַ׳ן, און קיינער פון זיי נאָך אים, איז ניט באַשטאַנען אַזוי שטאַרק ווי ער אויף דעם מאָניסטישן ספּיריטואַליזם. קיינער ווי ער האָט זיך נישט אַזוי שטאַרק איינגעשטעלט פאַר דעם געדאַנק, אַז אַן איינציק, אייביקער, אַבסאָלוט־אומענדלעכער און אַבסאָלוט־פולקאָמענער גאָט פילט־אויס דעם אוני־ווערס און שליסט איין אין זיך דעם גאַנצן וועלטאַל. מיט זיין אויסדרוק „דעוס סיווע נאַטוראַ״ (גאָט אָדער נאַטור) האָט שפּינאָזאַ געוואָלט עס זאָל קלאָר פאַרשטאַנען ווערן, אַז יעדע באַוועגונג און געשטאַלט, וואָס קען פון אונדזערע חושים באַנומען ווערן און פון אונדזער געדאַנק באַגריפן ווערן, איז אַ טייל, אַן אַטריבוט אָדער אַ מאָדוס פון איינער און דער זעלביקער סובסטאַנץ. די דאָזיקע סובסטאַנץ איז נישט עפּעס אַנדערש ווי די זיך־זעלבסט־פאַראורזאַכנדיקע, אייביק־זייענדיקע און אַלץ־אויספילנדיקע גאָטהייט, אָדער דער אַלץ־אַרומנעמענדיקער און אַלץ אין זיך כוללדיקער גאָט.

אַלץ אין דער וועלט, און די וועלט אָדער די נאַטור ווי אַ גאַנצע, דער מענטש בתוכם, איז איינגעשלאָסן אין דער סובסטאַנץ, וועלכע איז דאָס, וואָס יעדער איינער פאַרשטייט אונטער דעם אויסדרוק גאָט. אַלץ, וואָס רינגלט אַרום דעם מענטשן אין זיין טאָג־טעגלעכער ווירק־לעכקייט און אין זיין שיר־השירימדיקסטער פאַנטאַזיע, אינאיינעם מיט דעם מענטשן גופא, איז בלויז אַ פעדעמל אין דער אייביקער נעץ פון געטלעכקייט. די וועלט אָדער די נאַטור איז בכן געוואָרן נישט קיין שאַפונג אָדער אויסדרוק פון גאָט, נאָר אַ טייל פון אים.

דאָס איז דער טייטש פון אַזעלכע זאַצן אין דער „עטיק״, ווי: 1) אַ חוץ גאָט קען קיין סובסטאַנץ נישט זיין און נישט באַגריפן ווערן; 2) אַלץ וואָס איז, איז אין גאָט, און אָן גאָט קען קיין זאַך נישט זיין און ניט באַגריפן ווערן; 3) קיין זאַך אין דער נאַטור איז ניט צופעליק, אַלץ איז באַשטימט אויף אַ געוויסן אופן צו עקזיסטירן און צו ווירקן על פּי הכרח פון דער געטלעכער נאַטור; 4) די אינטעלעק־

טועלע ליבע פון גייסט צו גאָט איז גאָטס ליבע, וואָס מיט איר ליבט גאָט זיך גופא, נישט אויף אַזוי ווייט ווי ער איז אומענדלעך, נאָר אויף אַזוי ווייט ווי ער קען דערקלערט ווערן דורך דעם תמצית פון דעם מענטשלעכן גייסט, וואָס ווערט באַטראַכט אונטער דער פאָרם פון אייביקייט.

אויף אַן ענלעכער אימאַנענץ איז זיך אויך סומך אַנרי בערגסאָנס פילאָסאָפיע. אויך ער שטעלט זיך פאָר דעם גאַנצן קאָסמאָס אין דער פאָרם פון אַן איינציקער גייסטיקער ענערגיע. מחוץ דער דאָזיקער איינציקער אוניווערסאַל־גייסטיקער קראַפט איז קיין זאַך נישט פאַראַן, אַ חוץ אַ פרייער שטחלאָזער צוקונפט, אין וועלכער דער אוניווערס דויערט.

בערגסאָנס באַגריף וועגן דער שייכות פון מאַטעריע צו גייסט איז גיט דער זעלבער, וואָס שפינאָזאָס. שפינאָזאַ האָט געזען אין דער מאַטעריע אַ באַזונדער פאָרם פון דער וועלט־סובסטאַנץ, וועלכע לויפט פאַראַלעל צו דער גייסטיקער פאָרם פון דער זעלבער סובסטאַנץ. בערגסאָן זעט אין דער מאַטעריע אַ רו־צושטאַנד פון דעם וועלט־גייסט אָדער וועלט־סובסטאַנץ, אַ צעשטרייונג־מאָמענט צווישן די שאַפונג־מאָמענטן, וועלכע זיינען פול מיט קאָנצענטרירטקייט און אָנגע־שטרענגקייט.

מיט דער דאָזיקער וויזיע האָט בערגסאָן פאַרשטאַרקט דעם מאָניזם אין דער אימאַנענץ. מחמת זיין בילד וועגן דער שייכות צווישן מאַטעריע און גייסט מאַכט, אַ סך מער ווי שפינאָזאָס בילד, באַגרייפלעך און מעגלעך דאָס רעדוצירן פון מאַטעריע און גייסט צו אַן איינציקן קוואַל פון איבער־גייסט, וואָס פון אים זעצט אַרויס מאַטעריע און גייסט. איבער־גייסט מיינט נישט מער ווי גייסט אין דעם מאָמענט פון העכסטער אינטענסיווקייט.

דער צווייטער שטריך, וואָס פאַראייניקט דעם שפינאָזיזם און בערגסאָניזם, איז דער פילאָסאָפישער אַבסאָלוטיזם אין זיין דערקענט־ניש־טעאָרעטישער פאָרם. ביידע, הן שפינאָזאַ, הן בערגסאָן, נעמען אָן, אַז די רעאַליטעט פון דער וועלט קען פון מענטשן דערקענט ווערן אין איר אַבסאָלוטקייט. אמת טאַקע, פון שפינאָזאָס שטאַנדפּונקט איז גאָט אומענדלעך, דערפאַר האָט ער אַן אומענדלעכע צאָל אַטריבוטן, פון וועלכע מיר קענען בלויז צוויי. דאָס זיינען: רוימלעכע אויסגעשפרייטקייט אָדער מאַטעריע און רוימלאָזע געדאַנקלעכקייט אָדער גייסט. גאָטס

ווערטפֿולקייט, אָבער, געפֿינט איר אויסדרוק אין יעדן איינציקן אַטריבוט פֿון גאָט. דער מענטש ווידער איז ביכולת צו באַגרייפֿן די וועלט אונטער דער פֿאָרם פֿון אייביקייט. דער אייביקייט־שטריך איז אין זיך כולל אויך די שטריכן פֿון אַבסאָלוטקייט און אומענדלעכקייט; ממילא איז דערפֿון געדרונגען, אַז דער מענטש קען אין אַ געוויסן מאָמענט דערקענען גאָטס מהות אָדער די רעאַליטעט פֿון דער וועלט אויף אַן אַבסאָלוטן אופֿן.

אַלץ וואָס פֿאָדערט זיך פֿאַר דער אַבסאָלוטער דערקענטעניש פֿון דער רעאַליטעט, סיי לויט שפּינאָזאַ׳ן, סיי לויט בערגסאָנען, איז אַ פֿאַרטיפֿונג פֿון מענטשן אין זיין אייגענעם איך, אַ צוריקציִען זיך פֿון דער דרויסנדיקער וועלט מיט איר צייטווייליקער ניצלעכקייט און פּראַקטישקייט, מיט איר פֿאַרבייגייאיקער אוטיליטאַריטעט און צוועק־מעסיקייט.

ווער עס קאָן נאָר באַוויזן אַריינצוציִען זיך אין דער אינווייניק־סטער וועלט, אין וועלכער דאָס דויערדיקע פֿאַרנעמט דאָס אָרט פֿון פֿאַרבייגייאיקן, ווערטפֿולקייט, דאָס אָרט פֿון ניצלעכקייט, דער ווערט באַהערשט פֿון דער העכסטער און טיפֿסטער דערקענטניש, וואָס דורך איר אַנטפּלעקט זין די רעאַליטעט.

הן שפּינאָזאַ, הן בערגסאָן, רופֿן עס אַן אינטויִטיווע דערקענטעניש. די דאָזיקע אינטויִטיווע דערקענטעניש ברענגט עס דעם מענטשן צום מהות פֿון דער רעאַליטעט, גיסט אים מיט איר צונויף און מאַכט מעגלעך פֿאַר אים צו שפּירן דעם פּולס פֿון וועלט־גייסט אין זיין גאַנצער אַבסאָלוטקייט.

שפּינאָזאַ איז ניט געווען דער ערשטער, וועלכער האָט אַרויס־געבראַכט דעם באַגריף פֿון אינטויִציע. אַן אָנדייטונג אויף אים האָבן מיר שוין ביי סאָקראַטן. אויף אַ ברייטן און טיפֿן אופֿן האָט אים אַרויסגעבראַכט פּלאָטינוס. שפּינאָזאַ איז אָבער געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַראָפּגעריסן פֿון דער אינטויִציע די מיסטעריעזע שלייערס און האָט זי, אויף אַ גאַנץ קלאָרן און ראַציאָנעלן אופֿן, אַוועקגעשטעלט איבער דעם שכל. בערגסאָן איז געווען דער ערשטער פֿון די נאָך־שפּינאָזאַ פֿילאָסאָפֿן, וועלכער האָט צוריקגעבראַכט אויף דער פֿילאָ־סאָפֿישער אַרענע די אינטויִציע. ער האָט נאָך מער פֿאַר שפּינאָזאַן זיך אָנגעשטרענגט צו געבן איר אַ ריין־ווייסנשאַפֿטלעכן יסוד. ער האָט געמאַכט די אינטויִציע פֿאַרן איינציקן געצייג פֿון אמת־פֿילאָסאָפֿישן

דענקען, פאַרן סינע־קוואַ־נאָן פון דער מעטאַפיזיק. אין דער אייגענער צייט נעמט נישט אַרויס בערגסאָן די אינטויציע פון די מעגלעכקייט־גרענעצן פון יעדן איינציקן מענטשן, וועלכער איז פעיִק אויף גייסטיקער אָנשטרענגונג און זעלבסטפאַרטיפונג.

בערגסאָן לאָזט דער אינטויציע שלאָגן אירע וואָרצלען אין דעם אינסטינקט פון די לעבעדיקע ברואים. שוין אין דער אינסטינקטיווער דערקענטעניש דערזעט בערגסאָן מער טיפקייט ווי אין וועלכער עס איז ראַציאָנעלער אָדער לאָגישער דערקענטעניש. די לאָגיק אָדער דער שכל האָט געהאָלפן דעם מענטשן טרייבן זיין דערקענטעניש אין דער ברייט. די ברייטקייט פון דער לאָגישער דערקענטעניש האָט פאַרוואַנדלט די אינסטינקטיווע דערקענטעניש אין אַן אינטויטיווער. ובכן איז די אינטויטיווע דערקענטעניש געוואָרן אַזאַ דערקענטעניש, וואָס אַנשטייט אין דעם מאָמענט, ווען אַלע אויסדרוקן פון דעם מענטשלעכן גייסט פאַלן זיך צונויף; ווען דער ווילן גיסט זיך צונויף מיט די געפילן, און זיי ביידע מיטן שכל. אַלע דריי אינאיינעם, ווידער, ברענגען צום מענטשן אַ וויזיע און אַ שפּירונג, וואָס יעדער פון זיי באַזונדער קען נישט געבן.

אַזאַ וויזיע און שפּירונג שאַפט אַ קינסטלערישן און מעטאַפיזישן אַריינבליק אין דער רעאַליטעט, וואָס קען אויף טויזנטער אופנים אויסגעברייטערט ווערן דורכן שטודירן די לאָגיק און פון דער מיט לאָגיק אָפּערירנדיקער וויסנשאַפט. זי קען אָבער באַין אופן נישט געשאַפן ווערן, נישט דורך לאָגיק און נישט דורך דער וויסנשאַפט.

אַלע טיפע אַריינבליקן אין דער רעאַליטעט, וואָס האָבן אַנטפּלעקט צו דער מענטשהייט די סודות פון דער נאַטור, זיינען געקומען, מיינט בערגסאָן, אויף אַן אינטויטיוון אופן. יענע אַלע, אָבער, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דעם טראַכטן פון דער וועלט ווי אַ גאַנצע און האָבן געוואָלט דערגיין דעם מקור און ענדציל פון דער וועלט, זיינען ניט בכוח געווען צו באַנעמען די קראַפט פון דער אינטויציע, וואָס האָט געאַרבעט אין זיי. בערגסאָן וויל, אַז די מענטשן זאָלן ווערן מער באַוווּסטזיניק אויף דער דאָזיקער אינטויטיווער קראַפט. דער דאָזיקער באַוווּסטזיין גופא וועט שטאַרקן און רעגן די אינטויציע. אַ דאַנק דעם וועט שטייגן די קינסטלערישע פאַנטאַזיע און די מעטאַפיזישע ספּעקולאַציע, און אינאיינעם מיט זיי — דער קולטור־שוווּנג פון מענטשן בכלל.

## 2

די אימאַנענץ האָט געפירט ביידע ייִדישע פילאָסאָפן צום אינדיווידואַליזם. דאָס איז אַן אינדיווידואַליזם, וועלכער וויל נישט וויסן פון קיין רעזיגנאַציעס, ער וויל ניט זען אין דער זעלבסטפייניקונג אַ מיטל פאַר דערלייזונג. פאַר דעם דאָזיקן אינדיווידואַליזם זיינען די ליידן נישט דער איינציקער וועג, וואָס פירט צו דער געטלעכקייט.

אויף וויפל מיסטיציזם באַדייט אַ באַהעפטונג מיט דער אוניווערסאַלער געטלעכער קראַפט, אויף אַזוי פיל נאַטירלעך איז שפינאָזאַס, אַזוי גוט ווי בערגסאָנס לערעס דורכגעדרונגען מיט מיסטיק. אויך דער שטריך פון אינטויציע פאַראייניקט די דאָזיקע לערעס מיט דער מיסטיק, וועלכע האָט אַלע מאָל באַטראַכט די אינטויציע פאַר איר אינטימסטן אויסדרוק. אויף וויפיל אָבער שפינאָזאַ און בערגסאָן האָבן געמאַכט די אינטויציע צוגענגלעך פאַר יעדן מענטשן, אויף וויפיל זיי האָבן זי אַרויסגעשיילט פון אַלע איבערנאַטירלעכקייטן דערמיט וואָס זיי האָבן זי איינגעשלאָסן אין דער „נאַטוראַ סיווע דעוס" — אין דעם אַלץ איינשליסנדיקן קאָסמאָס, אויף אַזוי פיל איז זייער מיסטיציזם אַנדערש פון דעם, וואָס ווערט געוויינלעך פאַרשטאַנען אונטער מיסטיציזם. קודם־כל פאָדערט נישט זייער מיסטיציזם קיין רעזיגנאַציע, קיין אַגרעסיוון קאַמף מיט די מענטשלעכע באַגערן און ליידנשאַפטן. נאָך וויניקער באַשטייט זייער מיסטיציזם אין דער נעגאַציע פון דעם אייגענעם איך אין נאָמען פון וועלכע עס איז אַנדערע אידעאַלן, אָדער לשם וועלכן עס איז קאָלעקטיוו פון איכן. פאַרקערט, שפינאָזאַ, אין זיין „עטיק", באַשטייט אויסדריקלעך דערויף, אַז די גרעסטע און העכסטע אויפגאַבע פון אַ לעבעדיקן וועזן אויף דער דאָזיקער וועלט איז צו אַנטוויקלען זיין איך אין פאַרלויף פון זיין ערדישער עקזיסטענץ ביז צום שטאַרקסטן גראַד. עס איז דער חוב פון יעדן איך צו זוכן יעדע מעגלעכקייט און געלעגנהייט אויף צו קומען צו זיין פולסטן אויסדרוק.

פאַר דעם דאָזיקן געדאַנק זיינען כאַראַקטעריסטיש דערהויפּט די פאָלגנדיקע דריי זאַצן אין דעם פערטן טייל פון דער „עטיק": 1) עס קען ניט באַגערן גליקלעך צו זיין, גוט צו האַנדלען און גוט צו לעבן, ווער עס באַגערט נישט צוגלייך בכלל צו זיין, צו האַנדלען און צו לעבן. מיט אַנדערע ווערטער, אַקטועל צו עקזיסטירן; 2) קיין טוגענט

קען ניט באַגריפן ווערן פריער פאַר דער דאָזיקער, ס'הייסט פאַר דעם פאַרלאַנג צו אַליין־דערהאַלטונג. דאָס שטרעבן צו אַליין־דער־האַלטונג איז דער ערשטער און איינציקער יסוד פון טוגענט; 3) צו האַנדלען אַבסאָלוט טוגענטהאַפט בלייבט אונדז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי צו האַנדלען, צו לעבן אָדער צו דערהאַלטן דעם אייגענעם זיין אין הסכם מיט די געבאָטן פון דעם שכל אויף דעם יסוד פון זוכן, וואָס ניצלעך איז פאַר זיך גופא.

דאָס פייניקן דעם גוף בלויז לשם פייניקן זיך ווערט פון שפינאָזאַן באַטראַכט פאַר אַן אומזין אָדער אַ פאַרברעכן. ניט ווייניקער אומזין אָדער פאַרברעכן איז דאָס אָפּזאָגן זיך פון אייגענעם גליק און וווילזיין, לטובת דעם גליק און וווילזיין פון אַן אַנדערן, אָדער אַפילו פון אַ סך אַנדערע, זאָל זיין אַפילו פון אַ גאַנץ פאָלק, אָדער אַ גאַנצער מענטשהייט, ווי דאָס פאָדערט, למשל, דער געוויינלעכער אַלטרויִזם. פון שפינאָזאָס שטאַנדפּונקט האָט דער אַלטרויִזם אַ זינען נאָר דעמאָלט, ווען עס ווערט פאַרשטאַנען, אַז דער ענדציל זיינער, ווי אויך זיין אויסגאַנג־פּונקט, איז דער אייגענער אַלץ־איינשליסנדיקער איך. דאָס איז שוין אָבער אין דער אמתן נישט קיין אַלטרויִזם, נאָר אינדיווידו־אַליזם. דאָס צוריקציען זיך פון אַלערליי צייטווייליקע פאַרגעניגנס און דאָס מקריב זיין אַלץ פאַר אַנדערע האָט אַ זינען בלויז, ווען עס ווערט געטון צוליב דער העכערער אַנטוויקלונג און גרינטלעכערער פאַרטיפונג פונעם איך.

דערפאַר באַשטייט שפינאָזאַ זייער שטאַרק דערויף, אַז אַן עמאָציע און ליידנשאַפט קענען באַזיגט ווערן בלויז דורך אַן אַנדער עמאָציע און דורך אַן אַנדער ליידנשאַפט. דער שכל העלפט דעם איך צו דערזען די וועלט אונטער אַן אַנדער פאָרם, אונטער דער פאָרם אַ שטייגער פון אייביקייט. אַזאַ דערזען שטאַרקט און פאַרטיפט דעם וווקס פונעם איך. אויף אַזאַ אופן אַנטוויקלט ער עמאָציעס און ליידנשאַפטן פון אַ מאָראַל־העכערן און עסטעטיש־שענערן גראַד. די דאָזיקע הויכגראַדיקע עמאָציעס און ליידנשאַפטן שטאַרקן זיך איבער די עמאָציעס און ליידנשאַפטן פון אַ נידעריקערן מין און מיט דער צייט פאַרטרייבן זיי די נידעריקערע פאַרלאַנגען און באַגערן.

דער דאָזיקער קאַמף אין נאָמען פון דעם סאַמע העכסטן „איך״ גייט אָן, דאָ אויף דער ערד אין קורצן צייט־לויף פון יעדן מענטשנס עקזיסטענץ. היות ווי די ערד איז איינגעשלאָסן אין דער געטלעכער

סובסטאַנץ, און יעדע צייט־רגע איז איינגעשלאָסן אין דער אייביקייט, מוז דעריבער דער קלענסטער ריר פון יעדן יחיד אין יעדן ווינקל פון דער ערד, האָבן אַן אייביקן און אַן אַבסאָלוטן ווערט.

קורץ איז דעם מענטשנס לעבן אויף דער וועלט, אָבער בשום אופן ניט צופעליק; איין רינגעלע בלויז אין דער אומענדלעכער קייט פון דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ. אַ רינגעל אָבער, וואָס קען נישט אויסגעשלאָסן ווערן פון דעם אין־סוף. די אייביקייט און די דויער־דיקייט באַציען זיך אויפן גאַנצן אַזוי גוט ווי אויף זייערע טיילן; צייט־ווייליקייט איז ניט מער ווי אַ מין זעיר אַנפּין פון דער אייביקייט.

מיר וועלן דאָ ברענגען בלויז אייניקע פון די זאַצן אין דער „עטיק", וואָס אין זיי דריקט זיך אויס דער אינדיווידואַליזם, וועלכער כאַראַקטעריזירט שפּינאָזאָס פילאָסאָפיע:

1) אויף אַזוי ווייט, ווי אַ זאַך שטימט מיט אונדזער נאַטור, איז זי, על פּי הכרה, גוט;
2) לוסט פאַר זיך איז נישט שלעכט אָדער גוט. אומלוסט, פאַר־קערט, איז פאַר זיך שלעכט;
3) רחמנות אין אַ מענטשן, וואָס לעבט לויט דער לייטונג פון דעם שכל, איז פאַר זיך שלעכט און אומניצלעך;
4) אַ פרייער מענטש דענקט ווייניקער פון אַלץ וועגן טויט, און זיין חכמה איז דאָס נאָכדענקען נישט וועגן טויט, נאָר וועגן לעבן.
5) ווער עס דערקענט זיך און זיינע עמאָציעס, ליבט גאָט, און אַלץ מער, וואָס מער ער דערקענט זיך גופא און זיינע עמאָציעס.

פאַר דעם שטריך פון אינדיוויזואַליזם אין שפּינאָזאָס פילאָסאָפיע, איז פון אומגעהויערן באַדייט דער פאָלגנדיקער לעצטער זאַץ אין דער „עטיק":

די גליקזעליקייט איז נישט דער שכר פאַר טוגענט, נאָר די טוגענט גופא, און מיר פרייען זיך מיט איר נישט היות־פאַר, וואָס מיר קאָנטראָלירן אונדזערע תאוות, נאָר פאַרקערט, ווייל מיר פרייען זיך מיט איר, זיינען מיר ביכולת צו קאָנטראָלירן אונדזערע תאוות.

אמת פרייען זיך מיט דער טוגענט קען נאָר דער, וואָס ליבט גאָט. ליבן גאָט קען נאָר דער, וואָס האָט זיין אינדיווידואַליטעט אַנטוויקלט

ביזן העכסטן גראַד. ממילא קומט אויס, אַז אַלע מענטשלעכע פאַרלאַנגען און דערגרייכונגען מוזן שלאָגן זייערע וואָרצלען אינעם באָדן פון אינדיווידואַליזם. אויך בערגסאָן שטעלט זיך איין פאַר דעם, אַז גליקזעליקייט און אמתע פרייד האָבן נישט נויטיק אַ וועלכן עס איז פריי־וויליקן און אויסגערעכנטן אָפּזאָגן זיך פון דעם ערדישן לעבן. פאַר דער העכסטער גליקזעליקייט ווי פאַר דער טיפסטער פרייד איז גענוג בלויז צו שפּירן דעם גייסטיקן מהות פון דער רעאַליטעט און מיטצופילן מיט די אוניווערסאַלע נצחונות פון גייסט איבער מאַטעריע. דער איך דאַרף זיך בלויז דערפילן ווי אַן אנטיילנעמער אין דער שעפערישער אַנטוויקלונג פון דער וועלט, כדי צו דערגרייכן די טיפענישן פון אַלערליי גייסטיקע איבערלעבונגען.

אַזאַ שפּירונג, אַזאַ מיטפילן מאַכט אונדז זייער אָפּט פאַרגעסן אַן דער ערד און אַן דער ערדישקייט מיט איר באַגרענעצטקייט און צייטווייליקייט. אין די דאָזיקע מאָמענטן שפּירט דער מענטש אַן איבערמענטשלעכע פרייד און אַן איבערמענטשלעכע גליקזעליקייט. די דאָזיקע מאָמענטן אָבער דאַרפן אויסגענוצט ווערן ווי אינספּיראַציעס און אַנרעגונגען אינעם קאַמף פאַר אַ מער ווירדיקן מענטשלעכן לעבן טאַקע דאָ אויף גאָטס זינדיקער ערד — פאַר אַ לעבן, וואָס זאָל פאַרוואַנדלען די פאַנטאַסטישע אָדער וויזיאָנערע איבערמענטשלעכקייט אין אַ ווירקלעכקייט. אין דעם זין איז בערגסאָן פּונקט ווי שפּינאָזאַ אַ רעאַליסט. ביידע ווילן זיי נישט דערלאָזן דערצו, אַז וועלכער עס איז טייל פונעם קאָסמאָס, אָדער וועלכער עס איז פאַקט אָדער געשען אין דער וועלט זאָל אָנגענומען ווערן ווי אַן אילוזיע, ווי אַן אויסטראַכטעניש אָדער צוטראַכטעניש פון אַ מענטשלעכן געדאַנק, פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע, וואָס שלאָגן נישט קיין וואָרצלען אין דער אייביקזייענדיקער רעאַליטעט.

דאָס נישט באַלעבטע און דאָס אומבאַוווּסטע איז פון שפּינאָזאָס אַזוי גוט ווי פון בערגסאָנס שטאַנדפּונקט אַן אָרגאַנישע געשטאַלטונג פון דער רעאַליטעט; נישט מער, וואָס בעת שפּינאָזאַ זעט אין דער דאָזיקער געשטאַלטונג אַ תמצית־אויסדרוק פון דער סובסטאַנץ, זעט בערגסאָן אין איר אַ רו־צושטאַנד אָדער אַ צעשטרייאונגס־מאָמענט פון דער זעלביקער געטלעכער סובסטאַנץ אָדער סובסטאַנציעלער געטלעכקייט. ביידע אָבער נעמען אָן, אַז ווו נאָר די רעאַליטעט מאַניפעסטירט זיך אין דער געשטאַלטונג פון זעלבסטבאַוווּסטזיין, דאָרט ווערט

מעגלעך פאַרן איך דורכצונעמען די רעאַליטעט. עס ווערט מעגלעך פאַר אים צו ווערן מאַמענטנווייז איינס מיט דער רעאַליטעט. ער דער־שפירט, אַז ער איז אַ ניצוץ־אלוה ממעל, אָדער אַ פראַגמענט פון דער ראַקעטע, וואָס פון איר ווערן אויף אַן אומאויפהערלעכן אופן אַרויס־געשאָסן אַן אַ שיעור וועלטן. דער מענטש איז דעמאָלט אין פולסטן זין פון וואָרט נהנה מזיו השכינה, מחמת דורך דעם דערפילט ער זיין אייגענע אומענדלעכקייט און אייביקייט, וועלכע גיבן זיין לעבן אַ זינען און אַ ווערט.

דער עקסטרעמער דעטערמיניסט שפינאָזאָ און דער נישט וויניקער עקסטרעמער אינדעטערמיניסט בערגסאָן גיבן מיט זייער אימאַנענט־רעאַליסטישער פילאָסאָפיע אַן אַ שיעור מעגלעכקייטן דעם מענטשן צו שטייגן פון זיין רעלאַטיוו באַגרענעצטער און צייטווייליקער מענטשלעכקייט ביז צו דער אַבסאָלוטער, אומבאַגרענעצטער און אייביק־דויערדיקער איבערמענטשלעכקייט. די רעלאַטיוויטעט און צייטווייליקייט גופא פון מענטשן, פון דער חיה, ווי פון דומם אַפילו, איז אויך אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון דעם גאַנצן. דער זין פון זיין, דער באַדייט פון דער עקזיסטענץ פון יעדער זאַך באַזונדער ליגט איינגעשלאָסן אין דער עקזיסטענץ פון דעם גאַנצן.

אין די אינטערעסן פון דער רעאַליטעט ווי אַ גאַנצע, פאָדערט זיך דאָס זיין און דאָס געשען פון חיהשן און פון מענטשלעכן, פונקט אַזוי גוט ווי עס פאָדערט זיך אין די זעלביקע אינטערעסן דער קאַמף פאַר דאָס איבערמענטשלעכע. דאָס איז דער טייטש פון פראָגרעס. און דאָס, זאָגט אונדז בערגסאָן, איז דער באַטייט פון עוואָלוציע.

זיין אַריינבליק און זיין באַגריף וועגן גאַנצן גאַנג און וועגן דעם זין און באַטייט פון אוניווערסאַלן שאַפונג־ און אַנטוויקלונג־פּראָצעס, רעזומירט בערגסאָן אין די לעצטע פאַר זייטלעך פון זיין שפּעטערישער עוואָלוציע.

### 3

מיר געפינען דאָרט אַנדייטונגען אויף אַלע שטריכן, וואָס כאַראַקטעריזירן זיין פילאָסאָפיע, הן די, וואָס פירן אים צונויף מיט שפינאָזאָן, הן די וואָס שטעלן אים אין אַ דיאַמעטראַלער סתירה צו שפינאָזאָן. אין דעם וואָס די מאַטעריע איז בלויז אַ צושטאַנד פון דער אוניווערסאַלער קראַפט, זעען מיר דעם שאַרפסטן אויסדרוק פון דעם

מאַניסטישן ספּיריטואַליזם. אין זיין ריינער געשטאַלט איז ער געקומען צום ערשטן מאָל אויף דער וועלט מיט שפּינאָזאַ. אין דעם, וואָס די מאַטעריע העלפט דעם גייסט צו אַ קלאָרערער און פעסטערער אינדי־ווידואַליזירונג, צו אַן אומאויפהערלעכער אָנשטרענגונג ארויפצושטייגן און פריי זיך דורכצוזעצן אַ וועג, אויף צו להכעיס אַלע מניעות, זעען מיר דעם מעטאַפיזישן רעאַליזם. דאָס איז דער רעאַליזם, וואָס זוכט אַ סאָלידן אָנשפּאַר ערגעץ־ווו אין דעם אוניווערס פאַר יעדן פאַרבנרייכן חלום, פאַר יעדער אילוזיע אָדער פאַנטאַזיע, אַזוי גוט ווי פאַר דער העסלעכסטער און אָפּשטויסענדיקסטער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט.

דער דאָזיקער רעאַליזם, ווי מיר האָבן געזען, פעלט אויך נישט ביי שפּינאָזאַן. און דער איינציקער אוניווערסאַלער באַוועגער, וואָס איז כולל אין זיך אַלץ, און אַליין איז ער אין קיין זאַך נישט איינגע־שלאָסן, רעדט שוין אויך קלאָר וועגן דעם שפּינאָזאַ־בערגסאָן־שטריך, וואָס רופט זיך אימאַנענץ. דער אָפּטימיזם ווידער, וואָס אָטעמט אַרויס פון די דאָזיקע זייטלעך, שטייגט איבער דעם אָפּטימיזם, מיט וועלכן די „עטיק" איז דורכגעדרונגען. דער איינציקער און אייביקער באַ־וועגער, וואָס טרייבט־אָן די וועלט און וואָס געפינט זיך, אין זיין גאַנצער פולקייט, אין יעדן איינציקן וועזן צו יעדן מאָמענט פון זיין עקזיסטענץ, איז דער גורם פאַר דעם, וואָס אַן אומבאַגרענצטע מעג־לעכקייט פאַרן מענטשנס גייסטיקער שטייגערונג און עטישער דער־הויבנקייט נעמט דורך אַזוי שטאַרק די פילאָסאָפישע סיסטעמען פון שפּינאָזאַ און בערגסאָן. פון בערגסאָנס אָפּטער באַטאָנונג, אַז יעדער לעבעדיק וועזן טראָגט, צו יעדן מאָמענט פון זיין עקזיסטענץ, די גאַנצע קאָסמאָס־פאַרגאַנגענהייט מיט זיך, איז קלאָר, אַז פון זיין שטאַנדפּונקט האָט יעדע מענטשלעכע אָנשטרענגונג, יעדער מענטשלעכער אויפטו, וואָס פאַרקערפּערט אין זיך די פּערזענלעכקייט, אַן אַבסאָלוטן ווערט.

דער דויער, זאָגט בערגסאָן, איז דער אומאונטערגעבראָ־כענער פאָרשריט פון דעם עבר, וועלכע נאָגט די צוקונפט און פאַרגרעסערט זיך אויף איר פאָראויסגיינדיקן מאַרשרוט. און פונקט ווי דער עבר וואַקסט אָן אויפהער, אַזוי איז אויך קיין גרעניץ נישט פאַראַן צו זיין קאָנסערווירונג. זכרון, ווי מיר האָבן געפרווט צו באַווייזן, איז נישט קיין פעיקייט אַריינצולייגן דערי־נערונגען אין אַ שופלאָד, אָדער אַריינשרייבן זיי אין אַ רייסטער.

ניטאָ, נישט קיין רייסטער, נישט קיין שופלאָד; אין דער אמתן, איז נישט פאַראַן אַפילו קיין פעיקייט, מחמת אַ פעיקייט אַרבעט מיט הפסקות, ווען זי וויל און ווען זי קען, בעת דער עבר ווערט אָנגעהויפּט אויף דעם עבר אָן אָפּרו. דער עבר ווערט, אין דער ווירקלעכקייט, קאָנסערווירט דורך זיך גופא. וואָס זיינען מיר, וואָס איז, אין דער אמתן, אונדזער כאַראַקטער, אויב נישט די קאָנדענסירונג פון דער געשיכטע, וואָס מיר האָבן געלעבט פון אונדזער געבוירן אָן, ניין, פאַר אונדזער געבוירן אַפילו, מחמת מיר ברענגען דאָך מיט זיך נאָך פאַרגעבורטיקע נייגונגען. זיכער דענקען מיר מיט בלויז אַ קליינעם טייל פון אונדזער עבר, מיר באַגערן אָבער, מיר ווילן און האַנדלען מיט אונדזער גאַנצן עבר, איינשליסנדיק די אָריגינעלע נייגונג פון אונדזער נשמה.

**דער דאָזיקער דויער־באַגריף לייגט אַוועק אין בערגסאָנס פילאָסאָפיע דעם יסוד פאַר פיר פון די שטריכן, וואָס פאַראייניקן אים מיט שפינאָזאַן. דאָס זיינען: מאָניזם, אַבסאָלוטיזם, רעאַליזם און אימאַנענץ. אין בערגסאָנס באַנעמען, ווידער, די שייכות פון דעם אינדיווידועלן מענטשן צום עבר, ליגט דער יסוד פאַר די אַנדערע שפּינאָזאַ־בערגסאָנישע שטריכן, וואָס אויך זיי האָבן מיר פריער באַטאָנט, און דאָס זיינען: דער מיסטעריעלאָזער מיסטיציזם און דער אינדיווידואַליזם. דער עבר איז, דאָס טאָרן מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן, בעת מיר לייענען שפינאָזאַן אָדער בערגסאָנען, אין זיין תוך און תמצית, אַ גייסטיקייט פון אַזאַ אָדער אַן אַנדער געשטאַלטונג. ער איז פול מיט לעבן אָדער איבערלעבן, מיט באַוווסטזיין אָדער איבער־באַוווסטזיין, ער שניידט זיך איין אָן אָפּשטעל אין דער צוקונפט, רינגלט אַרום דעם מענטשן פון אַלע זייטן. ער אַנטפּלעקט זיך אָבער נישט אין זיין פולער גאַנצקייט צום באַוווסטזיין, וועלכער זעצט זיך דורך דורך דעם מענטשנס מאַרך.**

**אין זיין פולער גאַנצקייט שוועבט דער עבר אין די ראַיאָנען פון אונטער־באַוווסטזיין אָדער אין די וועלטן פון דעם גרויסן אומבאַוווסטזיין. נאָר אין די מאָמענטן, ווען דער מענטש שטייגט איבער, דורך אַן אויסערגעוויינלעכער אָנשטרענגונג, די באַגרענעצטקייט פון דער געוויינלעכער מענטשלעכקייט, און דערהויבט זיך צו דער מדרגה פון זיין ביכולת צו דערבליקן די אומענדלעכקייט און איבערמענטשלעכקייט;**

נאָר אין די מאָמענטן, ווען ער פאַרלאָזט די מאָמענטאַלע ניצלעכקייט און פאַרטיפט זיך אין דער אייביקער ווערטפולקייט, באַקומט ער אַן אַנונג פון דעם אַבסאָלוטן עבר, וועלכער נעמט אַרום און ווערט פון קיין זאַך נישט אַרומגענומען.

דער מענטש, גלויבט בערגסאָן, קען פון צייט צו צייט, און אונטער געוויסע אומשטענדן, פאַרבינדן אויף אַ געוויסן אופן דאָס באַוווסטזיניקע מיט דעם אומבאַוווסטן, וואָס איז אין דער אמתן אַ מין איבערבאַוווסטזיין. ער איז בכוח צו דערשפּירן זיין אָנגעהעריקייט צום אוניווערסאַלן איך, וואָס דורך אים באַקומט יעדע באַזונדערע עקזיס־טענץ אַ זין, און זיין אייגענע עקזיסטענץ אַ ווערט. ער קען זיך איבער־טראָגן אין די אייגנשאַפטן אָדער אַטריבוטן פון דער אוניווערסאַלער קראַפט, און דורך דעם דערזען אירע אויסדרוקן אין דער פאָרם פון איביקייט און אומענדלעכקייט, אָדער דויערדיקער קאָנטינויִטעט. אָט די דאָזיקע אַלע מעגלעכקייטן שאַפן די יסודות פאַר אינדיווידואַליזם, וועלכער איז נאָך שטאַרקער איידער דער אינדיווידואַליזם אין שפּי־נאָזאַס פילאָסאָפיע. און אויף וויפיל דער אינדיווידואַליזם איז שטאַרקער, אויף אַזוי פיל איז דער אָפּטימיזם וואָגיקער.

דער דאָזיקער אינדיווידואַליסטישער אָפּטימיזם צווינגט עס בערגסאָנען צו קומען צום אויספיר, אַז אַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג צווישן די צוויי טעאָריעס — פון דער דערקענטניש און פונעם לעבן — וועט אַריינברענגען מער אינטענסיווקייט און שנעלקייט אין דער אַרבעט צו דערגרונטעווען די טיפענישן פון דער רעאַליטעט.

אין די טיפענישן פון דער עקזיסטענץ פון זיין אייגענעם איך געפינט בערגסאָן דעם שליסל צו דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ. זיין בוך שעפערישע עוואָלוציע עפנט בערגסאָן אויף מיטן זאַץ:

> די עקזיסטענץ, וואָס וועגן איר זיינען מיר מער זיכער ווי וועגן אַלץ, און וואָס זי לערנען מיר אַמבעסטן, איז אָן ספק אונדזער אייגענע; מחמת די באַגריפן, וואָס מיר האָבן וועגן יעדן אַנדערן אָביעקט, קענען באַטראַכט ווערן ווי אויסערלעכע און אויבער־פלעכלעכע, דאָס דערווייסן זיך אָבער וועגן אונדז גופא איז אינעווייניק און טיף.

דורך אַ טיפער פּסיכאָלאָגישער אינטראָספּעקציע, אָדער אַן אינ־טויִטיוון אַראָפּלאָזן זיך אין די תהומען פון זיין אייגענעם איך, קומט ער צום אויספיר, אַז פאַר אַ באַוווסטזיניקן ווען צו עקזיסטירן מיינט,

זיך בייטן. און בייטן זיך מיינט צייטיק ווערן, און צייטיק ווערן הייסט אַנגיין אַן אַ סוף מיט דעם באַשאַף פון זיך גופא. ער טראָגט אַריבער דעם דאָזיקן באַטייט פון עקזיסטענץ אויף דעם גאַנצן אוניווערס. און דערנאָך, ווידער, זעצט ער אַריין די זעלבע דויערדיקע עקזיסטענץ אין יעדן אָרגאַניזם.

„דער אוניווערס ווי אַ גאַנצער — זאָגט בערגסאָן, — „און יעדער באַוווסטזיניק וועזן באַזונדער, איז ווי יעדער אָרגאַניזם וואָס לעבט, אַ זאַך וואָס דויערט". אויף אַזאַ אופן באַקומט יעדע אינדיווידואַליטעט אַן אוניווערסאַלן באַטייט, וועלכער שאַפט אַ זין פאַר דער עקזיסטענץ פון יעדן אינדיוויד, וועלכער איז אַן אוממיטלבאַרער אויסדרוק פון דעם אוניווערסאַלן איך.

דעם זעלבן קרייז, פון סוביעקטיוויזם און אינדיווידואַליזם צו אוניווערסאַליזם און צוריק, געפינען מיר אויך ביי שפינאָזאַן, ווי עס ווייזן די וויטערדיקע עטלעכע גרונטזאַצן און אויסדרוקן, וועלכע זיינען צעוואָרפן איבער זיין עטיק.

1) יעדע אידעע, וועלכע איז אַבסאָלוט, אָדער אַדעקוואַט און שלימותדיק, איז אמת.

2) ווער עס האָט אַן אמתע אידעע, ווייסט אין דער אייגענער צייט, אַז ער האָט אַן אמתע אידעע, און ער קען נישט צווייפלען אין דער זאַך, וועלכע ער ווערט געוווּיר.

3) יעדע אידעע פון יעדן קערפּער, אָדער פון יעדערווירקלעך עקזיסטירנדיקער זאַך, שליסט איין, על פי הכרח, דעם אייביקן און אומענדלעכן תמצית פון גאָט.

4) דער מענטשלעכער גייסט האָט אַן אַדעקוואַטע דערקענטניש פון דעם אייביקן און אומענדלעכן תמצית פון גאָט.

5) אונדזער העכסטער גליק און גליקזעליקייט באַשטייט אויס־שליסלעך אין דער דערקענטניש פון גאָט.

6) אין גאָט איז, על פי הכרח, פאַראַן אַן אידעע, וועלכע דריקט אויס די עסענץ פון דעם אָדער יענעם מענטשלעכן קערפּער אונטער דער פאָרם פון אייביקייט.

7) דער מענטשלעכער גייסט קען ניט אַבסאָלוט צעשטערט ווערן מיט דעם קערפּער, נאָר עס בלייבט פון אים עפּעס וואָס איז אייביק.

אַן אוניווערסאַליטעט, דעריבער, וואָס מיט דער הילף פון אַ

רעאַליסטישער מיסטיק, אַנטפּלעקט זיך צו אונדז אויף אַן אוניווערסאַ־ליסטיש־אינדיווידואַליסטישן אופן אין דער געשטאַלט פון אַן אַבסאָלוט־מאָניסטישער און אמאַנענטער גייסטיקייט — דאָס איז דאָס וועלט־בילד, וואָס כאַראַקטעריזירט שפּינאָזאָס אַזוי גוט ווי בערגסאָנס פילאָסאָפיע.

ערשט אויף דעם דאָזיקן פעסטן יסוד פון ענלעכקייט צווישן שפּינאָזאַ׳ס און בערגסאָנ׳ס לערעס, דערהויבט זיך דער פּראַכטפול־שיינער בנין פון סתירותדיקייט צווישן די זעלביקע לערעס.

4

שפּינאָזאַ האָט איינגעשלאָסן די וועלט אין אַן אומענדלעך אויסגעשפּרייטער אייביקייט. ער האָט געלאָזט אַלץ אין דער וועלט אַרויסקומען „פון דעם אייביקן דעקרעט פון גאָט מיט דערזעלבער נויטווענדיקייט, ווי עס דרינגט אַרויס פון דער עסענץ פון אַ דרייעק, אַז אַלע דריי ווינקלען זיינען גלייך צו צוויי רעכטע ווינקלען״. דער עתיד, אַזוי גוט ווי דער הווה, און דער הווה אַזוי גוט ווי דער עבר, זיינען אַלע איינגעשלאָסן אין אַן איינציקער צייט־אויסגעשפּרייטקייט, וואָס האָט נישט קיין אָנהויב און האָט נישט קיין סוף. זי איז די אייביקייט. אַלץ, וואָס געשעט, אַלץ וואָס ווערט פאַר אונדזערע אויגן, איז נישט מער, ווי אַ צייטווייליקער בליק, אַ קורצזיכטיקע אָריענטירונג אין דעם אייביקן און אומענדלעכן זיין. די רעאַליטעט, אין איר עצם מהות, וועט אַלע מאָל זיין דאָס, וואָס זי איז געווען, און געווען איז זי אַלע מאָל דאָס, וואָס זי איז. פאַר אַן אויג, וואָס וואָלט געקענט אַרומנעמען די אַבסאָלוטקייט, וואָלט דער עבר, הווה און עתיד, זיך צונויפגעגאָסן אין אַ ריינעם קרישטאָל־דורכזיכטיקן זיין. און דאָרט, ווו עס איז נישט פאַראַן קיין ווערן, איז דאָך קיין בעסער ווערן אָדער אַנדערש ווערן אודאי נישט שייך. דערפאַר זאָגט טאָקע שפּינאָזאַ, אַז פאַר אים איז רעאַליטעט און שלמות איינס און דאָס זעלביקע.

בערגסאָנען געפעלט ניט שפּינאָזאָס אומענדלעך־אויסגעשפּרייטע אייביקייט. אַנשטאָט אַן אוניווערסאַלע אייביקייט, דערבליקט ער מיט זיין אינטויציע אַן אוניווערסאַלן דויער, אַנשטאָט אַ סובסאַטציעלן זיין, אַן אומאויפהערלעכן באַשאַפונג־פּראָצעס פון דעם אַלוועלטלעכן מהות.

נישט נאָר מיטן זיין, נאָר אַפילו מיטן ווערן שטעלט זיך בערגסאָן

נישט צופרידן. ער גייט אַזוי ווייט, ווי אַריינצוברענגען אַ רעוואָלוציע אַפילו אין דעם באַגריף פון עוואָלוציע. די וועלט, על פּי בערגסאָן, מאַכט דורך נישט נאָר אַן אויסוויקלונג־פּראָצעס; געשעענישן אין דער וועלט זיינען נישט בלויז אַ רעזולטאַט פון די כּחות, וואָס ליגן פון אייביק ביז אייביק פאַרבאַהאַלטן פון אונדז אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון דער וועלט־סובסטאַנץ. קיינער פון די ביז איצטיקע אָנגעגעבענע פאַקטאָרן און נישט אַלע פאַקטאָרן אינאיינעם גענומען דערקלערן אַלע ענדערונגען, אַלע קאָמפּליצירטקייטן און אַלע פּראָגרעסיווע ווענדונגען, וואָס שטעלן צונויף דאָס, וואָס מ׳רופן עוואָלוציע.

אין דער גאַנצער ביאָלאָגישער וויסנשאַפט געפינט ער גענוג מאַטעריאַל צו באַשטעטיקן זיין השערה, צו וועלכער ער איז געקומען אויף אַן אינטויטיוו־דעדוקטיוון אופן. דאָס איז די השערה, אַז דער אוניווערס מאַכט דורך אַ שעפערישע עוואָלוציע.

בכן, איז ניט נאָר ווערן זאַכן אַרויסגעבראַכט מכּוח אל הפּועל, נאָר טאַקע שפּאָגל נייע כּוחות ווערן אויף אַן אומאויפהערלעכן אופן געשאַפן אין דער וועלט, און דאָס איז דער טייטש פון דעם פּסוק: „די וועלט דויערט". און דער טייטש פון גייסט איז יצירה, און דעם זעלבן טייטש האָט אויך לעבן. גייסט, לעבן און יצירה זיינען כּמעט אידענטיש. זיי אַלע זיינען דער וועלט־מהות אָדער גאָטס מאָמענטן פון אינטענסיווער און קאָנצענטרירטער געשפּאַנטקייט. מאַטעריע, ווידער, איז נישט מער ווי צעשטרייונג מאָמענטן פון דער געטלעכער סובסטאַנץ, אָדער געטלעכער פּערזענלעכקייט, מאָמענטן פון גלייכגילטיקער אָפּגעלאָזנקייט.

„דער אוניווערס", זאָגט בערגסאָן, „איז ניט עפּעס, וואָס איז שוין געמאַכט, נאָר ער ווערט געמאַכט אָן אויפהער. ער וואַקסט אפשר אויף אַן אומבאַגרענעצטן שטייגער, דורך דעם חיבור פון נייע וועלטן", און גאָט, על פּי בערגסאָן, איז אומאויפהערלעכער לעבן, אַקטיוויטעט און פרייהייט. גאָט, אַזוי גוט ווי דער אוניווערס, און אַלץ אין דעם אוניווערס, דויערט און דויערן מיינט שאַפן פון דאָס ניי להיפּוך צו דעם זיין פון אייביק ביז אייביק.

דער ווירקלעכער דויער איז דער דויער, וואָס אין אים פליסט יעדע פאָרם אַרויס פון די פריערדיקע פאָרמען, צוגעבנדיק

זיי גלייכצייטיק עפּס נייעס. די נייע פאָרם דערקלערט די אַלטע פאָרמען נישט ווייניקער, ווי זי ווערט פון זיי דערקלערט. אַרויס־צודרינגען אָבער די דאָזיקע פאָרם אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן פון איין פולקאָמענעם וועזן, וואָס דורך איר, נעמען מיר אָן, מאַניפעסטירט ער זיך, מיינט צוריקגיין צום שפּינאָזיזם. עס מיינט, מיט לייבניצן און שפּינאָזאַן, צו לייקענען, אַז דער דויער האָט וועלכע עס איז ווירקנדיקע אַקטיוויטעט.

אָט אויף דעם דאָזיקן פּונקט פון ווירקנדיקער אַקטיוויטעט ווי אַן אייגנשאַפט פאַר־עקסעלאַנץ פון דער רעאַליטעט, אָדער פון דער רעאַלער געטלעכקייט, גייט זיך בערגסאָן אַמשטאַרקסטן פונאַנדער, נישט נאָר מיט לייבניצן און שפּינאָזאַן, נאָר אויך מיט דעם ריז פון דער נייער פילאָסאָפיע — קאַנטן, ווי אויך מיט די גרעסטע פון דער נאָך־קאַנטיאַנישער תקופה.

קאַנט האָט די גאַנצע מאַטעריעלע וועלט, וועלכע איז אייג־געוואָרצלט אין שטח, אַריינגעזעצט, אינאיינעם מיטן שטח, אין מענטש־לעכן געדאַנק. אויף אַזאַ אופן האָט ער די גאַנצע נאַטור מיט איר געזעצמעסיקייט, געמאַכט ארויסצושטראַלן פון דעם מענטשלעכן גייסט. מיט דעם אַלעם איז בערגסאָן אינגאַנצן מסכים. אים פאַרדריסט אָבער וואָס קאַנט האָט נישט דערשפּירט אין זיך קיין אַנדער צייט אַ חוץ דער אַזוי גערופענער אַבסטראַקטער צייט, וועלכע איז פּונקט אַזוי הוילֿ, ליידיק און דורכזיכטיק, ווי דער רוים גופא. זי פאַרמאָגט נישט אין זיך קיין ברעקל מער ווירקלעכע און ווירקנדיקע אַקטיוויטעט איידער שפּינאָזאָס אייביקייט. קאַנט האָט נישט געשפּירט די קאָנקרעטע צייט, וועלכע לויפט נישט, ווי די אַבסטראַקטע צייט, פּאַראַלעל צום רוים, נאָר ליגט אין גאָר אַנדערע געגנטן. ווי באַלד קאַנט שפּירט נים דעם דויער, וועלכער איז די אינטענסיוו־שאַפנדיקע באַוועגונג און נישט, ווי דער שטח, אויסגעשפּרייטע צוריקגעצויגנקייט פון רו־צושטאַנדן, האָט ער געמוזט אַוועקשטעלן אַן אומענדלעכע מחיצה צווישן דער רוימיזירטער מענטשלעכער דערקענטעניש און דער רעאַליטעט, וואָס געפינט זיך פון יענער זייט שטח.

די פאַקטן — זאָגט בערגסאָן — ווערן לויט קאַנטן אויס־געשפּרייט אויף איין פלאַך מיט דער זעלבער שנעלקייט, מיט

װעלכער זיי קומען אויף... װעגן אַ דערקענטניש פֿון אינע־װייניק װאָס װאָלט געקענט באַנעמען די פֿאַקטן, בעת זיי שפּרינגען אַרויס, אַנשטאָט צו נעמען זיי נאָך דעם, װי זיי זענען שוין אַרויסגעשפּרונגען; װעגן אַ דערקענטעניש, װאָס װאָלט געגראָבן אונטער דעם שטח און אונטער דער רוימיזירטער צייט, איז ביי קאַנטן קיינמאָל קיין פֿראַגע נישט געװען. אין דער װירק־לעכקייט אָבער פֿאַרזעצט אונדז אונדזער באַװוסטזיין אונטער דעם דאָזיקן פֿלאַך; דאָרט פֿליסט דער אמתער דויער.

דער דויער און דער שטח, אָדער די רוימיזירטע צייט, די אַבסטראַקטע און די קאָנקרעטע צייט זײַנען ביידע אָרגאַנישע באַשטאַנד־טיילן פֿון דער רעאַליטעט פּונקט װי די אינטויִציע און דער אינטע־לעקט זײַנען עלעמענטן אָדער אַנשטרענגונגען פֿון איינעם און דעם זעלביקן מענטשלעכן גייסט. דער דויער און דער רוים זײַנען צװיי סתּירותדיקע באַװעגונגען פֿון דעם אוניװערסאַלן גייסט אָדער צװיי סתּירותדיקע צושטאַנדן, װאָס ביידע צוזאַמען טרײַבן זיי אָן דעם אַנטװיקלונגס־פּראָצעס פֿון דער װעלט. פֿאַרלאָזן מיר זיך בלויז אויפֿן אינטעלעקט, זעען מיר בלויז איין צושטאַנד פֿונעם װעלט־גאַנג, מוז אונדזער דערקענטעניש זײַן, װי קאַנט האָט געדענקט, רעאַליטוו. װערן מיר אָבער באַװוסט אויף דער אינטויִציע, דעמאָלט דערבליקן מיר אָדער אַן אייביקן זײַן, װאָס האָט נישט מער װי איין צושטאַנד, אָדער דעם אומאויפֿהערלעכן דויער מיט זײַנע סתּירותדיקע צושטאַנדן. אין ביידע פֿאַלן דערבליקן מיר דעם מהות פֿון דער װעלט און אונדזער דערקענטעניש װערט, װי שפּינאָזאַ האָט געדענקט, אַבסאָלוט.

דער דאָזיקער באַגריף װעגן מאַטעריע און גייסט, שטח און דויער, אינטעלעקט און אינטויִציע, װי װעגן צװיי סתּירותדיקע באַ־װעגונגען אָדער צושטאַנדן פֿון דעם אוניװערסאַלן און מענטשלעכן גייסט, טוט אויף צװיי זאַכן.

פֿון איין זייט פֿאַרשטאַרקט אַזאַ באַגריף דעם מאָניזם דערמיט, װאָס ער מאַכט, װי מיר האָבן שוין פֿריער דערמאָנט, מער באַגרייפֿלעך דאָס צוריקברענגען פֿון מאַטעריע צו גייסט און די פֿאַרװאַנדלונג און צונויפֿגיסונג פֿון ביידע אין אַן אייביקן שטראָם, װאָס פֿליסט פֿון אַן איינציקן קװאַל — פֿון דער אוניװערסאַל־שאַפֿנדיקער אָדער אומאויפֿ־

הערלעך דויערנדיקער און אַלץ אויספילנדיקער פּערזענלעכקייט, דאָס הייסט, פון גאָט.

פון דער צווייטער זייט, פאַרשטאַרקט דער דאָזיקער באַגריף די סתירותדיקייט פון די קוואַליטעטן און פונקציעס פון דער מאַטעריע און פון גייסט. אויף אַזאַ אופן ווערט מעגלעך פאַר בערגסאָנען אַרויס־צוטרעטן קעגן דער שטאָל און אייזן איינהייטלעכקייט און געזעצ־מעסיקייט פון שפּינאָזאַ און אַנדערע, און צו באַפרייען די מאַטעמאַטיק פון דער אוניווערסאַלער אָנווענדבאַרקייט, אין וועלכער שפּינאָזאַ און אַנדערע האָבן זי ווי אין קייטן געשמידט.

שפּינאָזאַ האָט זיך אָנגעשטרענגט ביז גאָר אויף אַריינצוזעצן אין די ראַמען פון דער מאַטעמאַטיק, אין די ראַמען פון דער אוניווער־סאַלער געזעצמעסיקייט, די געפילן, די לײדנשאַפטן און אַנדערע מענטש־לעכע עמאָציעס, אַזוי גוט ווי אַלערליי דערשיינונגען און געשעענישן פון דער באַלעבטער און אומבאַלעבטער נאַטור.

בערגסאָן באַפרייט דעם גייסט און דאָס לעבן פון די קייטן פון מאַטעמאַטיק און נאַטור־געזעצמעסיקייט. גייסט און לעבן זיינען שעפערישע כוחות, זיי זיינען עס דער אומאויפהערלעכער שטראָם פון לעבן, זיי דויערן, און אַלץ וואָס שאַפט און דויערט איז פריי. די וועלט ווערט נישט געהאַלטן געפאַנגען אין דער נעץ פון אייביקייט, נאָר פאַרקערט, זי האָט פאַר זיך אַן אַבסאָלוט־פרייע און אומבאַשטימטע צוקונפט. דער גאַנצער עבר, אין זיין אַבסאָלוטקייט, גייט אַריין אין יעדן צוקונפטיקן מאָמענט, שלינגט אים איין, פאַרוואַנדלט אים אין אַ קעגנוואַרט, און פון דאָס ניי אין אַן עבר. דאָס אַלץ ווערט אָבער געטון נאָכן שאַפונג־מאָמענט און נישט פריער אָדער בשעתן שאַפן. דער גאַנצער עבר באַטייליקט זיך אינעם שאַפונגס־פּראָצעס, ווירקט און באַאיינפלוסט אים דורך זיין מער איבטענסיווער אָדער ווייניקער איב־טענסיווער געשפּאַנטקייט, ער קען אים אָבער נישט באַשטימען, און נאָך ווייניקער פאַראויסבאַשטימען. אַלץ, וואָס ווערט געשאַפן, ווערט תיכף ומיד איינגעשלאָסן אין די ראַמען פון געזעצן, וואָס די לאָגיק אָדער דער אינטעלעקט האַלט אַלע מאָל צוגעגרייט. מיט דעם אַריינ־טרעטן אָבער פון דעם געשאַפענעם אין די ראַמען פון אינטעלעקטועלער געזעצמעסיקייט, ווערט עס שוין חומר אַנשטאָט גייסט, לעבלאָזיקייט אנשטאָט לעבן. לעבן און גייסט, אין זייערע טיפסטע מהותן, שטייגן אַריבער די מאַטעריאַליטעט אַזוי גוט, ווי די אינטעלעקטואַליטעט. די

אומאויפהערלעך־קוואַלנדיקע אוניווערסאַלע גייסטיקייט וועט אויך איבערשטייגן און איינשלינגען יעדע מאַטעמאַטישע געזעצמעסיקייט, יעדע פיזישע סיבהדיקייט און יעדע וויסנשאַפטלעך־אָנגענומענע קאַזואַליטעט.

דער אַנאַליז — זאָגט בערגסאָן — וועט בלי ספק רעדוצירן די פּראָצעסן פונעם אָרגאַנישן באַשאַף צו אַ שטענדיק־וואַקסנ־דיקער צאָל פון פיזיאָ־כעמישע דערשיינונגען, און די כעמיקער און פיזיקער וועלן נאַטירלעך זיך ניט פאַרנעמען מיט קיין אַנדער זאַך ווי מיט די דאָזיקע פּראָצעסן; דערפון אָבער דרינגט ניט, אַז די כעמיע און די פיזיק וועלן אונדז ווען עס איז געבן דעם שליסל צום לעבן...

אַלע אונדזערע אַנאַליזן ווייזן אונדז, אין לעבן, אַ באַמיונג אַרויפצושטייגן אויף דעם משופּעדיקן פּלאַך, פון וועלכן די מאַטעריע קייקלט זיך אַראָפּצו. דערין אַנטפּלעקן זיי צו אונדז די מעגלעכקייט, די נויטווענדיקייט אַפילו פון אַ פּראָצעס, וועלכער איז דער היפוך פון מאַטעריאַליטעט, אַ פּראָצעס, וועלכער איז בכוח, בלויז דורך זיין אונטערברעכן, צו שאַפן מאַטעריע.

אויף וויפיל דאָס לעבן איז דער היפוך פון מאַטעריאַליטעט, אויף וויפיל עס זוכט רק זיך צו באַפרייען פון מאַטעריאַליטעט, אויף אַזוי פיל איז עס פול מיט אָן אַ שיער שאַפונג־מעגלעכקייטן, און דאָס וואָס האַלט אין באַשאַפן ווערן קען נישט דערקלערט ווערן דורך דעם, וואָס איז נאָך נישט געשאַפן געוואָרן. במילא, קען עס אויך נישט פאָראויסגעזען און פאָראויסבאַשטימט ווערן.

דער אינהאַלט פון דעם, וואָס איז נאָך נישט פאַראַן, איז צו קיינעם, אַפילו צו גאָט אַליין, נישט באַקאַנט. אַלץ וועגן וואָס מען איז זיכער איז, אַז יעדע נייע שאַפונג מיינט אַ גרעסערע געשפּאַנטקייט פון גאָט, אַ שטאַרקערע פאַרטיפונג פון דער אוניווערסאַלער וועזנטלעכקייט, אַלץ מער נצחון פון גייסט איבער מאַטעריע.

5

דער דויער איז בכן שוין כולל אין זיך איפּסאָ־פאַקטאָ דעם אינדעטערמיניזם, וועלכער איז בערגסאָנס גרעסטער אויפטו. קיינער

איז נאָך נישט אַזוי שטאַרק ווי ער אַרויסגעטראָטן קעגן יעדן מין מעכאַנישקייט, הן אין דער גייסטיקער געשטאַלט, וואָס שפּינאָזאַ האָט איר געגעבן, הן אין דער מאַטעריאַליסטישער געשטאַלט, וואָס די ווּיסנשאַפט האָט איר געגעבן.

די מעכאַנישע דערקלערונגען זיינען לויט בערגסאָנען, אַנ־ווענדבאַר אויף סיסטעמען, וועלכע אונדזער געדאַנק האָט אויף אַ קינסט־לעכן אופן אָפּגעריסן פון דעם גאַנצן. דאָס גאַנצע גופא אָבער און די סיסטעמען, וואָס זיינען אין דעם גאַנצן, זיינען אויף אַ מעכאַנישן אופן אומדערקלערבאַר, אַנדערש וואָלט צייט געווען ניצלאָז און אויך ניט ווירקלעך.

וואָס איז דען דער תמצית פון מעכאַניזם, פרעגט בערגסאָן, אויב נישט דאָס, וואָס ער באַטראַכט דעם עתיד און דעם עבר ווי פונקציעס פון דעם הווה, וואָס קענען אויסגערעכנט ווערן? דאָס מיינט דאָך בלויז אָננעמען מיט שפּינאָזאַן, אַז אַלץ אין דער וועלט איז שוין געגעבן געוואָרן. גייענדיק אין די מאַטעריאַליסטישע וועגן, אָנשטאָט אין שפּי־נאָזאָס גייסטיקע וועגן, זיינען אַזעלכע וויסנשאַפט־לייט, ווי לאַפּלאַס און האַקסלי געקומען צום אויספיר, אַז ווען דער מענטשלעכער שכל זאָל קענען אַריינבליקן אין דעם תמצית פון דעם צונויפשטעל פון דער מאַטעריע און אין דעם גאַנג פון אַלע אָפּעראַציעס פון דער קאָסמישער קראַפט, וואָלט ער געקענט פאָראויסזאָגן מיט אַלע פּרטים די צוקונפ־טיקע געשעענישן פון דער וועלט. די גאַנצע צוקונפט וואָלט געבליבן ליגן אַן אָפענע פאַר אים. דאָס וואָלט געמיינט, אַז צייט האָט נישט קיין ברעקל ווירקזאַמקייט און איז גאָרנישט.

דויער מיינט אָבער, אַז די קאָנקרעטע צייט ווירקט און שאַפט און פילט זיך אָן אויף אַן אומאויפהערלעכן אופן מיט נייע אינהאַלטן, וועלכע זיינען אין ערגעץ נישט געלעגן פּאָטענציעל און דערפאַר קענען זיי בשום אופן נישט פאָראויסגעזען ווערן. בערגסאָן וויל האָבן, אַז יעדער מאָמענט פון אונדזער פּערזענלעכקייט איז אַן אָריגינעלער מאָמענט פון אַ געשיכטע, וועלכע איז ניט ווייניקער אָריגינעל. דערמיט טראָגט ער אַריבער דעם דויער פון דעם יחיד אויף דעם אוניווערס ווי אַ גאַנצן. די גאַנצע רעאַליטעט, ס׳הייסט די אוניווערסאַלע פּערזענלעכקייט גופא, אַנטוויקלט זיך אין אַ צוקונפט, וועלכע איז פריי פון אַלערליי פאָראויסבאַשטימטקייטן.

דערמיט האָט בערגסאָן געגעבן אַ גאַנץ נייע ווענדונג די אַלע

דיסקוסיעס וועגן פראָבלעמען פון פרייען ווילן. ער האָט צום ערשטן מאָל קלאָר געמאַכט, אַז די פרייהייט פון מענטשן באַשטייט נישט אין אויסקלייבן צווישן צוויי מעגלעכע פאָרשטייענדיקע האַנדלונגען. פון דויער־שטאַנדפונקט איז דאָך אַזאַ זאַך ניט מעגלעך, ווייל אַלץ וואָס שטייט פאַר דעם דויער און דעם שאַפנדיקן גייסט, אַלץ וואָס שטייט פאַר דעם מיט אימפעט זיך טראָגנדיקן לעבנס־שטראָם, איז אַ צוקונפט, פריי פון וועלכע עס איז פרעדעטערמינירונגען. דער מענטש איז פריי בלויז צו וועלן, דאָס הייסט ער איז פריי צו טרייבן זיינע שאַפונגס־כוחות, זיין דויער־אינטענסיוויטעט, ביז צום העכסטן און טיפסטן גראַד. ער קען אָנרעגן זיין ווילן צו דער פרייהייט ביז צום העכסטן עקסטאַז, און דערמיט העלפן דעם נצחון פון גייסט איבער דער מאַטעריע. דאָס מיינט, במילא, צו העלפן שאַפן נייערע און טיפערע אינהאַלטן און געשטאַלטן פון דער וועלט, וואָס יעדער איינער פון זיי, און אַלע אינאיינעם אוודאי, באַדייטן אַ פאַרטיפונג פונעם אוניווערסאַלן איך.

דער מענטש ווערט אין אַ געוויסן זין אַן אמתער שותף צו מעשה־בראשית. יעדע אָנשטרענגונג זיינע אין דער ריכטונג פון גייסט איבער מאַטעריע, קריגט אַ טיפערן זין און גרעסערן ווערט. די באמת אויפ־טועריש אָנשטרענגונג איז נאָר די, וואָס אין איר ווערט פאַרקערפּערט די גאַנצע פערזענלעכקייט פון דעם מענטשן, זיין גאַנצער און פולער איך. דעריבער רעדט טאַקע בערגסאָן אויסדריקלעך וועגן צוויי איכן אין איינעם און דעמזעלבן מענטשן. איין איך איז, ווי ער דריקט זיך אויס, די אויסנווייניקסטע פראָיעקטירונג פונעם צווייטן איך, זיין שטחדיקע פאָרשטעלונג. צום טיפערן נישט שטחדיקן איך קאָן מען צוקומען נאָר דורך אַ טיפער אינטראָספּעקציע, וועלכע פירט אונדז צום באַנעמען אונדזערע אינערלעכע צושטאַנדן ווי לעבעדיקע זאַכן, וואָס האַלטן אין ווערן.

דעם דאָזיקן איך — זאָגט בערגסאָן — עמפינדן מיר ווען דורך אַ העפטיקער אָנשטרענגונג פון נאָכדענקען, ווענדן מיר אָפּ אונדזערע אויגן פון דעם שאָטן, וואָס פאָלגט אונדז נאָך, און מיר ציען זיך צוריק אין אונדז גופא. הגם אין אַלגעמיין לעבן מיר און האַנדלען מחוץ אונדזער אייגענער פערזאָן, אין שטח ליבערשט ווי אין דויער. און הגם מיר גיבן דערמיט אַ הסכמה צו דעם געזעץ פון קאַוזאַליטעט, וועלכער בינדט די זעלבע

רעזולטאַטן צו די זעלבע סיבות, פונדעסטוועגן קאָנען מיר אַלע מאָל גיין צוריק צום ריינעם דויער, וואָס זיינע מאָמענטן זיינען אינעווייניק און פאַרשיידן איינער פון דעם אַנדערן, און וואָס אין איר קאָן אַ סיבה נישט איבערחזרן אירע פאָלגן, מחמת די סיבה גופא וועט זיך קיינמאָל נישט איבערחזרן.

צוריק צום דויער גייען מיר דעמאָלט, ווען די געפילן, דער ווילן און דער שכל גיסן זיך צונויף אין איין עפּעס. וואָס איז נישט ווילן, נישט געפיל און נישט שכל, נאָר עטוואָס אַלץ אינאיינעם גענומען, אין עפּעס וואָס איז טיפער און שטאַרקער פון יעדן איינציקן אויסדרוק באַזונדער, אין אינטענסיווער שעפערישקייט.

דאָס איז דער מאָמענט, וואָס ווייס נישט פון קיינע געזעצן און קיינע אויסגערעכנטקייטן, פון קיין טרוקענער לאָגיק, פון קיין ראַמען־מאַכנדיקן אינטעלעקט. דאָס איז דער מאָמענט, ווען נייע וועלטן ווערן געשאַפן, ווען גרויסע און געניאַלע ווערט אויפגעטאָן. דאָס איז דער מאָמענט, ווען דאָס קאָסמיש־כאַאָטישע, געדאַנקלעך־איררעציאָנעלע ווערט געשאַפן אין אַזאַ מאָס, אין אַזאַ שלמות, אַז עס קלעקט גענוג פאַר דער נאַטור דאָס צו פאַרגעזעצמעסיקן און פאַר דער לאָגיק דאָס צו ראַציאָנאַליזירן און בלייבן זאָל נאָך איבערגענוג עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך ניט, ניט נאַטוראַליזירן און ניט רציאָנאַליזירן. דאָס אומדערשעפּלעכע פון געזעץ און לאָגיק קאָן נאָר, פון צייט צו צייט, אויפגעכאַפּט ווערן — אויף אַ קליינעם שטייגער פון די, וואָס פאַרמאָגן אַ קלענערע אינטואיציע און אויף אַ גרעסערן שטייגער פון די, וואָס פאַרמאָגן אַ גרעסערע אינטואיציע.

איררעציאָנאַליזם ווערט אויף אַזאַ אופן נאָך אַ שטריך, וואָס אינאיינעם מיט דעם דויער און אינדעטערמיניזם שטעלט ער צונויף די דריי שטריכן, וואָס כאַראַקטעריזירן די פילאָסאָפיע פון בערגסאָן. אוןביידע איניינעם, הייסט עס, האָבן די צוויי גרויסע פילאָסאָפן, שפינאָזאַ און בערגסאָן, געגעבן דער מענטשהייט אַ בילד פון אַ וועלטאַל, וועלכער איז אַבסאָלוט און רעאַליסטיש ספּירימטועל און אימאַנענט מאָניסטיש; דערצו איז ער דעטערמיניזירט אָדער פריי, געזעצמעסיק ראַציאָנעל אָדער געזעצלאָז איררעציאָנעל.

אויף וויפיל די אינטואיציע, ווי יעדער אוממיטלבאַרער אויסדרוק פון דער לעבנס־קראַפט, שלאָגט אירע וואָרצלען אין די אינסטינקטן

און חושים, אויף אַזוי פיל מוז אָנגענומען ווערן, אַז זי איז, ביודעים אָדער בלא יודעים דער סינע־קוואַ־נאָן פון יעדער דערקענטעניש אָדער אַנטפּלעקונג פון דער רעאַליטעט, הן דרויסן און הן אינעווייניק אינעם מענטשלעכן איך. דער אַנאַליז הויבט אָן שפּילן אַ וויכטיקע ראָל ערשט אין די אַרויסשפּראַצונגען פון פאַרשטאַנד.

יעדער איינפאַכער אַקט, וואָס האָט דעם אַנאַליז אַרויסגערופן און וואָס באַהאַלט זיך הינטער דעם אַנאַליז, שטאַמט, לפּי בערגסאָנען, פון אַ פעאיקייט וואָס איז גאַנץ פאַרשיידן פון דער אַנאַליטישער. דאָס איז די אינטויִציע. די איינציקע רעאַליטעט, וואָס זי קען דערקענען יעדער מענטש, דער פּשוטסטער ווי דער העכסט אַנטוויקלטער, איז די רעאַליטעט פונעם אייגענעם איך. דאָס איז דערפאַר, וואָס אין דער דאָזיקער דערקענטעניש שפּילט די הויפּט־ראָל די אינטויִציע.

פאַראַן — זאָגט בערגסאָן — איין רעאַליטעט וואָס זי באַ־גרייפן מיר אַלע פון אינעווייניק דורך אינטויִציע, און נישט בלויז דורך אַנאַליז, און דאָס איז אונדזער אייגענע פּערזענלעכקייט, בעת זי פליסט אין דער צייט. דאָס הייסט אונדזער איך וואָס דויערט.

וואָס טיפער און עמפּינדלעכער דער אינעווייניקסטער איך איז, וואָס שטאַרקער און גרונטיקער עס זיינען די וואָרצלען, וואָס ער שלאָגט אינעם אומבאַוווּסטזיין, וואָס איז אייגנטלעך אַן איבערבאַ־וווּסטזיין; וואָס מער די ליידנשאַפטלעכע שעפערישקייט רייסט אים אַוועק פון דער צוגעבונדנקייט צום פּראַגמאַטישן, אוטיליטאַרן, און פאַרגעסלעכן, אַלץ טיפער דערגרונטעוועט זיין אינטויִציע די אוני־ווערסאַל־גייסטיקע קראַפט. פון צייט צו צייט כאַפּט אויף זיין גייסטיק אויג אַן אַרויסשטראַל פון גאָטס ליכטיקייט. דאָס איז דער אויפטו פון דער קינסטלערישער אינטויִציע. דערמיט דערקלערט זיך פאַרוואָס גרויסע, אויב נישט אַפילו די גרעסטע קינסטלער, האָבן באַרייכערט די וועלט מיט געניאַלע שאַפונגען מיט אַן ערך דריי טויזנט יאָר פריער איידער די אַנדערע צווייגן פון מענטשלעכער דערקענטעניש האָבן אַרויסגעוויזן וועלכע עס איז סימנים פון שעפערישקייט. ביז היינט צו טאָג נאָך הערן נישט אויף די טיפּסטע מעטאַפיזיקער און געניאַלסטע קריטיקער און קונסט־אויסטייטשער צו אַנטפּלעקן פאַר אונדז אין די דאָזיקע ווערק אַלץ נייע און טיפע סודות.

דאָ ליגט אפשר אויך די דערקלערונג, פאַרוואָס די אינטויִטיווע מעטאַפיזיק פון אַ שפּינאָזאַ און אַ בערגסאָן האָבן אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט דעם גייסט און די פּערזענלעכקייט פון גאַר גרויסע קינסטלער פון אונדזער צייט און פריִער.

די אינטויִציע ווי אַ שטויס־קראַפט אין דער קונסט, פאַרענט־פערט די שאלה פאַרוואָס פעלקער, הינטערשטעליקע אין דער אַנט־וויקלונג פון וויסנשאַפט און מעטאַפיזיק — אין די דערקענטענישן ווי די אַנאַליטיק מוז קומען צו הילף דער אינטויִציע — האָבן באַוויזן אַרויסצוברענגען גאַר גרויסע קינסטלער. אין אונדזער צייט האָט עס באַוויזן דאָס רוסישע פאָלק. גענוג צו דערמאָנען די ריזן אין דער וואָרט־קונסט, טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי.

איבער אַלע קינסטלערישע וואָרט־שאַפונגען אָבער טורעמט בלי ספק די שאַפונג פון תנ״ך. דאָס איז דערפאַר, וואָס דער תנ״ך איז אַ פּראָדוקט, נישט נאָר פון דער קינסטלערישער, נאָר אויך פון דער רעליגיעזער דערקענטעניש. די רעליגיעזע דערקענטעניש איז שוין נישט נאָר אינטויִטיוו. זי איז מיסטיש אינטויִטיוו, זי איז אין איר אור־קוואַליקייט ריינער מיסטיציזם.

דער גרעסטער מיסטיקער, ווי אויך דער קדוש, דער איש תמים און דער נביא און אַלע די וואָס גייען אין די וועגן פון מיסטיציזם און ווערן פון אים באַהערשט, האָבן זיך באַוויזן אין די פּרימיטיווסטע צייטן און באַווייזן זיך אויך איצט אין די אומציוויליזירטע וועלט־טיילן. און דאָס שטאַרקסטע, אייביק דויערדיקע גאָטס וואָרט, האָט זיך דער־הערט דווקא אין מדבר, און נישט פון אַ טורעם, נאָר פון אַ באַרג.

פון די מיסטיק־קוואַלן פליסן די שטראָמען, וואָס פרישן אָפּ דעם מענטשן אומאויפהערלעך גייסטיק און, דער עיקר, עטיש און ברענגען אים נענטער צו גאָט.

בערגסאָן גלויבט, אַז מיט דער ווייטערדיקער און טיפערער אַנט־וויקלונג פון דער אינטויִטיווער מעטאַפיזיק און איר אַריינדרינגען אין די גרענעצן פון דער וויסנשאַפט, וועט די איצטיקע מיסטעריעזקייט פונעם מיסטיציזם קריגן אַלץ מער באַרעכטיקונג און אָנהאַלט אינעם מענטשלעכן שכל, זי וועט מער און מער ראַציאָנעל געשטאַרקט ווערן אין דער אינטויִטיוו־פאַרטיפטער וויסנשאַפט און מעטאַפיזיק.

די עקזאַקטע וויסנשאַפט — שרייבט בערגסאָן — און די מעטאַפיזיק טרעפן זיך, אַלזאָ צוזאַמען אין דער אינטויִציע. אַ

באמת אינטואיטיווע פילאָסאָפיע וואָלט רעאַליזירט די שטאַרק־געוואונטשענע פאַראייניקונג פון מעטאַפיזיק און וויסנשאַפט. זי וואָלט געמאַכט די וויסנשאַפט פאַר אַ פּאָזיטיווער וויסנשאַפט, דאָס הייסט, פאַר אַ וויסנשאַפט, וואָס איז פּראָגרעסיוו און פּעאיק זיך אָן אַ שיעור צו פאַרפולקאָמען. זי וואָלט גלייכצייטיק געבראַכט די פּאָזיטיווע וויסנשאַפטן דערצו, אַז זיי זאָלן ווערן באַוווסטזיניק אויף זייער אמתן פאַרנעם, וועלכער איז אָפט אַ סך גרעסער, ווי זיי שטעלן אים פאָר. זי וואָלט אַריינגעבראַכט מער וויסנשאַפט אין דער מעטאַפיזיק און מער מעטאַפיזיק אין דער וויסנשאַפט. זי וואָלט געהאָלפן צו באַנייען די קאָנטוניטעט פון די אינטואיציעס, וועלכע די פאַרשיידענע וויסנשאַפטן האָבן, אַ דאַנק די בליצן פון זשעניען, דערגרייכט דאָ און דאָרט אין פאַרלויף פון זייער געשיכטע.

די דאָזיקע קאָנטינויטעט פון די אינטואיציעס וואָלט דורך דער מיסטיק און די מיסטיקער געעפנט נייע מעגלעכקייטן פאַר מענטשלעכן באַוווסטזיין אַריינצודרינגען אין דער וועלט פון „יענער זייט" פון באַוווסטזיין און וואָלט אַריינגעבראַכט פאַרן מענטשן מער רעאַלקייט אין דער קאָנטינויטעט פון דער וועלט אין דער „יענער וועלט". דאָס איז דער זינען פון דער האָפענונג, אַז דער טריומף פון גייסט איבער מאַטעריע וועט אפשר פירן צו אַ נצחון איבערן טויט, וועלכע בערגסאָן האָט אויסגעדריקט נאָך אין זיין שעפערישע עוואָלוציע. דעם דאָזיקן שפּרונג פון מעטאַפיזיק צו איבער־מעטאַפיזיק מאַכט בערגסאָן אין זיין לעצטע ווערק די צוויי קוואַלן פון מאָראַל און רעליגיע. אין דעם דאָזיקן ווערק, דערהויפּט אינעם טייל, אין וועלכן ער באַהאַנדלט „די דינאַמישע רעליגיע", גייט ער אַרויס פון די ראַמען פון אינטואיטיווער מעטאַפיזיק, אין וועלכער ער האָט זיך געהאַלטן פון זיין אַריינפיר אין מעטאַפיזיק ביז צום פאַרלעצטן ווערק שעפערישע עוואָלוציע. ער גייט אַריבער צו דער מיסטישער אינטואיציע, צו דעם וואָס ער רופט אָן „דינאַמישע רעליגיע".

דאָ — שרייבט בערגסאָן — גייען מיר בלי ספק למעלה פון די באַשלוסן, וואָס צו זיי זיינען מיר געקומען אין שעפערישע עוואָלוציע. מיר האָבן דאָרט זיך געוואָלט האַלטן אַזוי נאָענט ווי מעגלעך צו די פאַקטן. מיר האָבן נישט קאָנסטאַטירט קיין זאַך, וואָס וואָלט ניט געקאָנט, מיט דער צייט, באַשטעטיקט ווערן

דורך ביאָלאָגישע אונטערזוכונגען. אין דער דערוואַרטונג פון אַזאַ באַשטעטיקונג האָבן מיר דערגרייכט רעזולטאַטן, וועלכע דער פילאָסאָפישער מעטאָר, ווי מיר פאַרשטייען אים, האָט אונדז באַרעכטיקט אָנצונעמען ווי אַן אמת.

אנשטאָט פאַקטן הייבט ער אָן אין זיין צווי קוואַלן פון מאָראַל און רעליגיע זיך צו פאַרלאָזן מער און מער אויף וואַרשיינלעכקייטן און ווען ער קומט צו „דינאַמישע רעליגיע", הויבט ער אָן שטיצן זיינע השערות בלויז אויף וואַרשיינלעכקייטן. „דאָ —" זאָגט ער — געפינען מיר זיך שוין אינעם געביט פון ריינע וואַרשיינלעכקייטן. מיר מוזן אָבער איבערחזרן נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל אַז פילאָסאָפישע זיכערקייט דערלויבט מדרגות, זי פאָדערט אינטויציע אַזוי גוט ווי שכל. אויב אָבער אינטויציע, וואָס שטיצט זיך אויף וויסנשאַפט זאָל אויסגעברייטערט ווערן, קען די דאָזיקע אויסגעברייטערטקייט געמאַכט ווערן נאָר דורך דער מיסטישער אינטויציע" — און גלייך דאָ מאַכט ער דעם שפּרונג, נישט נאָר פון מעטאַפיזיק צו איבער־מעטאַפיזיק, נאָר פון דער לעצטער ווערט ער פון אַן אומדערקלערלעכן שטויס, אַריינגעוואָרפן אין די אָפּגרונטן פון טעאָלאָגיע. זי רופט אונדז צו גלויבן, אַז „די שעפּערישע ענערגיע איז ליבע, וועלכע באַגערט צו רעפּראָדוצירן פון זיך גופא וועזנס, וואָס זאָלן ווערט זיין געליבט צו ווערן". און זינט ער האָט די דאָזיקע שורות געשריבן ביז צום סוף פון זיין לעבן, איז אויף אים מקוים געוואָרן דער זאָג: „עברה גוררת עברה". דורכן גלויבן, אַז ליבע איז דער אורקוואַל פון אַלע אַנדערע געשטאַלטונגען פון וועלט־גייסט, און אַז זי דאַרף בכן האָבן די אויבערהאַנט, דערגייט בערגסאָן צו דער מסקנה, אַז יהוה איז אַ צו שטרענגער שופט, אַז ישראל און זיין גאָט זיינען ניט געווען געניג נאָענט, אַז ייִדנטום זאָל זיין דער מיס־טיציזם, ווי ער דעפינירט אים. די נביאים, מיט זייער לײדנשאַפטלעכן באַגער פאַר גערעכטיקייט, וועלכע זיי האָבן געפאָדערט אין נאָמען פון גאָט פון ישראל, האָבן געגיבן דעם שטויס בלויז צום אמתן מיסטיציזם, וועלכער איז געקומען צום אויסדרוק אינעם גרעסטן וועלט־מיסטיקער, קריסטוס — דעם שאָפער פון קריסטענטום. דעם דאָזיקן אַקטיוון מיסטיציזם איז עס, לויט בערגסאָנען, באַשערט צו באַזיגן גייסטיק די וועלט.

אויפן געביט פון טעאָלאָגיע, ווי מיר זעען, איז בערגסאָן זייער

ווייט פון צו זיין אָריגינעל. ער איז נישט דער ערשטער ייִד־שאַפער, וואָס האָט דערזען אין קריסטוסן אַן אינטימערע דערנענטערונג צו גאָט ווי אין אונדזערע נביאים. אַ היפּשע צאָל ייִדן־שאַפער, און אייניגע ייִדישע שאַפער אַפילו, האָבן נישט דערפילט, אַז די אידענטיפיצירונג פון וועלט־גייסט מיט ליבע צו דער אויסשליסונג פון אַלע אַנדערע גייסטיקע קוואַליטעטן און מאַניפעסטאַציעס — פאַרקלענערן דעם פאַרנעם פון וועלט־גייסט און במילא אויך פונעם מענטשן־גייסט. דער דאָזיקער טעאָלאָגישער צוגאַנג האָט דערפירט אַזעלכע ייִדן צו דער שוועל און אָפט מאָל אַפילו צום „איבער״ דער שוועל פון קריסטנטום, דערהויפּט אין דער געשטאַלטונג פון דער קאַטוילישער קירך. און דאָ איז בערגסאָן, ווי די אייניקע אַנדערע ייִדן־שאַפער, באַגאַנגען איינע פון די עבירות, וואָס אויף איר קען קיין שום ייִדישער ייִד — שאַפער אָדער ניט־שאַפער — מוחל זיין. דער פאַראַלעל, דעריבער, וואָס ווערט אין דער דאָזיקער אַרבעט געפירט, איז צווישן דער מעטאַפיזיק און דעם אָנריר פון איבער־מעטאַפיזיק, און ניט צווישן טעאָלאָגיע — פון די צוויי ייִדן־דענקער שפינאָזאַ און בערגסאָן. זייער טעאָלאָגיע קומט צום אויסדרוק אין שפינאָזאַס טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט און אין אַ טייל פון בערגסאָנס צוויי קוואַלן פון מאָראַל און רעליגיע.

פאַר דעם וואָס גלויבט בלב ונפש, אַז אמתע ייִדן און שעפערישע ייִדן קענען ניט און דאַרפן ניט אַנדערש ווי ווייטער שמידן די רינגעלעך אין דער „גאָלדענער קייט״, וואָס ציט זיך פון אברהם אבינו ביז אונדזער צייט, קען אַזאַ פאַראַלעל, וואָס זאָל זיך סומך זיין אויף טעאָלאָגיע, נישט פירן.

# קוואלן פון פעסימיזם און אפטימיזם אין קונסט און פילאסאפיע

(דער דאָזיקער קאַפּיטל ווערט דאָ געבראַכט אין שייכות מיט דער עסיי: „יהואש׳ס דיכטונג אין ליכט פון פילאָסאָפיע״).

מיר טראָגן איצט אַריבער אונדזער אינטערפּרעטאַציע אויף דער טיפסטער רעליגיעז־פילאָסאָפישער ליטעראַטור־קונסט, דעם תנך, און אין תנך אויף קהלת. מיר פרעגן: וואָס זיינען די אורזאַכן פון קהלתעס הבל הבלים, הכל הבל? וואָס פאַר אַ בוים איז דאָס, וואָס פון אים לאָזט קהלת אַרויסשפּראָצן דאָס צווייגעלע — „נישטיקייטן פון נישטי־קייטן, אַלץ איז נישטיקייטן"?

די דערקלערונג פאַר דעם דאָזיקן בליק פון נישטיקייט, איז די דעטערמיניסטישע שטעלונג פון קהלת, אָדער דעם מחבר פון קהלת, צו די כחות, וואָס אַרבעטן אין דער וועלט און אין מענטשן. קהלת זעט די וועלט און אַלץ אין איר ווי אַ פאַראויסבאַשטימטע און אויס־געגאָסענע מעולם ועד. אַלע אָנשטרענגונגען, וואָס דער מענטש פילט אין זיך בעת ער גורט אָן זיינע לענדן אויף צו פאַרווירקלעכן עטוואָס, זיינען, אין ליכט פון דער דאָזיקער אַבסאָלוטער פאַראויסבאַשטימטקייט, בלויז אילוזיעס. דאָס וואָס אונדז דוכט זיך, אַז עס ווערט אָדער, אַז עס וועט זיין, איז פאַרן אויג, פאַר וועלכן די וועלט ליגט אָן אויסגעשפּרייטע אין איר אייביקייט — שוין געווען.

קהלת פרעגט: וואָס פאַר אַ נוץ האָט דער מענטש פון דער גאַנצער מי, וואָס ער מיט זיך אונטער דער זון? די זון, דער ווינט און די טייכן — טענה'ט קהלת — גייען פון איין אָרט צום אַנדערן און קערן זיך צוריק צום זעלביקן אָרט, פון וואַנען זיי זיינען אַרויסגעקומען. אין זייער באַשטענדיקן און אומאויפהערלעכן גיין און קומען, טוען זיי ניט אויף מער, ווי דאָס, וואָס איז שוין דעקלאַרירט געוואָרן אין דער אין־סופיקער פאַרגאַנגענהייט, אַז זיי זאָלן טאָן: דאָס וואָס איז געווען, דאָס וועט זיין, און וואָס איז געשען, וועט געשען, ואין כל חדש תחת השמש."

וואָס גאָט איז אין זיין עצם־תמצית, ווייסט ניט קהלת. גאָט איז אַ באַגריף, וואָס שטייגט לחלוטין אַריבער די מענטשלעכע פאַרשטע־לונגס־קראַפט. ער איז טראַנסצענדענטאַל. קהלת ווייסט ניט, וואָס גאָט איז, אַזוי ווייסט ער אויך ניט, וואָס דער מענטש איז אין זיין אינערלעכן

מהות, און וואָס עס זיינען זיינע באַריר־פּונקטן מיט גאָט. אויף אַזוי פיל איז ער אַגנאָסטיקער.

וועגן איין זאַך, אָבער, איז ער זיכער, און דאָס איז, אַז „אַלץ וואָס גאָט מאַכט, דאָס וועט זיין אייביק. דערצו איז ניט צוצולייגן, און דערפון איז ניט צו מינערן. גאָט האָט געמאַכט, אַז מען זאָל מורא האָבן פאַר אים". דאָס מיינט, אַז פון מענטשלעכן ווילן בלייבט קיין זאַך ניט מער ווי אילוזיע.

אָננעמענדיק די דאָזיקע הנחה, איז קהלת געצעכט, ווען ער באַהויפּט, אַז צווישן דעם מענטשן און דער בהמה איז ניט פאַראַן קיין ברעקל נפקה־מינה. „ווי דער שטאַרבט, אַזוי שטאַרבט יענער, און איין אָטעם ביי יעדן...ביידע זיינען פון שטויב, און ביידע קערן זיך אום צום שטויב, — ווער ווייס דעם גייסט פון מענטשן־קינדער, אויב ער גייט אַרויף אין דער הויך, און דער גייסט פון דער בהמה, אויב ער נידערט אונטן צו דער ערד ?"

קהלת שפּירט ניט אין זיך גופא די העכערקייט זיינע אַלס מענטש איבער אַלץ דעם, וואָס זעצט זיך דורך דורך אַלע אַנדערע באַשעפעניש. ער איז ניט בכח צו טרייבן זיין אייגענעם גייסטיקן מהות ביז צו אַ העכערקייט, וואָס זאָל פאַרדינען דעם נאָמען געטלעכקייט. ער קומט דעריבער צו אַ פאַרלייקענונג פון אַלע ווערטן אין דער וועלט, וועלכע איז די בינע, וואָס אויף איר שפּילט זיך אָפּ דעם מענטשנ׳ס לעבן פון וויגעלע ביז צום קבר. ער קומט צו סקעפּטיציזם. דער לעצטער פירט אים אויך צו אַן אָפּזאָג פון דער מעגלעכקייט פון באמת צו וויסן דעם מהות און תמצית פון דער וועלט.

טראַדיציע און געוווינהייט טרייבן קהלת׳ן צו גלויבן אין אַ גאָטס עקזיסטענץ, פאַר וועלכן ער קאָן ניט אָנגעבן קיין איין־און־איינ־ציקן אַרגומענט. ער מוז זיך דעריבער מאַלן גאָט ווי אַ דעספּאָטישע אַלץ דערטערמינירנדיקע קראַפט. זי צווינגט דעם מענטשן, דורך מורא פאַר אים, צו טאָן אַזעלכע און ניט קיין אַנדערע זאַכן, ניט אַנטפּלעקנ־דיק פאַר אים דעם פאַרוואָס און צוליב וואָס.

צו וואָס אַנדערש — פרעגט זיך — אויב ניט צו אַ שוואַרצער נישטיקייט קאָן פירן אַזאַ בליק אויף די שייכות׳ן צווישן מענטש, גאָט און וועלט ? דאָ האָבן מיר אַ שטאַרק און טיף ווערק אַלס אויסדרוק

פון אַגנאָסטיציזם, סקעפּטיציזם און דעטערמיניזם, וואָס פירן צו פּעסימיזם ווי אַן ענטפער אויף דער פראַגע וועגן דעם זין און ווערט פון לעבן בכלל, און פון מענטשלעכן לעבן בפרט.

אַ גאַנץ אַנדער טאָן שלאָגט אַרויס פון דעם אַפּאָקריפישן ווערק „חכמת שלמה". אַנשטאָט נישטיקייט פון נישטיקייטן, אַלץ איז נישטיקייט, שרייט אַרויס פון דעמדאָזיקן ווערק די איבערצייגונג פון ווערט פון ווערטן; אַלץ איז עפּעס ווערט, אַלץ האָט אַ זין. דער שליסל צו דעמדאָזיקן אָפּטימיזם ליגט שוין גלייך אין די ערשטע שורות פונם ווערק, וועלכע אַנטהאַלטן אַן אָנזאָג צו די שופטים פון דער ערד, אַז זיי זאָלן ליב האָבן יושר, אַז זיי זאָלן טראַכטן וועגן גאָט, אין גייסט פון גוטסקייט, און אין איינפאַכקייט פון הארץ זאָלן זיי אים זוכן; מחמת גאָט האָט ליב די יעניקע, וואָס שטעלן אים נישט צו קיין נסיון; און ער מאַניפעסטירט זיך צו די, וועלכע האָבן נישט קיין מיסטרוי צו אים.

דער מחבר פון „חכמת שלמה" באַשטייט דעריבער שטאַרק אויף דעם, אַז די האַפענונגען פון די רעכטפאַרטיקע מענטשן זיינען פול מיט אומשטערבלעכקייט. אַזאַ באַגריף פון שייכות צווישן מענטש און גאָט מאַכט שוין אוממעגלעך זיך צו מאָלן דעם מענטשן אַנדערש, ווי אַ וועזן מיט אַ פרייען ווילן, מיט אַ דעה, אויב נישט איבער דער גאַנצער וועלט, איז כאָטש איבער אַ טייל פון דער וועלט. ווען דער מחבר ווענדט זיך צו גאָט, ווי צו איינעם, וואָס דורך זיין וואָרט האָט ער געמאַכט אַלע זאַכן אין דער וועלט, און דורך זיין חכמה האָט ער דעם מענטשן פאָרמירט, גיט ער צו דערביי, אַז דער מענטש איז אַזוי געשטאַלטיקט געוואָרן, אַז ער זאָל האָבן צו זאָגן איבער גאָט'ס באַשעפענישן און ער זאָל הערשן איבער דער וועלט אין הייליקייט און גערעכטיקייט. ער בעט ביי גאָט, אַז ער זאָל זיך טיילן מיט אים מיט דער חכמה, וואָס נאָר ער אַליין פאַרמאָגט זי דערוויילן. ער דאַרף דידאָזיקע חכמה אויף צו קריגן אַ דערקענטניש וועגן די הימלישע זאַכן, וועלכע זיינען נאָך ביז איצט פון דעם מענטשן ניט דערקענט געוואָרן.

איבער די שורות פון חכמת שלמה פלאַטערט אַ געפיל פון זיכערקייט, אַז דער מהות פון דער רעאַליטעט איז אַנטפּלעקטבאַר צו דער מענטשלעכער דערקענטניש. דערדאָזיקער טעאָריטיש־דערקענטנישער פּאָזיטיוויזם איז אינאיינעם מיט דעם מעטאַפיזישן גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון אַן אוניווערסאַלן גייסט, אי דער מקור פון דער אָפּטימיסטישער שטימונג, וואָס ווייעט אַרויס פון דעמדאָזיקן ווערק.

די פאַרבינדונג צווישן דעם אָפּטימיזם און דעם גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון אַ העכערער קראַפט, וועלכע שליסט נישט אויס די מעגלעכקייט פאַר דער פרייהייט פון מענטשן, טרעט אַרויס נאָך בולטער און אויף אַ נאָכמער אויפפאַלנדיקן אופן אין די ווערק פון די נביאים. פאַר דער באַשטעטיקונג פון די אידייען־פאַרבינדונגען, פאַר וועלכע מיר שטעלן זיך דאָ איין, וועט זיין גענוג, ווען מיר וועלן אָנווייזן אויף די אידייען, וואָס מיט זיי בינדט זיך דער אָפּטימיזם פון די צוויי ישעיהס — די טיפסטע און אָפּטימיסטישסטע פון אַלע נביאים.

ב.

קיינער האָט נאָך נישט איבערשטייגט אין אָפּטימיזם דעם נביא, וועלכער האָט געהאַט גענוג שטאַרקן מוט און טיפע זעאונג — אין אַ צייט ווען די לופט איז געווען אָנגעפילט מיטן פאַכן פון שווערדן און די ערד דורכגעקרייצט מיט שטראָמען פון מענטשלעך בלוט — פאַראויסצוזאָגן, אַז

אין סוף פו די טעג
וועלן די פעלקער און די אומות
שמידן זייערע שווערדן אויף אַקערס
און זייערע שפּיזן אויף צווייג־מעסערס — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
און אַז דער וואָלף, דער לעמפּערס,
דער לייב, די שלאַנג און
דער נאָטער וועלן נישט בייז טאָן
און נישט פאַרדאַרבן,
וואָרום די ערד וועט זיין פול מיט דערקענונג פון גאָט
ווי די וואַסערן באַדעקן דעם ים.

ווו איז דער קוואַל — פרעגט זיך— וואָס פון אים האָט געשעפּט ישעיה אַזוי פיל באַגייסטערונג און זעאונג?

אַ שטודיע פון דעם נביא׳ס שאַפונג לאָזט נישט איבער קיין ברעקל צווייפל, אַז דער דאָזיקער קוואַל דאַרף געזוכט ווערן אין דעם נביא׳ס גלויבן אין דער קראַפט פון דעם אוניווערסאַלן גייסט און אין דער פרייהייט פון גייסט, וואָס זעצט זיך דורך דורך דעם מענטש; אין דער פרייהייט פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וואָס צווישן

**איר און דער אוניווערסאַלער פּערזענלעכקייט איז פֿאַראַן אַן ענלעכ־קייט, אַ באַריר־און־ צונויפטרעף־פּונקט.**

**די גרויסע פּערזענלעכקייט אין דעם נביא האָט געגלוסט און גע־זוכט, די העכערע און העכסטע פּערזענלעכקייט.**

צו דיין נאָמען און צו דיין געדעכניס
איז די גלוסטונג פון דער זעל.
מיט מיין זעל האָב איך דיך געגלוסט ביינאַכט.
יאָ, מיט מיין גייסט אין מיר האָב איך דיך געזוכט
וואָרום אז דיינע משפּטים זיינען אויף דער ערד,
לערנען גערעכטיקייט די באַוווינער פון דער וועלט.

**שווער איז דעם נביא צו לעבן אין אַ וועלט, וואָס איבער איר שוועבט אומרעכט און אומגערעכטיקייט. אָבער די זוכעניש פון רעכט און גערעכטיקייט, און די האָפענונג אויף איר אָנקום, האָט אַ זין נאָר דאַמאָלט, ווען די פאַנטאַזיע זעצט אַריין אין דעם איבערערדישן הימל אַ העכסטן גייסט, וואָס גערעכטיקייט איז איינער פון זיינע אויסדרוקן. און דערפאַר גלוסט און זוכט אַזוי שטאַרק דער נביא דעם העכסטן גייסט. ער זוכט און געפינט אים, דערפאַר קאָן ער אַזוי שטאַרק צאַרענען אויף די, וואָס זוכן אים נישט. ער שטורמט:**

ווי די, וואָס נידערן קיין מצרים נאָך הילף,
און אויף פערד פאַרלאָזן זיי זיך,
און זיי פאַרזיכערן זיך אויף רייטוועגן, ווייל זיי זיינען פול
און אויף רייטער, ווייל זיי זיינען מעכטיק זייער,
און זיי קערן זיך נישט צום הייליקן פון ישראל
און גאָט טוען זיי נישט זוכן.
און די מצרים זיינען מענטשן און נישט גאָט
און זייערע פערד זיינען פליש און נישט גייסט.

**דער נביא רעדט מיט אַזאַ ווייטיק וועגן פאַרלאָזן זיך אויף „פליש און ניט גייסט", ווייל ער איז זיכער, אַז**

די וואָס האָפן אויף גאָט, וועלן באַנייען זייער כּוח,
זיי וועלן אויפהויבן פליגלען ווי די אָדלערס,
זיי וועלן לויפן און נישט מיד ווערן,
זיי וועלן גיין און נישט מאַט ווערן.

זיין דונערדיקער רוף, אַז זיי זאָלן זיך צוריקקערן צו גאָט; זיין טענה׳ן מיט זיי, אַז זיי זאָלן אים זוכן, ווו ער קאָן געפונען ווערן; אַז זיי זאָלן אים רופן, ווען ער איז נאָענט — ווייזט אין דערזעלביקער צייט אויף דעם נביא׳ס דערקענטניש פון דער באַגרענעצונג פון גאָט׳ס מאַכט דורך דער פרייהייט פון דעם מענטשן. דאָס מיינט, אַז די שייכות צווישן גאָט און מענטש איז נישט צווישן גייסט און מאַטעריע, נאָר צווישן גייסט און גייסט — אַ קלענערער און שוואַכערער גייסט, אָבער דאָך גייסט. אמת טאַקע:

נישט מיינע טראַכטונגען זיינען אייערע טראַכטונגען,
און נישט אייערע וועגן זיינען מיינע וועגן, זאָגט גאָט,
וואָרום ווי דער הימל איז העכער פון דער ערד,
אַזוי זיינען מיינע וועגן העכער פון אייערע וועגן
און מיינע טראַכטונגען פון אייערע טראַכטונגען.

עס בלייבט אַלץ אַ שייכות צווישן טראַכטונגען און טראַכטונגען, צווישן וועגן פון איין און דעמזעלביקן מהות, אפילו אויב איינער איז העכער פון אַנדערן, ווי דער הימל איז העכער איבער דער ערד. און נאָר צוליב דעם באַגריף פון אַ געוויסער ענלעכקייט אין די טיפסטע און מקורדיקסטע וועזנטלעכקייטן פון מענטש און גאָט, ווי צווישן צוויי פערזענלעכקייטן, האָט דער נביא געקאָנט הערן גאָט זאָגנדיק:

קומט נאָר, לאָמיר זיך דורכרעדן;
אויב אייערע זינד וועלן ווי שאַרלעך זיין
וועלן זיי ווייס ווי שניי ווערן,
אויב זיי וועלן רויט זיין ווי ווערמיל־פאַרב,
וועלן זיי ווי וואָל ווערן,
אויב איר וועט וועלן און צוהערן,
וועט איר עסן דאָס גוטס פונם לאַנד,
אָבער אַז איר וועט נישט וועלן און ווידערשפעניקן,
וועט איר פון דער שווערד געגעסן ווערן,
וואָרום דאָס מויל פון גאָט האָט גערעדט.

דאָס יאָ אָדער נישט וועלן, ליגט אין די הענט פון דעם מענטשן און נישט פון גאָט. דער מענטש איז פריי, אפשר טאַקע דערפאַר, ווייל גאָט דאַרף אים אַ פרייען. אָבער אַזוי צי אַנדערש—פריי איז ער! אויף

וויפיל דער מענטש איז פריי, אויף אַזויפיל איז די וועלט, אַמוויינינקסטן דעם מענטשנס וועלט, נישט פאַטאַליסטיש און נישט דעטערמיניסטיש.

דער מענטש מוז דערפילן און דערזען דעם פלאַטער פון די פליגלען פון דעם העכערן גייסט, ער מוז אויף אַ פרייוויליקן אופן זיך אָנשטרענגען צו דערבליקן דעם אָנקניפּ פון זיין עקזיסטענץ אָן דער העכערער עקזיסטענץ. זי איז דאָס ליכט, אין שיין פון וועלכן זיין לעבן באַקומט זין און ווערט. ערשט דעמאָלט און ניט פריער ווערט

די זון דיר מער נישט זיין פאַר אַ ליכט בייטאָג
און פאַר העלקייט וועט דיר נישט שיינען די לבנה
נאָר יהוה וועט דיר זיין פאַרן אייביקן ליכט
און דיין גאָט פאַר דיין שיינקייט.
נישט אונטערגיין וועט דיין זון מער
און די לבנה וועט נישט איינגעטאָן ווערן,
וואָרום גאָט וועט דיר זיין פאַרן אייביקן ליכט,
און געענדיקט וועלן זיין די טעג פון דיין טרויער.

ווי מיט דער נבואה, אַזוי אויך מיט דעם שיין קינסטלערישן און טיף פילאָסאָפישן ווערק — איוב. נישט געקוקט אויף אַלע בייזן און צרות, וואָס באַפאַלן איובן, איז דער גאַנצער טאָן פונם ווערק דאָך אַן אָפּטימיסטישער; נישט איינער פון רעזיגנאַציע, נאָר פון קאַמף. פאַר־וואָס? דערפאַר, וואָס אין איובס צעווייטיקטער און אַנטוישטער נשמה איז נישטאָ קיין אָרט פאַר די דריי שלאַנגען פון אַנטאַסטיציזם, סקעפּ־טיציזם און דעטערמיניזם.

מיט שטאָלץ און ווערדע און מיט אַ גלויבן, וואָס זיינע פונדאַ־מענטן קאָנען קיין שטורעמס און געוויטערס נישט פאַנאַנדערטרייסלען; מיט אַ שטעל, וואָס ווערט דיקטירט פון אַ שטאַרקן און טיפן פערזענ־לעכקייט־געפיל, שרייט איוב אויס: „שווייגט שטיל קעגן מיר, און רעדן וועל איך! זאָל פּאַסירן וואָס עס וויל — ווען ער זאָל מיך אפילו טויטן, וועל איך דאָך אָלץ פּאַרטרויען אויף אים! אָבער מיין אויפפירונג וועל איך אויפווייזן פאַר זיין געזיכט — איך האָב צוזאַמענגעשטעלט מיינע טענות; איך ווייס, אַז איך וועל אַרויסקומען גערעכט״.

עס איז די דאָזיקע שטעל און דערדאָזיקער געפיל, וואָס לאָזט איוב׳ס אויערן פאַרנעמען גאָטס ענטפער פונם שטורעמווינט: „גורט אָן ווי אַ מאַן דיינע לענדן, איך וועל דיך פרעגן, און דו גיב מיר צו

פאַרשטיין". דער ויכוח ענדיקט זיך מיט דעם, וואָס דער מענטש אָנ־ערקענט די העכערקייט, און די דערהויבנקייט, די טיפערע און גרעסערע דערקענטניש פון דער אוניווערסאַלער פערזענלעכקייט. נישט גענוג טיף איז דעם מענטשנס וויסן, אויף צו דערקלערן דעם פאַרוואָס און צוליב וואָס פון אַלץ אין דער וועלט. „נישט אַנטפּלעקט זענען נאָך פאַר אים די טויערן פון טויט; נישט אַנגעקוקט האָט ער נאָך די שאָטנס פון טויט; און נישט באַגריפן נאָך די ברייטע רוימען פון דער ערד".

דאָס, וואָס איז נאָך ביז איצט נישט דערגרייכט געוואָרן, איז קיין סימן נישט, אַז עס וועט נישט, ווען עס איז, דערגרייכט ווערן. די האָפענונג אויף דער דערגרייכונג איז אַן אָנרעג פאַר דער פאַרטיפונג און אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט; זי צעטרייבט ווי אַ שטורעמווינט די שוואַרצע וואָלקנס פונם פעסימיזם, וועלכער שפּרייט זיך ברייט פאַנאַנדער אונטער אַן אַגנאָסטישן און דעטערמי־ניסטישן הימל, און עפנט די טויערן פון גלויבן און האָפענונג.

דער קורצער אַנאַליז פון די געציילטע פילאָסאָפיש־קינסטלערישע ווערק פירט, אַלזאָ, צו דער באַגרינדונג פון דער השערה, אַז מעטאַ־פיזישער אומגלויבן, צווייפל און אומפּרייהייט פון ווילן זיינען קוואַלן, וואָס פון זיי פליסט אַרויס פעסעמיזם. אָפּטימיזם, ווידער, קוואַלט פון פעסטן גלויבן אין אַ גייסטיק־אינדעטערמינירטער וועלט, וואָס אין איר האָט מענטש אַ גרונט זיך צו פילן ווי אַ שותף צו מעשי־בראשית.

גייען מיר אַריבער פון דער פילאָסאָפישער קונסט צו דער ריינער פילאָסאָפיע, שטויסן מיר זיך אָן אויף דעמזעלביקן חוט־המשולש פון אַגנאָסטיציזם, סקעפּטיציזם און דעטערמיניזם אַלס קוואַל, וואָס פון אים שלאָגט אַרויס שטראָמענווייז דער פעסימיזם.

אַ געדיכטע און שוואַרצע כמאַרע פון פעסימיזם, האָט אַרויפ־געצויגן אויף זיך אַליין און אויף דער גאַנצער דענקנדיקער וועלט דער וועלט־בליק פון דעם ענגלישן פילאָסאָף יום. פאַרוואָס? נאָר דערפאַר, וואָס יום האָט מיט זיין זינק־שנור, וועלכן ער האָט אָפּט אַרונטערגע־לאָזן אין די טיפענישן פון זיין נשמה, קיינמאָל נישט געקאָנט אָנכאַפּן און אָנהאַלטן די גייסטיקע גאַנצקייט, וואָס מען רופט מענטשלעכער „איך" אָדער „זעלבסט". די אַלע נשמה־אויסדרוקן, אַלע אירע ניואַנסן און פאַרבן, האָבן זיך נישט פאַרגעשטעלט אין זיין פאַנטאַזיע ווי צוויגן און צווייגעלעך, וואָס שלאָגן אַרויס פון איין איינציקער אָרגאַנישער

גאַנצקייט, וואָס הייסט בוים. פאַר זיין גייסטיק אויג האָט זיך דער מענטשלעכער גייסט פאַרגעשטעלט קאַליידאָסקאָפּיש. פאַר אים האָט די נשמה פון מענטשן אַלע מאָל זיך געצייכנט ווי אַ סכום פון פאַרשיידנאַרטיקע און פאַרשיידנפאַרביקע אויסדרוקן, וועלכע נעמען זיך פון אַ באַשטימטער צאָל דרויסנדיקע איינדרוקן. די נאַטור און דער מענטש זיינען פון יומען רעדוצירט געוואָרן צו אַן אַסאָסיאַציע פון איינדרוקן און אויסדרוקן, אַ פאַרבינדונג, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין שכלדיקייט און ניט קיין זיכערקייט.

אונטער אַזאַ בליק, איז, נאַטירלעך, נישט געבליבן קיין שום אָרט פאַר אַ מענטשלעכער אָדער איבערמענטשלעכער פערזענלעכקייט, קיין שום מעגלעכקייט פאַר אַ פרייהייט־ווילן אָדער אַ ווילן צו פרייהייט, קיין שום וועג, וואָס זאָל פירן צו אַ גלויבן אין אַ וועלכער עס איז אוניווערסאַל־גייסטיקער ממשותדיקייט, וועלכע זאָל אַריינטראָגן אַ שטראַל פון האָפענונג און אַ שמץ פון אַ זין און ווערט אין לעבן. פאַנאַנדערגעוויקלט האָט זיך יומס וועלט־אַנשויונג אין אַן אַגנאָסטיציזם מיט אַלע זיינע קליפּערלעך, וועלכער האָט געשטיקט און געווערגט די, וועלכע האָבן נישט געקאָנט גובר זיין זיין שאַרפע אַנאַליטיק.

יומס אינטעלעקטועלע שאַרפקייט, האָט באַוויזן בייצוקומען דער דייטשישער פילאָסאָף קאַנט דורך אַ ריין אינטואיטיווער המצאה. קאַנט האָט מיטאַמאָל דערפילט די רוים־און צייט־באַשטימונג, וועלכע זיינען ביז אים אַוועקגעשטעלט געוואָרן דרויסן פון דעם גייסט, ווי דערשיינונגען, וואָס זעצן אַרויס פון דעם מענטשלעכן גייסט, ווי וואַסער־שטראָמען פון וואַסער־קוואַלן, אָדער ווי דאַמף־ און רויך־קנוילן פון פייער־גהינומס. אַ דאַנק דערדאָזיקער המצאה, איז מעגלעך געוואָרן פאַר אים אַריינצוּוועבן אין דער נאַטור די געדאַנקלעכקייט און גייסטיקייט, וואָס פליסט דורך דעם מענטשן. דער מענטש ווערט אויף אַזאַ אופן, דער רעגולאַטאָר און געזעצגעבער פון דער נאַטור. איר גאַנצע עקזיסטענץ הענגט אָפּ פון זיין עקזיסטענץ. די נאַטור קאָן נישט געמאָלט זיין אָן רוים און צייט. היות ווי רוים און צייט זיינען פּראָדוקטן פון דער מענטשלעכער געדאַנקלעכקייט, קומט ממילא אויס, אַז ווו דער מענטש איז נישט פאַראַן, דאָרט איז אויך נישטאָ דאָס, וואָס מענטש זעט און פאַרשטייט אונטערן אויסדרוק נאַטור.

איבער דעם מענטשן שטעלט קאַנט אַוועק אַן איינאונאיינציקע אַבסאָלוטע אוניווערסאַל־גייסטיקע קראַפט, וואָס זי פילט ער אינטור־

איטיוו. איר עקזיסטענץ קאָן נישט אָפּגעלייקנט ווערן פון קיין שום שכלדיקייט אין דער וועלט, ווייל דער גלויבן פליסט אַרויס נישט נאָר פונם שכל, נאָר פון אָרגאַנישער גייסטיקער גאַנצקייט. דער גלויבן איז העכער פאַרן שכל, און דערפאַר איז די געטלעכקייט צוטרעטלעך צו דעם גלויבנסגעפיל. קאַנטס אַגנאָסטיציזם באַציט זיך בלויז אויפן שכל. אין די גרענעצן פון געפיל אָבער זיינען ביי אים די דערקענט־ניש־מעגלעכקייטן אומבאַגרענעצט. מיט דידאַזיקע איבערשכלדיקע דערקענטנישן לאָזט ער די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט טיילן איר ווילנס־פרייהייט און פרייהייט פון ווילן מיט גאָט אַליין. ער האָט באַוויזן אויפצובויען שטאַרקע פילאָסאָפישע זיילן אונטער דעם געפילס־בריק, וואָס דער מענטש האָט געפרווט אַריבערוואַרפן איבער דעם תהום צווישן נויטווענדיקייט און פרייהייט, ענדלעכקייט און אומענד־לעכקייט, פאַרגענגלעכקייט און אייביקייט. אַ דאַנק דער דאָזיקער פילאָ־סאָפישער פעסט־זייליקייט זיינער, איז דעם מענטשנס אַנגעשלאָסנקייט אָן געטלעכקייט, געוואָרן גיבראַלטאַר־שטאַרק. דער פועל־יוצא פון אַזאַ אינטואיטיוו־פילאָסאָפישער דערזעאונג, געשטאַרקט פון אַ שאַרפער אַנאַליטישער לאָגיק, איז געווען אינספּירירנדיקער אָפּטימיזם.

קומען מיר ווידער נאָך קאַנטן צום שוואַרצן פּעסימיזם — פון שאָפּענהויער, און מיר פרעגן: „פון וואַנען נעמט ער זיך?“ איז דער ענטפער, וואָס מיר בקומען, ווייטער — אַ באַשטעטיקונג פאַר דער היפּאָטעזע פון דעם אַגנאָסטיציזם אַלס מקור פון פּעסימיזם.

שאָפּענהויער לאָזט נישט דעם מענטשלעכן ווילן און באַוווסטזיין אַרויסגיסן זיך, ווי אַן אומדיפערענצירטע גאַנצקייט פון איין און דעם זעלביקן אוניווערסאַלן גייסט. אנשטאָט דעם, קומט ביי אים אויס, אַז דער באַוווסטזיין איז אַ שפּעטערדיקע אַרויסוויקלונג פון בלינדן דראַנג און שטרעבונג וואָס גייען ביי אים אַלע, אונטערן נאָמען ווילן. פון יענער זייט פון דעם בלינדן ווילן ווערט ביי אים אַוועקגעשטעלט אַן איקס־עקזיסטענץ, וואָס זי קאָן דער געדאַנק נישט תופס זיין. אויב דאָס געפיל זאָל אפילו זי קענען דורכנעמען, מיינט עס אויך קיין זאַך נישט פאַר שאָפּענהויערן, מחמת ער באַשטייט דורכאויס אויף ראַציאָ־נאַלער חקירה, אַלס אַן אָנטרייב־קראַפט אינם אויפנאַמס־פּראָצעס פון דער אַרומיקער וועלט.

ווען מיר ווערן פאַרטיק מיט שאָפּענהויערס גאַנצער פאַרשטעלונג, פון די שייכותן צווישן דעם זיך אַרויסוויקלנדיקן באַוווסטזיין און דעם

אָריגינעלן אומבאַוווּסטן, שטאָק־בלינדן ווילן, דערפילן מיר, אַז אַלע טענות און אַרגומענטן, וואָס שאָפּענהויער ווענדט אָן מיט אַ שאַרפער לאָגיק קעגן דעם וויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַליזם, קאָנען אָן וואָסערע עס איז ענדערונגען אָנגעווענדט ווערן קעגן זיין נישט ווייניקער פינס־טערן מאַטעריע־ווילן. די מאַטעריאַליסטן קאָנען ניט דערקלערן, וויאַזוי דער גייסט אָדער דער באַוווּסטזיין, וואָס גיט אונדז די דערקענטניש פון אַלץ, קאָן זיך אַרויסבאַקומען פון עפּעס, וואָס פאַרמאָגט נישט קיין גייסט און קיין באַוווּסטזיין. אויך שאָפּענהויער האָט ניט באַוויזן אונדז קליגער מאַכן וועגן דער פראַגע, וויאַזוי אַ ליכטיקער באַוווּסטזיין קאָן זיך אַרויסקאַראַבקען פון אַ בלינדן און פינסטערן ווילן.

זיין אַגנאָסטיציזם בנוגע דעם מקור פון דער וועלט און זיין בלינדער ווילן אַלס דער קוואַל פון אַלץ, וואָס מיר ווייסן און דערקענען פירט צום זעלביקן דעטערמיניזם און פילאָסאָפישער זינלאָזיקייט און ווערטלאָזיקייט, ווי דער מאַטעריאַליזם. קיין ווונדער נישט, וואָס די גאַנצע עקזיסטענץ איז ביי שאָפּענהויערן איין אומענדלעכער ליידן. אויב ער טרעט אַרויס קעגן זעלבסטמאָרד, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס דער טויט רייסט נישט איבער, ווי ער דענקט, דעם פאָדעם פון רע־אַלער עקזיסטענץ, און ממילא אויך נישט פון דעם רעאַלן ליידן. אויב שעקספּיר דריקט אויס דורך האַמלעטן אַ ספק וועגן דער מעגלעכקייט אויסגעלייזט ווערן פון ליידן דורך זעלבסטמאָרד, איז ביי שאָפּענהויערן דער ספק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זיכערקייט אין דעם, אַז די קייט פון ליידן ציט זיך פון אומענדלעכקייט ביז אומענדלעכקייט.

דאָס מענטשלעכע „זיין" ווערט אידענטיפיצירט מיטן ווילן. דער ווילן איז אַ בלינדער, אַ שטענדיק גאַרנדיקער און קיינמאָל זיך ניט צופרידנשטעלנדיקער. דעם מענטשנס לעבן קאָן דעריבער ניט ווערן דורכגענומען מיט עפּעס אַנדערש ווי מיט לייד, פּיין און פינס־טערניש. שאָפּענהויערס נשמה האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן קיין וועלט־בליק, וואָס האָט געפירט צו אַ באַוווּסטזיניק ענערגישן און אָפּטימיסטישן לעבן. שווער האָט זיך דערפאַר געלייגט אויף זיין געמיט די יידישע פילאָסאָפיע און רעליגיע אָנשויונג. צו אים האָט מער אַפּעלירט דער נירוואַנאַ באַגריף פון בודאָס לערע, וועלכע לאָזט דעם מענטשלעכן „זעלבסט" אויסגעווישט ווערן. פאַר דער העכסטער מדרגה פון עקזיס־טענץ, וואָס צו איר דאַרף מען שטרעבן פילאָסאָפיש און רעליגיעז, האָט שאָפּענהויער באַטראַכט די מדרגה, ווען די עקזיסטענץ ווערט

לחלוטין אויסגעלייזדיקט פון אַלץ, וואָס דער פאַרשטאַנד באַגרייפט אונטער אינדיווידועלער עקזיסטענץ. לויט שאָפּענהויערן קומט אויס, אַז צום ווינציקסטן מורא האָבן פאַר דעם גאָרנישט ווערן דורכן טויט וועט דער, וואָס אָנערקענט, אַז ער איז שוין איצט גאָרנישט, און ער נעמט פאָלגלעך ניט מער קיין שום אָנטייל אין זיין אינדיווידועלער דערשיינונג. די דערקענטניש האָט אין אים אַזוי ווי אויסגעברענט און פאַרניכטעט דעם ווילן, אַזוי אַז עס איז מער ניט געבליבן אין אים קיין שום פאַרלאַנג פאַר אינדיווידועלער אויסלייזונג.

דאָס איז דער קלימאַקס פון שאָפּענהויערס וועלט־בליק בפרט און פון דער דריי־שלאַנגיקייט — אַגנאָסטיציזם, סקעפּטיציזם און דעטער־מיניזם בכלל.

# I

יהואש׳ס דיכטונג — בלויז איין אויסדרוק פון זיין קולטור־שעפערישקייט — ווערט אין דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג אָוועקגעשטעלט אין אַ פילאָסאָפיש ליכט. דאָס איז דערפאַר, וואָס יהואש׳ס פערזענלעכקייט און זיין קולטור אויפטו, ווערט ניט אויסגעשעפּט מיט זיין דיכטערישער שאַפונג.

לויט דער שייכות צווישן דעם סכום פונם קינסטלערס טעטיקייטן און אויפטואונגען אויף אַלערליי געביטן, און דעם קינסטלערס ריין־קינסטלערישע אַרבעטן, קאָנען אַלע קינסטלער און אפשר אַלע קולטור־שאַפער געטיילט ווערן אין לפּחות פינף קלאַסן.

איין קלאַס נעמט אַרום די גרופּע שאַפער, וועלכע דריקן און דיכטן זיך כמעט אינגאַנצן אויס אין זייערע טאָג־טעגלעכע טואונגען, אין זייער פּראַקטישן לעבן, אַזוי אַז עס בלייבט שוין זייער ווייניק אויסדרוק און דיכטונג אין זייערע טעאָרעטישע אָדער קולטורעלע שאַפונגען. דאָס זיינען מענטשן מיט באַגרענעצטע פאַנטאַזיעס, און גרינגדערגרייכבאַרע באַשטרעבונגען, וועלכע קאָנען אַלע פאַרווירקלעכט ווערן אינם קורצן לויף פונם פאַרגענגלעכן מענטשלעכן לעבן. עס בלייבט ביי זיי דעריבער ווייניק דראַנג און אָנשטרענג, וואָס קאָן קומען צום אויסדרוק אין אַ קולטור־שאַפערישער אַרבעט.

אַ קלאַס פאַר זיך שטעלן צונויף די קינסטלער, וואָס נישט נאָר זיינען פון גרויס ווערט די קינסטלערישע אויסדרוקן פון זייער פערזענלעכקייט, פאַרקערפּערט אין וואָרט, פאַרב, קלאַנג און ליים, נאָר אויך אַ סך אַנדערע אויסדרוקן פון זייער גייסטיקן מהות. אַ דאַנק געוויסע, אָפט אומדערקלערבאַרע אייגנשאַפטן פון זייער פערזענלעכקייט, באַווייזן זיי אַריינצוגעבן אָטעם פון דיכטונג אין אַ סך פון זייערע טואונגען און באַרירונגען מיט אַלץ און אַלעמען, צו וואָס זיי ווערן פון לעבן געשטויסן. דאָס זיינען שאַפער, וואָס ווירקן נישט נאָר מיט זייער פען, פּינזל, ריטעם אָדער מייסל, נאָר אויך דורך זייער דירעקטן אָנשלאָג אָן לעבעדיקע מענטשן, וועלכער וועבט זיך אַריין, אויף אַ מער

אָדער וויניקער לעגענדאַרישן אופן, אין זכרון פון די קומענדיקע דורות. זיי לאָזן איבער נאָך זיך נישט נאָר אַ תורה שבכתב, נאָר אויך אַ תורה שבעל־פּה. אַלס ביישפּיל פאַר אַזאַ קאַטעגאָריע קאָנען דינען מענדעלע, פּרץ און ביאַליק.

פאַראַן אָבער קינסטלער, וואָס דריקן אויס זייער גאַנצן זעלבסט אין זייער קונסט אַזוי, אַז עס בלייבט איבער וויניק, אָדער גאָרנישט, אין זייער לויפנדיקן פּשוטן לעבן, וואָס זאָל שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָל און אויסאיבן אַ טיפן איינפלוס. מיר האָבן דאָ אין זינען אַזעלכע קינסטלער, ווי דער רוסישער דאָסטאָיעווסקי און דער יידישער שלום־עליכם.

קינסטלער, ווי טאָלסטאָי און געטהע, געהערן צו דעם מין וואָס זייערע קינסטלערישע שאַפונגען, אַזוי גוט ווי זייערע אַנדערע ליטעראַרישע שאַפונגען, שטייען אויף אַ גרויסער הויך און דאַרפן פון באַזונדערע שטאַנדפונקטן אָפּגעשאַצט ווערן.

אין דער לעצטער קאַטעגאָריע פון אונזער גרופּירונג וועלן אַריינגיין קינסטלער און שאַפער, וואָס זייערע אָריגינעלע שאַפונגען שעפּן נישט אויס אַלע זייערע אַרבעטן און טעטיקייטן אויף די פאַרשיידענע פעלדער פון קולטור. אין דערדאָזיקער לעצטער קאַטעגאָריע קינסטלער גייט אויך אַריין דער דיכטער יהואש.

ווי הויך איינער זאָל נישט שאַצן יהואש׳ס אָריגינעלע דיכטונג, וועט ער אָבער אין דער אייגענער צייט צוגעבן, אַז זיין איבערזעצונג אָדער איבערדיכטונג פון דער ביבל וועט אים, אפשר, אַריינקריצן אַ סך טיפער און בולטער אינם זכרון פון דער אייביקייט איידער זיין אייגענע דיכטונג. גאָר אַ גרויסער אײנשניט פון יהואש׳ס פּערזענלעכקייט איז צום אויסדרוק געקומען אין דערדאָזיקער גראַנדיעזער אַרבעט, וועלכע מיר רירן אינגאַנצן נישט אָן אין אונזער איצטיקן אָפּשאַץ. אויף זיין אָריגינעלער דיכטונג, און נאָר אויף איר, וועלן מיר דאָ פּרוּוון וואַרפן אייניקע שטראַלן. דאָס רעכט אַוועקצושטעלן זיין דיכטונג אונטער די שטראַלן פון פילאָסאָפיע, גיט אונז יהואש אַליין, דורך זיין אייגענעם באַגריף וועגן דער פאַרפאַסונג פון לידער.

אויף אַ פראַגע פון זיינעם אַ באַקאַנטן: „ווי ס׳ווערן לידער געמאַכט”, ענטפערט יהואש צווישן אַנדערעס אויך:

אָבער ווערטער אָן אַ זינגען,
אָדער ווען איר קאָנט געפינען

דעם געדאַנקען־פונק דעם דינעם
בלויז אים זוכנדיק מיט ליכט,
רייצן, קיצלען דעם געשמאַק נאָר,
ס׳איז אַ ליידיקער טיק־טאַק נאָר,
שיינער פודער אויף דער באַק נאָר
פון אַ בר־מיננס געזיכט . . .
שיינע פאַרבן, וועלכע בלאַנקען,
קאָנען קיינמאָל שטאָט געדאַנקען
נישט באַשאַפן אַ געדיכט . . .

(„פראָלאָג״, — געזאַמלטע לידער).

אַ געדיכט אַלזאָ, מוז, ווי יהואש גלויבט, אַנטהאַלטן געדאַנקען. און יהואש׳ס לידער זיינען טאַקע אידעען רייך. אָט דעם געדאַנקען־פלוס אין יהואש׳ס לידער וועלן מיר אָוועקשטעלן אונטער אַ פילאָסאָפישער באַלייכטונג, מיט דעם צוועק אויסצוגעפינען: ערשטנס, צי שטעלן זיי צונויף אַן אָריגינעלע פילאָסאָפישע שיטה, און אויב נישט, איז צו וואָסער שיטה אין פילאָסאָפישן דענקען געהערן זיי. צווייטנס, צי זיינען זיי געדאַנקען פון אַ מער דענקער ווי זעער, אָדער פון מער זעער ווי דענקער. מיט אַנדערע ווערטער, צי זיינען עס געדאַנקען, וואָס טראָגן זיך אויף די פליגלען פון דער אינטואיציע, אָדער זיינען זיי מער אַרויס־שטראַלונגען פון געדאַנקלעכקייט.

געדאַנקען פון אַ דענקער און זעער, אַפילו ווען זיי זיינען נישט ניי און אָריגינעל, אַפילו אויב זיי זיינען נישט פון דעם מין, וואָס האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אויף דער וועלט, רעגן זיי דאָך אַלע דענקפעיקע מענטשן מיט אַזאַ פרישקייט און זאַפטיקייט, ווי זיי וואָלטן פריש־צאַפלדיק צום ערשטן מאָל אויף גאָטס וועלט אַרויסגעבראַכט געוואָרן. דאָס איז דערפאַר, וואָס די געדאַנקען, וואָס שלאָגן אַרויס פון אַ דיכטער־זעער, זיינען אָריגינעל אין פאָרם, טיף אין זייער קאָנקרעטקייט, גרינטלעך אין זייער אייגנאַרטיקער און אינדיווידועלער איבערלעבונג. זייער ווירקונג און איינפלוס איז, דעריבער, ווי פון אַ קראַפט, וואָס קוואַלט אַלע מאָל אויף־דאָס־ניי מיט אַן אומדערשעפּלעכער ענערגיע.

וואָס פאַר אַן אָרט, אַלזאָ, פאַרנעמט יהואש׳ס דיכטונג צווישן די

דיכטונגען, וועלכע קאָנען אויך פילאָסאָפיש באַטראַכט ווערן? דאָס איז די פראַגע, וואָס מיר וועלן זוכן פאַרענטפערן אין אונזער שטודיע פון יהואש׳ס אָריגינעלע שאַפונגען.

## II

די טענער, וואָס קלינגען אַרויס פון יהואשס לידער, צייכענען זיך אויס מיט אַן אָפּגעהאַקטקייט אָדער אַ נישט־דערגאַנגענקייט צו אַ וועלכן עס איז ענדפּונקט אָדער ענדציל; מיט אַ בענקעניש נאָך דעם אַלטן, איידער דאָס נייע איז געפונען געוואָרן; מיט אַ פּיין־און שמאַרץ־אָנגעזאָפּטקייט, וואָס קאָן אין ווערטער נישט אויסגעדריקט ווערן; מיט אַ פאַרלאַנג אַלץ אין דער וועלט צו באַזינגען, און צו באַשאַפן אַ ליד אויף דער טעמע פון יעדן קעגנשטאַנד און געשעעניש. אַזאַ פאַרלאַנג קומט דערפון, וואָס קיין שום קעגנשטאַנד אָדער געשעעניש, קיין שום אויסדרוק פון גאָטס גרויסער וועלט, פילט ניט אויס ביזן ראַנד דעם דיכטערס נשמה. נישט מסוגל, ווייזט אויס, איז זיין נשמה פאַרכאַפּט צו ווערן ביז די וואָרצלען אירע פון קיין שום זאַך אָדער פּאַסירונג; זי קאָן זיך נישט איבערגעבן אויף קיין איין מאָמענט צו עטוואָס ביז צו דער פאַרגעסנקייט און אויסגעשלאָסנקייט פון אַלע אַנדערע זאַכן אין דער וועלט. און דער גרונט־טאָן פון אַלע יהואש׳ס לידער איז נאַטיר־לעך אַ פּעסימיזם, וואָס איז שוואַרץ ווי די נאַכט.

אַלס אַ לאָזונג אָדער אַ פּראָלאָג צו יהואש׳ס גאַנצער דיכטונג, וואָלטן מיר אויסגעקליבן די ערשטע שורות פון זיין ערשט ליד אין זיינע לעצטע ביכער: „אין געוועב״. דאָס ליד הייסט „שלמה׳ס רינג״, אין וועלכן דער דיכטער זינגט:

אָן אַ שיעור געשטאַלטן,
אָן אַ צאָל גלגולים,
נעמט ער אָן און בייט זיך —
ווי אַ שנור אַ שוואַרצע,
ווי אַ שלאַנג אַ בייזע
קריכט ער דורך די צייטן —
ווי אַ שטילער יאָמער,
וויינט עס דורך די דורות:

נישט דערזופּט דעם בעכער,
נישט דערגרייכט דעם באַרג־שפּיץ,
נישט דערבויט דעם טורעם,
נישט דערטרוימט דעם חלום . . .

ווי מיט שלמה׳ס רינג אַזוי אויך מיט יהואש׳ס ליד. פון די שורות אָדער פון צווישן די שורות פון יעדן ליד, קאָן מען פאַרנעמען אַ ווייגעשריי אויף עפּעס, וואָס איז נישט דערזופּט, נישט דערגרייכט, נישט דערבויט און נישט דערטרוימט געוואָרן. פון די פיל לידער, וואָס אין זיי קלינגען בולט און שטאַרק אַרויס די אַלע אויבנדערמאָנטע שטימונגען און טענער, זאָלן דערזוייל פאַר אַן אַלגעמיינעם איבערבליק דערמאָנט ווערן די פאָלגנדיקע פינף: 1) „דער געוועזענער נביא״; 2) „די נייע נבואה״; 3) „דאָס נישט געזונגענע ליד״; 4) „געזאַנג״; 5) „לידער פון יאוש״.

אינם „געוועזענעם נביא״ דערציילט אונדז יהואש, אַז ער האָט קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיין (דעם געוועזענעם נביא׳ס) נשמה איז אײַנגעטונקט אין אַזאַ מוראדיקער פינצטערניש. אַ רעטעניש איז געווען פאַר אים „דער וויטיק, וואָס האָט אויף זיין וואַקס־געלן פּנים, ווי קליינינקע קברימלעך, קנייטשן געגראָבן״. נישט געקאָנט האָט ער דערגרונטעווען זיך צום פאַרוואָס פון דעם „גהינום, וואָס האָט לאַנגזאַם זיין לעבן פאַרפּייניקט״; ביז איינמאָל, שפּאַצירנדיק אויפן איינזאַמען פעלד־וועג, האָט דער איינזאַמער נביא אַליין אים געגעבן דעם שליסל צו די שוואַרצע אָפּגרונטן פון זיין נשמה. ער האָט גערעדט צו אים וועגן די קאַפּריזן און ווילדקייטן פון דער אוניווערסאַל־שאַפנדיקער קראַפט, וועגן דעם תוהו ובוהו, וואָס לאָזט זיך דערקענען אין אַלץ וואָס זי שאַפט. און דאָס ערגסטע פון אַלץ איז דאָס, וואָס, שאַפנדיק, לאָזט זי איר ווערק אין דערמיט, און ס׳בלייבט איר מלאכה אַ רויע, „און

דאָן האָסטו אַ כאַאָס, אַ ווילדעס געמיש,
אַ פויגל אָן פליגלען, אָן שווים־קראַפט אַ פיש,
אַ קאַץ, וועלכע האָט נישט קיין נעגל,
אַ קריפּל־געזינד וואָס אַ גאָטס משוגעת
אַרויסגעשיקט האָט אויף דער־וועלט צום שפּאַס,
אָן צוועק און אָן פּלאַן און אָן רעגל . . .

שלעכט איז דעם נביא דערפון, און דערזען האָט ער די אומ־פּערפּעקציע אין דער וועלט, ווייל ער אַליין פילט זיך ווי אַ קרבן פון דערדאָזיקער שאַפנדיקער קראַפט, ווייל ער אַליין פילט און זעט זיך ווי אַ פויגל אָן פליגלען אָדער ווי אַ פיש אָן דער שווים־קראַפט.

געווען אַ צייט אַ קורצע אַזאַ ווען ער איז
דער הייליקער נביא געוואָרן,
און טויזנט הענט האָבן זיך הויך געהויבן:
אַ רעד צו אונדז, אַ פיר אונדז דו פירער־פראָפעט,
און לערן אונדז לעבן, און לערן אונדז גלויבן,
דו שטראַלנדער ריז־מענטש, דו צוקונפט־שטאָפעט.

דידאָזיקע צייט האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן, ווייל געקומען איז אַ קאַלטע מחשבה און האָט געטויט און פאַרפרוירן זיין בלוט און איינ־איינעם דערמיט זיין פלאַמענדיקע באַגייסטערונג. פאַרוואָס? ווייל

איך בין אַ האַלבער פראָפעט נאָר געבוירן,
האַלב זומפּ און האַלב שכינה, האַלב פלאַם און האַלב פראָסט,
אַ פינצטערע האַנט האָט אין שפּאַס אָדער צאָרן
אין מיטן פון קנעטן איר אַרבעט געלאָזט . . .
— — — — — — — — — — — — — — — — —
און זיי זיינען איצט די נביאים געוואָרן,
און דער, וועלכער זאָל זייער פ י ר ע ר זיין איצט,
ער שטייט אין פלאַמענקרייז קאַלט און פאַרפרוירן
אַן א י י ז ב ע ר ג פון ז י י ע ר ע פונקען באַשפּריצט . . .

(נייע שריפטן, ב. 2).

אָט דידאָזיקע קאַלטקייט, פאַרפרוירעניש און האַלבקייט, וואָס אויף זיי באַקלאָגט זיך דער נביא, זיינען אייגנטלעך די שטימונגען און געפילן וועלכע האָבן באַהערשט יהואש׳ס נשמה. און זעלטן־ווען האָט ער זיך פון זיי באַפרייט.

און דער נייער נביא — ווי ווערט ער אין יהואש׳ס דמיון גע־מאָלן? ווידעראַמאָל ווי איינער, וואָס ווערט געמאַטערט פון קאַלטער ליידיקייט און פראַסטיקער וויסטקייט. ער זוכט אַ פאַרטיקן גלויבן אויף אָנצופילן זיין אייגענע ליידיקייט און אַ רייכטום פון פרעמדע אויף צו באַפלאַנצן זיין וויסטקייט. און דער תמצית פון דער נייער נבואה איז:

עס וועט שוין מער נישט זיין ווי עס איז געווען; עס וועלן זיך נישט שפּאַלטן מער קיין הימלען; גאָט וועט זיך מער נישט אַנטפּלעקן; קיין וווּנדער־געשאַפענע תורות וועט ער נישט שענקען; און דער פּראָפעט וועט מער נישט פּאַסטן טעג נאָכאַנאַנד פאַר די מענטשן אויף איינזאַמע באַרג־שפּיצן. נישט קריצן וועט ער מער קיין לוחות מיט בלוטנדיקע הענט; נישט אַריינלייגן וועט ער מער אין זיי זיין האַרץ־בלוט; נאַר וואָס דען? פון היינט אָן וועט יעדער איינער, פאַר זיך, זיך מאַטערן לאַנגע נעכט אויף זייער געלעגער מיט די ספקות, וואָס בייסן ווי די שלאַנגען; אַליין האַקן די לוחות, אַליין צו די הימלען דערקלעטערן און אין די אָפּגרונטן נידערן; אַליין נעמען און געבן אַ תורה, און ערשט דאַן, נאָך יאָרן פון שווערע ראַנגלענישן:

זאָלט איר פון אייערע לענדן דאָס זאַק־קלייד
אַראָפּטאָן, און אויפשטיין געבוירן פונסניי,
דען איר האָט אַנטפּלעקט אייער גאָט
אייער אייגענעם איינציקן גאָט . . .

(אין זונען און נעפּל).

אַזאַ אַנטפּלעקונג, אַזאַ גאָט, וואָס אים דאַרף יעדער איינציקער מענטש פאַר זיך אַנטפּלעקן, אַנשטאָט ער זאָל זיך אַנטפּלעקן צו אַלע מענטשן אין געוויסע מאָמענטן אויף אַ געוויסער מדרגה פון אַנטוויקלונג; אַזאַ פונסניי־געבוירן־ווערן קאָן נישט אויף לאַנג אָפּטאָן דאָס זאַק־קלייד פון לייב. אָן דעם געפיל פון זיכערקייט, אַז דער גאָט, וואָס אים האָב איך דערזען, איז דערזעלביקער גאָט, וואָס אים מוזן אַלע דערזען, אַדאַנק זיין אייגנשאַפט אָדער פאַרלאַנג זיך צו אַנטפּלעקן; אָן דעם גלויבן, אַז מיין אַנשטרענגונג און מיין אינטימיטעט אין דער שייכות צווישן מיר און גאָט, קאָן העלפן עפענען די אויגן אויך פון אַנדערע, קאָן „קיין שום זאַנפט נישט אויף לאַנג דורכזאָפּן דעם מוח און שטאַרקן דאָס האַרץ, לייטערן דעם זינען און פעריונגען דעם געדאַנק". אָן דעם באַשטרעב און אָן דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון קריצן לוחות מיט אַזאַ טיפקייט און ערנסטקייט, אַז זיי זאָלן ווערן אַ וווּנדער געשאַפענע תורה, וואָס זאָל לייכטן דעם וועג פאַר דורות און דורות, מוז דער מאָמענט פונסניי געבוירן ווערן, איינגעשלונגען ווערן פון אַן אייביקער טויטקייט, פאַרזונקען ווערן אין די תהומען פון פאַרגעסנקייט.

נאָך אַזאַ גייער בבואה מוז, פּונקט ווי ביז איר, יעדער איינער, וועמענס נשמה איז דורכגענומען מיט קאַלטער וויסטקייט און וויסטער אייזבערגיקייט, זעען רונד אַרום:

אַזעלכע ווי איך... און שמאַכטענדער בליק
האָט אַ שמאַכטנדן צווייטן באַגעגענט

און פּוסטקייט אין פּוסטקייט געשפּיגלט זיך האָט . . .

מיט אַזעלכע דערשפּירונגען וועגן צושטאַנד אין דער אייגענער נשמה; מיט דערזעאונגען פון אַזעלכע פּוסטקייט־אָפּשפּיגלענישן אין די נשמה־פענצטער פון אַנדערע מענטשן, איז טאַקע אוממעגלעך צו כאַפּן דאָס ליד, וואָס זאָל פאַרכאַפּן די נשמה ביז אַלע טיפענישן. אַ נשמה מיט אַזעלכע אינהאַלטן קאָן נישט שאַפן דאָס ליד, וואָס זאָל, בעת מען זינגט עס, געבן דעם געפיל, אַז דאָס איז דאָס ליד, וואָס דאַרף טאַקע געזונגען ווערן.

און אָט דערפאַר פילט עס טאַקע יהואש אַזוי שטאַרק, אַז ער קאָן נישט שאַפן און באַהערשן דאָס ליד, וואָס דאַרף געזונגען ווערן, און איז נאָך נישט געזונגען געוואָרן.

III

אין זיין „דאָס נישט געזונגענע ליד", קלאָגט ער זיך אויף דעם, וואָס אַ נישט געזונגענע ליד פּרעסט זיין ברוסט מיט פּיין און לוסט. אָט ווייזט עס זיך צו אים און אָט פאַרגייט עס; אָט שפּירט עס און אָט פאַרלירט ער עס, און אַלץ דערפאַר, וואָס ער פילט, אַז דאָס גרויסע נישט געזונגענע ליד דאַרף אויסדריקן עטוואָס, וואָס שטייגט אַריבער זיינע כחות.

דען דו ביסט גרויס און שיין
אָ, נישט געזונגענע ליד!
און איך בין שוואַך און קליין
און האָב קיין ווערטער ניט . . .

עס פעלט אויס דער ברען פון באַגייסטערונג, וואָס זאָל מאַכן צו דערפילן אַז דאָס ליד, וואָס זינגט זיך אַרויס פון די טיפענישן פון זיין גייסטיקן וועזן, איז „דאָס הייס־געגאַרטע ליד, דאָס ליד פון אַלע לידער".

דעם פּאָעטס אינטעלעקט גיסט שטראָמענווייז קאַלט וואַסער אויפן פייער פון זיין אייגענער אינטואיטיווער, ספּאָנטאַנער נשמהדיקייט. נשמה באַטייט גייסטיקער סינטעז, רוחניותדיקע פולקייט און גאַנצקייט. סינטעזירטער אַלץ איינשליסנדיקער גייסט גיט דעם געפיל פון זי־כערקייט, אַז יעדער אויסדרוק פון גייסט, יעדער מאָמענט פון העכסטער קאָנצענטרירונג, איז אַ געוויסע אַנטפּלעקונג פון אוניווערסאַלן גייסט. עס זיינען די קאַלטע שטראָמען פון געדאַנקלעכער צעגלידערונג אין יהואשן, וועלכע מאַכן אים צו פילן:

שוין ברעכט דער גייסט צוזאַמען,
שוין איז דאָס האַרץ אין פלאַמען,
שוין פלאַקערט דאָס געבליט . . .
אָט איז עס . . . נאָך אַ טריט
און ס׳קומט דאָס נישט געזונגענע ליד . . .
ווי ווייט עס שטראַלט!
אָט באַלד . . . אָט באַלד
אַ פּאַסיק וואָרט און פעסט געבונדן
אויף אייביק איז די ליכט־געשטאַלט . . .
דאָך וויי! . . . שוין איז דאָס בילד פרשוונדן —
איך האָב עס נישט באַצוווּנגען,
דאָס נישט געזונגענע ליד.
מיר איז צו זינגען נישט געלונגען
דאָס נישט געזונגענע ליד . . .

(נייע שריפטן, ב. 1).

דאָס „ליד פון לידער״ בלייבט אַ נישט געזונגען ליד דערפאַר, וואָס ער שפּירט נישט קיין איין־און־איינציקן אויסדרוק פון דער אור־ביוווערסאַלער עקזיסטענץ, וואָס דורך אים אַליין זאָל זיך אַנטפּלעקן דער מהות פון דער אוניווערסאַלער רוחניות אין איר גאַנצער פולקייט. דע־ריבער איז עס נאַטירלעך, אַז דער דיכטער זאָל באַטראַכטן אַלע קעגנ־שטאַנדן אין דער וועלט ווי טעמעס פאַר זיינע געזאַנגען. דאָס קומען זייערס צום אויסדרוק דורך זיינע לידער איז בלויז אַ פראַגע פון צייט. אין זיין ליד „געזאַנג״ רעכנט ער אויס טעמעס ווי: גראָז, ערד, גאָלד־אַרץ, טייך, אויסגעלאָשענעם ווולקאַן, הונגעריקן וואָלף, לאָקאָמאָטיוו, וואַלד, בופעלן, אַש, פּערל, וואָרעם, זון, ווינט, שפּינוועבן, רעמסעס,

מומיע,ביינער אין די קברים, טויטע נעכט, אומגעבוירענע באַגינענס — און ער ענדיקט מיט דעם, אַז

אַלע זיינען מיינע,
סיי איך זע, סיי נישט,
אַלע וועלן אָנקומען צו מיר
אויף אומגעזעענע וועגן,
אויב איך וועל לעבן
גענוג מיליאָנען יאָרן.

דאָס איז אַ זייער כאַראַקטעריסטיש ליד פאַר איינעם, וואָס אין ליכט פון זיין מער אַנאַליטישער ווי סינטעטישער געדאַנקלעכקייט, וויקלט זיך די וועלט פאַנאַנדער אין אָן אַ שיעור און אָן אַ סוף טיילן, אָדער שפּריצט זיך פאַנאַנדער אין אָן אַ צאָל פונקען. אַלע טיילן אינ־איינעם גענומען באַטרעפן ניט דאָס ג אַ נ צ ע. אַלע פונקען שטעלן ניט צענויף דעם פייער. דאָס גאַנצע איז אַנדערש און מער פאַר די טיילן, און דער פייער איז אַנדערש און מער פאַר די פונקען. אַזאַ בילד אין פּאָעזיע אָדער פּראָזע פון צעטיילטקייט און צעשפּליטערונג וואָלט ניט פאַרהאַלטן געוואָרן אין די נעצן פון דער פאָרשטעלונג פון איינעם, וואָס נעמט אויף די וועלט מער סינטעטיש ווי אַנאַליטיש. פאַר דעם סינטעטישן בליק אַנטפּלעקט זיך דורך יעדער איינצעלהייט די אַלץ באַשאַפנדיקע און אַלץ אַנטוויקלענדיקע קראַפט, וועלכע קען אויף אַמאָל אַרויסברייגען אַלערליי פאַרשיידענע זאַכן און קיינמאָל פון זיי ניט אויסגעשעפּט ווערן. די דאָזיקע קראַפט קאָן ניט אין דערווירקלעכקייט און ניט אין דער פאַנטאַזיע סומירט און אינטעגרירט ווערן פון קיינע סכומען פון זאַכן.

וואו עס איז נישטאָ קיין שטאַרקע ו ו י ז י ע פאַר דעם אַלץ אויספילנדיקן גאַנצן, וואָס פאַראייניקט און פאַראייניקט אַלע אָנצייליקע איינצעלהייטן און צעברעקלטקייטן, דאָרט קאָן אויך ניט זיין קיין דער־זעאונג פאַרן אַריינפלוס פון ענדלעכן אין אומענדלעכן, און פון צייט־לעכן און פאַרגענגלעכן אין דעם צייטלאָזן און אייביקן. ווו עס איז ניטאָ קיין אויג, וואָס קאָן אָנגעשטעלט ווערן אויף דער וועלט און אַלע אירע געשעענישן, און אויף דעם מענטשן און אַ ל ע זיינע איבערלע־בונגען, אונטער דעם ליכט פון אַן אייביקער אַלץ־אַרומנעמענדיקער גאַנצקייט, דאָרט מוז אַ פּערספּעקטיווע פון שוואַרצקייט אַרומוויקלען

דעם מענטשנס נשמה. די נשמה פון אַזאַ מענטשן מוז באַהערשט ווערן פון פאַרצווייפלונג און יאוש, און איינס פון זיינע לידער האָט יהואש אַ נאָמען געגעבן — „די פּאָעזיע פון יאוש“.

אויף דעם פאָרוווּרף:

דו רופסט מיך אַ קלאָגמוטער,
דו זאָגסט, אַז נישט האַרמאָניש
און נישט פּאָעטיש איז אַ ליד,
וואָס האָט קיין העלן טאָן נישט —

ענטפערט ער מיט אַ דערקלערונג, אַז נאָר דאָס יוגנטלעבן הייבט זיך אָן מיט אַ שטראַלנדיק ליד, אַז נאָר דאָסדאָזיקע לעבן

האַלט דעם קאָפּ פאַריסן הויך
צו שטערן און פּלאַנעטן
און ווי די פּיס פון נאַכטוואַנדלער
אַ תהום אַריבערטרעטן . . .

און ער דערמאָנט אים אָן דער צייט, ווען דער קאָפּ אַ באַלאָדע־נער מיט געדאַנקען בויגט זיך צו דער ערד און

ס'זעען קוקנדיק אַראָפּ
די אָפּגעבליאַקטע אויגן,
אַן אָפּגרונט אונטער יעדן טריט
מיט שפּינוועבס דין פאַרצויגן . . .

און ער ענדיקט דעם ענטפער מיט די ווערטער :

דו האָסט בײַם ערשטן טייל... נישט וואַרף
מיין ליד אַריין אין ביוש,
וועסט קומען אויך צום צווייטן טייל —
די פּאָעזיע פון יאוש.

צי איז דער, ווען יהואש ווענדט זיך מיט זיין ליד, געקומען צום צווייטן טייל — צו דער פּאָעזיע פון יאוש — ווייסן מיר נישט. זיין קיינמאָל בישט קומען צו איר איז פּונקט אַזוי מעגלעך און וואַר־שיינלעך, ווי זיין י אָ קומען. פאַר אונדז זיינען בײדע פאַלן גלייך מעג־לעך דערפאַר, וואָס מיר לייקענען, אַז פאַרצווייפלונג, יאוש אָדער וואָס מען רופט פּעסימיזם אין שאַפונג, האָט אַ ווערלכע עס איז שייכות מיט יונג און אַלט, שוואַך און שטאַרק, אָדער מיט אַ ווערלכן עס איז צו־

שטאַנד פון ווויל־זיין און נישט ווויל־זיין. פאַרצווייפלונג און יאוש זיי־
נען שטימונגען אָדער געמיט־צושטאַנדן, וואָס באַפאַלן צייטווייליק
אָדער לעבנסלאַנג דעם יונגן ווי דעם אַלטן, דעם שטאַרקן ווי דעם
שוואַכן, דעם רייכן ווי דעם אָרעמען.

אויפרודערנדיקע און שרעקלעכע לעבנסגעשעענישן, ווי טראַ־
גיש זיי זאָלן ניט זיין, קאָנען נישט אויפגעמונטערן ווערן קאָסמיש־פּאַ־
עטיש ווי טראַגעדיעס, סיידן זיי זיינען אָרגאַניש פאַרבונדן מיט קאָנ־
פליקטן. די דאזיקע קאָנפליקטן מוזען זיין צווישן גלייכוויכטיקע און
גלייכווערטיקע קרעפטן און גייסט־אויסדרוקן: ווי ליבע און האַס, גלויבן
און צווייפל, זעלבסט־אַכטונג און אַליין־דערנידערונג, וואָס צערייסן
די נשמה אויף שטיקלעך. זייער קאָסמישער זין ליגט אין נשמה־אויפ־
ברויז און גייסטיקן עקשנותדיקן איינשטעל צום וועלטאַל, וואָס זיי
רופן אַרויס.

וועלט אומשטענדן און אינדיווידועלע איבערלעבונגען ברענגען
ניט קיין טונקעלע פּאַראויסזעענישן, חושכדיקע פּערספּעקטיוון צו די,
וועלכע זיינען ניט באַהערשט דורך ירושה, דערציאונג און סביבה פון
אַ שוואַרצן אַריינבליק אין די אייביקע קאָסמישע שייכותן צווישן מענטש,
וועלט און גאָט. אַ וועלט אינגאַנצן אָן אַ גאָט אָדער מיט אַן אומדער־
קענטבאַרן גאָט, אַ וועלט דעטערמינירט מיט באַגרעניצטע מעגלעכקייטן
פאַר מענטשלעכע ממשותדיקע אויפטואונגען, גיט זיכער מער גרונט
פאַר אַ פעסימיסטישן וועלט־אויסבליק און פאַר דעספּעראַטיווע און דע־
פּרעסיווע שטימונגען, איידער אַ וועלט אַ פרייע, אויף וועלכער עס
קוקט אַ געטלעך אויג און וואָס אין איר שלאָגט אַ האַרץ אין אוני־
סאָן מיטן האַרץ אין מענטשן און אין דער מענטשהייט. אַ קאָסמאָס
אָן אָנהאַלט און אינהאַלט פאַרשפּרייט געדיכטע וואָלקנס איבער די
האָריזאָנטן און הימלען פון מענטשן. ער לאָזט נישט פאַלן קיין שום
ליכט־שטראַל אפילו אויף די בעסטע און שענסטע מאָמענטן אין
מענטשלעכן לעבן ווי אויך אויף די ווויל־זייענדיקסטע אומשטענדן, וואָס
רינגלען אַרום אַזאַ מענטשן אין אַזאַ אָדער אַנאַנדער תקופה פון זיין
לעבן.

און דערפאַר ווילן מיר זוכן די סיבה פון דעם פעסימיזם אין
יהואש'ס פּאָעזיע אין זיין א ו י פ נ ע ם פון די שייכותן פון מענטשן
צו אַלץ וואָס איז אַרום אים און איבער אים. מיר ווילן צוקומען צום

פילאָסאָפישן מקור פון זיין פעסימיזם. מיר וועלן פּרוּוון געבן די פי־לאָסאָפישע קייט, וואָס פון איר איז זיין פּאָעזיע פון יאוש בלויז אַ רינגעלע.

אונדזער באַריר מיט פילאָסאָפישע און קינסטלעריש־פילאָסאָ־פישע ווערק, האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע איבערצייגונג, אַז יעדער פעסימיסטישער וועלט־בליק איז אַ פּועל יוצא און אַ סינטעז פון די שטעלונגען פון מענטשן צו די כחות, וואָס אַרבעטן אין אים און דרויסן פון אים. אין דער פילאָסאָפישער טערמינאָלאָגיע ווערן די דאָזיקע איינ־שטעלן באַצייכנט אַלס אַגנאָסטישע, טראַנסצענדענטאַלע, און דעטער־מיניסטישע. פאַרקערט, ווידער, אַן אָפּטימיסטישער וועלט־בליק איז אַ צונויפגוס פון אַ אינטואיטיוו־פּאָזיטיוויסטישער, אימאַנענטער און אינדעטערמיניסטישער שטעלונג צו די אוניווערסאַלע און קאָסמישע כחות.

וואָס איז אמת בנוגע פילאָסאָפישע ווערק, מוז אויך זיין אמת בנוגע קינסטלערישע ווערק. קונסט איז דאָך, נאָך אַלעמען, בלויז אַן אַנדער אויסדרוק־פאָרם פון די זעלביקע טיפע אינהאַלטן, וואָס ליגן אויף די אָפּגרונטן פון איינער און דערזעלביקער העכסטער רעאַליטעט. „די העכסטע פונקציע פון קונסט — זאָגט העגעל, — ווערט נאָר דענסטמאָל צופרידנגעשטעלט, ווען זי האָט זיך באַפעסטיקט אין אַ ספערע, וואָס אין איר האָבן אַ חלק רעליגיע און פילאָסאָפיע. דורך דעם ווערט זי בלויז אַ מאָדוס און אַ פאָרם, דורך וועלכע דאָס ג ע ט ל ע כ ע, די טיפסטע מענטשלעכע אינטערעסן און די גייסטיקע אמתן פון דעם ברייטסטן אומפאַנג, ווערן אינטים פאַרבונדן מיטן באַוווּסטזיין און קו־מען צום אויסדרוק. אין קונסט־ווערק האָבן פעלקער דעפּאָנירט די רייכסטע אנשויאונגען און אידעען, וואָס זיי פאַרמאָגן. און ניט זעלטן גיט אונדז די קונסט דעם שליסל צו דער פאַרטייטשונג פון דער חכמה און דער רעליגיע פון פעלקער״.

אייניקע באַווייזן פון אונדזער אײַנשטעל וועגן דער שייכות פון דעם מענטשנס פעסימיסטישן אָדער אָפּטימיסטישן בליק אויפן גאַנג און שיקזאַל פון זיין לעבן צו זיין וועלט־באַנעם, האָבן מיר געבראַכט אין דער פריערדיקער עסיי „קוואַלן פון פעסימיזם און אָפּטימיזם״. דאָס זיינען בלויז אייניקע פון פיל אַנדערע, וואָס קאָנען געבראַכט ווערן ווי אַ גרונט פאַר דער השערה, אַ קונסט אין אַלערליי פאָרמען, פילאָסאָפיע אין אַלערליי אַספּעקטן און די מענטשלעכע נשמה אין אַלע אירע ניו־

אנסן — שטעלן צונויף איין־און־איינציק געוועב. זיינע פעדעם קאָנען קיינמאָל ניט איבערגעריסן ווערן.

אינם ליכט פון דער דאָזיקער היפּאָטעזע האָט פאַר אונדזערע אויגן יהואש׳ס דיכטונג זיך איינגעטיילט אין דריי עלעמענטן: אַגנאָ־סטיציזם, סקעפּטיציזם און דעטערמיניזם. זיי זיינען עס פאַראַנטוואָרט־לעך פאַרן פּעסימיזם מיט וועלכן זיין דיכטונג איז אָנגעזאַפּט און דורכ־געדרונגען.

מיר וועלן איצט אַריבערגיין אויף אַ מער ספּעציפישן אופן צו זיינע לידער און זיך אָפּשטעלן אויף אויסצוגן, וועלכע גיבן אויפן בולטסטן און כאַראַקטעריסטישסטן אופן אַן אויסדרוק צו די דאָזיקע דריי דערמאָנטע וועלט־בליקן, און צום פּעסימיזם, וואָס שטראָמט פון זיי.

IV

אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע „הורקנוס" שטעלט אונדז יהואש פאָר דעם כהן גדול הורקנוס אַלס אַ יונגן, דרייסיקיאָריקן מאַן מיט האַרטע שטריכן און פאַרחלומטע אויגן. אַן ערב יום כפור פאַרנאַכט שטייט דערדאָזיקער כהן גדול אינם טעמפּל און הערט זיך איין צו די ווערטער פון דעם פאָרשטייער פון סנהדרין. אין זייער נאָמען און אין נאָמען פונם גאַנצן פאָלק באַשווערט ער אים צו זיין געטריי דעם ריי־נעם גאָט און דעם פאָלק, וועמענס שליח ער איז. ער פרעגט אים:

וועסטו אין יענער איינזאַמקייט
אין קדשי קדשים הייליקייט
וווּ קיינער וועט נישט אָנזען דיך
און קיינער נאָכשפּיאָנען
און קיינער דיר דיין פליכט דערמאָנען —
מיט ריינעם גייסט אַריינטרעטן,
וועסט ישראלס גאָט נישט לעסטערן
מיט זינד־געדאַנקען?

הורקנוס שווערט ביי דעם, וואָס איז הייליק ביי אים, אַז ער וועט דאָס פאָלק נישט אָפּנאַרן. ווען ער בלייבט אָבער אַליין, קוקט ער אַ לאַנגע צייט אויפן מעריב הימל, דאַן כאַפּט ער זיך אויף און רעדט צו זיך אַליין:

„דאָס ריינע ליכט", געזאָגט האָט שמעי,
און ווען דער ריינער זונען־שטראַל
אויף פאַרביקע קריסטאַלן פאַלנדיק,
זיך ברעכט אויף רויט און בלוי און גרין —
ווו איז דאַן דאָס ריינע ליכט?
איז איטלעכער קאָליר דער אמתער?
איז יעדער איינציקער באַטרוג?
— — — — — — — — — — — — — —
וואָס איניקט די געטרענטע ליכט־פּעדעם
די זון — די זון, זי איז דער קוואַל פון אַלע.
דאָך קיינער נישט, נישט זיי, נישט איך
קאָן זעען מיט שוואַכן מענטשן־אויג
די בלענדנדיקע געשטאַלט . . .

**דורכגענומען ווערט אין איר איינזאַמקייט דעם יונגן הורקנוסעס נשמה מיט אַן אַגנאָסטישער שטימונג, פון אומבאַגרייפבאַרקייט און אומצוטריטלעכקייט פון דעם מענטשנס גייסט צו דעם מהות פון גאָט. ער פילט אין די טיפענישן פון זיין נשמה דעם זעלביקן פאַרבאָרגענעם דראַנג, די זעלביקע לעכצנדיקע בענקשאַפט נאָך דעם איבערנאַטיר־לעכן און איבערמענטשלעכן, וואָס עס פילט דאָס פאָלק און די סנהדרין, וועלכע שיקן אים אין זייער נאָמען גאָט צו דינען. בעת ביי זיי, אָבער, האָט זיך דער דראַנג און די בענקעניש רעאַליזירט אין אַ באַשטימטער געשטאַלטקייט, אין אַ פּאָזיטיווער שייכות צווישן זיי און דעם, וואָס איז איבער זיי, איז ביי אים אַזאַ רעאַליזירונג נישט פאַרגעקומען. ער איז פאַרבלענדט פון שיין פון עפּעס, וואָס זיין מהות קאָן ער נישט אויפכאַפּן מיט זיין געדאַנק און געפיל. דאָס איז דער טייטש פון זיינע ווערטער:**

דער טונקעלער טריב, דער צוגעדעקטער סוד,
די טיף פאַרבאָרגענע באַדערפעניש,
וואָס שווימט אַרום אין אונדזערע געדאַנקען
אַמאָל אין גלוטיקער א מ ו נ ה,
און אָפט אין פייניקנדיקן צ ו ו י י פ ל,
און אָפטמאָל אויך אין גאָטס צעשטערונג
(אום פלאַץ צו מאַכן פאַר אַ נייעם גאָט).

דאָס איז דער קערן, וועלכער אייביק לעבט,
דער קערן, וועלכער אייביק פרוכטן טראָגט,
דער פונק, ווו איך און זיי
זיך טרעפן דאָך צוזאַמען.

(נייע שריפטן, ערשטער באַנד).

דער טונקעלער טריב פאַראייניקט אים מיטן סנהדרין, זיי זיינען אָבער דורכן טריב — צו א מ ו נ ה ג ע ק ו מ ע ן, ער — צום צ ו ו י י פ ל. און דאָס טיילט אים אָפּ פון זיי. ווי מיט הורקנוסן, דעם כהן גדול, אַזוי אויך מיט יהואשן דעם פּאָעט. דער צווייפל און די אומזיכערקייט אין דער מעגלעכקייט צו דערקענען דעם תוך פון דער וועלט, טיילט אים אָפּ און שטעלט אים אַוועק אין אַ זייט פון דעם אינ־טואיטיוו־פּאָזיטיוויסטישן שטראָם אין דעם פילאָסאָפישן וועלט־באַנעם. נישטאָ פאַר יהואשן אַזאַ הייליק אָרט, אָדער אַזאַ הייליקער מאָמענט, וואָס אין אים זאָל דער מענטש קאָנען אַריינבליקן דער רעאַליטעט גלייך אין פּנים אַריין. ער טענהט דערפאַר מיט זיין פריינט:

דו ווילסט די שאָלעכטס דורכברעכן, מיין פריינט,
פון וועלט־טעאַטער הויבן די גאַרדינען,
דעם אמת ווילסטו זען נישט ווי ער שיינט
און שלאָגט זיך אָפּ אין קרומען מענטשן־זינען
נאָר אין דיין קדשי־קדשים, ווו ער טראָנט,
דאָרט ווילסטו זוכנדיק פאַרקריכן —
אָ, קראַנקער נאַר, אומזיסט דיין שכל שפּיאָנט,
און דאָס פאַרגלייכט אַזאַ זוכער מיטן האָן,
וואָס זוכט הינטער דעם קאַלטן שפּיגל־גלאָז
דעם אמתן האָן, דעם באַהאַלטענעם.

(„אמת־זוכן", געזאַמלטע לידער).

יהואש האָט ניט באַוויזן דורך די גייסטיקע עקס־שטראַלן ווי וויזיע, פאַנטאַזיע אָדער אינטואיציע אַריינצודרינגען אין די אינווי־ניקייטן פון וועלט־טעאַטער. אין די מאָמענטן פון מאַקסימאַלסטער גייסטיקער אָנשטרענגונג, וואָס בערגסאָן באַצייכנט אַלס דויער־מאָמענטן, האָט ער ניט דערבליקט די וועזנטלעכקייט פון דער אַבסאָ־לוטער רעאַליטעט מיט אַלע אירע פילפאַרביקע קאָנקרעטע אויסדרוקן.

זיין אינטענסיווע געדאַנקלעכקייט און שאַרפע אַנאַליטיק דערלאָזן אים ניט אַראָפּצולאָזן זיך אין די טיפעניש פון זיין גאַנצן איך אָדער זעלבסט, וועלכער ווייסט ניט פון קיין שום מחיצות, פאַרהאַנגען אָדער שפּיגלען. ער מוז זיך דעריבער קאָרטשען אין פּיין, פילנדיק דעם אוניווערסאַלן „אַלץ" ווי אויך זיין אייגענעם „איך" **קאַלייִדאָסקאָפּיש צעבראָקלט און צעשפּליטערט**. דערפאַר איז עס יהואש אַזוי אין כעס אויפן קאַלטן חכם, וועלכער האָט זיינע געטער צעשטערט, אים פון זיבעטן הימל אַראָפּגעשלעפּט און אין דער פינצטערניש קרעכצן געלאָזט. פול מיט צאָרן, שרייט ער אויס:

איצט ליג איך און קרעכץ אין דער פינצטערער וויסטקייט,
און דריי זיך אין דרייען פון פּיין,
וואָס טויג מיר דיין אמת, גיב שטראַלן וואָס נאַרן
אַבי נאָר אַ וואַרימען שיין . . .
(„בלומען און דערנער", געזאַמלטע שריפטן).

אַזוי מוז פילן דער, פאַר וועמען דער געדאַנק שטעלט אַוועק אַ גרעניץ צו דער דערקענטעניש.

רונד אַרום דיר איז אַ פעלזן־בערג,
און קיינמאָל וועט דיין פוס דיך דאָרט נישט ברייננגען.
דאָרט רוישט דער וואַלד, ווו עס איז נישטאָ קיין שטעג,
ווו קיינמאָל וועט דיין קליינעס אויג נישט דרינגען.
(„דער גבול", נייע שריפטן).

קיין ווונדער נישט, וואָס אָנשטאָט פעדעם, ציט יהואש אַרויס שלאַנגען פון דעם גאָט־מענטש־וועלט געוועב.

אַ פאָדעם האָט פון קנויל זיך אָפּגעדריבלט
און איז אין פינצטערניש צו מיר דערגאַנגען,
האָב איך מיט מי געצויגן און געגריבלט
און האָב אַרויסגעצויגן שלאַנגען . . .

מיין זעל, מיין מידע זעל,
האָסט דריבלענדיק אין פינצטערניש,
זיך פעדעמווייז אַליין צעריסן
מיין זעל, מיין מידע זעל . . .

(„שאָטענס", אין געוועב).

אַ נשמה, וואָס ווערט פּעדעמוויז צעריסן דערפאַר, וואָס זי פילט זיך דערוווייטערט פון דער רעאַליטעט פון דער וועלט, וועלכע קאָן נישט דערקענט ווערן, מוז זיך פילן אומבאַהעפט צום תוך פון דער וועלט. זי מוז שטענדיק געדריקט און געשטיקט ווערן פון אַ געפיל, אַז זי איז ד ר ו י ס ן פון דער וועלטס וועזנטלעכקייט.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דעמדאָזיקן געפיל, איז יהואש'ס ליד, טאַקע מיטן נאָמען „דרויסן".

אין דעמדאָזיקן ליד זינגט זיך וועגן איינעם — און דער איינער איז דער פּאָעט אַליין — וואָס ווערט געפירט פון עמיצן דורך פינצטערע וועלדער אין אַ נאַכט, וואָס דריקט אויפן רוקן ווי בליי. צו זיינע אויערן דערטראָגט זיך בלויז דאָס קנאַקן פון די געשטאָרבענע קרייטער אונטער די פיס. זיי זיינען געגאַנגען און געגאַנגען ביז ענדלעך האָבן זיי דערגרייכט צו אַ טאָל, אין גרונט פון וועלכן עס איז געשטאַנען אַ שוואַרצער הויכער בנין, מיט פענצטער אָן אַ שיעור. פאַרשווינדט פּלוצלונג דער פירער און דאָס ליד ענדיקט זיך מיטן פאַלגנדיקן רוף פון געפירטן צום פירער:

אָ פירער, דו פירער —
דער איינגאַנג ווו איז?
געזוכט אין דער פינצטער,
געטאַפּט מיט די הענט,
געקלאַפּט אין די ווענט,
ביז בלוט איז גערונען
פון אַלע צען פינגער —
קיין טיר און קיין איינגאַנג
האָב איך נישט געפונען . . .
די פענצטער געפלאַקערט
הויך, זייער הויך . . .
די גרויסע יללה
געוואָרן אַלץ שטאַרקער.
— — — — — — — — — — —
ס'האָט קיינער נישט, קיינער
געענטפערט מיין רוף . . .
דרויסן געוויינט
האָב איך איינער אַליין —

דאָס איז דער שיקזאַל פון דעם, וועמענס געדאַנקלעכקייט פירט צו אַגנאָסטיציזם. דער אַגנאָסטיציזם פילט אַן די נשמה מיט סקעפּטי־ציזם, מיט אַ צווייפל אין דער מעגלעכקייט צו געפינען אַן אויסגאַנג און אַן ענדציל פאַר די מענטשלעכע זוכענישן. דאָס איז דער שיקזאַל פון דעם, וואָס זעט אין אַלע זוכענישן פון מהותן און ווערטן נישט מער ווי אַ מיראַזש, און וואָס אידענטיפיצירט דעריבער דאָס געזוכטע מיט דער זוכעניש גופא. און דאָס איז וואָס דער סקעפּטיציזם טרייבט יהואשן צו טאָן.

יהואש זינגט:

צינד אָן אַ טויזנט פאַקעלן
און זוך און זיפ,
רוף ביז דיין קול ווערט הייזעריק
און בלאָ דיין ליפּ —
אומזיסט, אומזיסט,
דער רוים איז וויסט.

צום הימל קוקסטו? אָרעמער!
ער איז באַנקראָט . . .
די שטערן ציילסטו? וועסט דאָרט נישט
דערזען דיין גאָט.
נישט מי זיך מער,
דאָך הער מיך, הער:

דיין האַנט וואָס טאַפּט אין פינצטערניש
דאָס איז ז י י ן האַנט,
דער פאַקעל, וואָס דו זוכסט מיט אים
דאָס איז זיין בראַנד.
— — — — — — — — — — — — — —
דיין גאָט באַגער
אָט דאָס איז ער.

(„גאָט־זוכעניש״ — נייע שריפטן).

שווער לייגט זיך אויף יהואש׳ס געמיט זיין צעשטערטער גלויבן. דערמיט זאָגן מיר דאָ וועגן יהואשן דאָס זעלביקע, וואָס ער זאָגט וועגן מלכת שבא, בעת זי טרעט אויף פאַר שלמה המלך, וואָס „נאָך זיינע

שטראַלן האָט זי לאַנג געשמאַכט, און געגאַרט האָט זי טעג און נעכט צו פאַלן מיט געבעט פאַר זיינע קעניג־פיס".

די באַגעגעניש אָבער מיט שלמה המלך מאַכט אַ סוף צו איר גלויבן און צו איר האָפן; און איר פנים שיינט נישט מער פון פרייד; און אירע אויערן פאַרנעמען שוין נישט זיינע קלוגע זיסע רייד.

דער קעניג פרעגט זי:

דעם לעבנס סודות, קינד מיינס, ווילסטו וויסן?

און ער ענטפערט:

דו האָסט זיי שוין, און דו דאַרפסט זיי בלויז געניסן,<br>
האָסט אויגן שענער פון דעם מדבר־נאַכט,<br>
האָסט גלידער ווייכער ווי די מירטן־צווייגן,<br>
האָסט ליפּן, וואָס אַ וועלט מיט לוסט פאַרשווייגן,<br>
און אַלע אוצרות האָסטו אין דיין מאַכט.

דעם קעניגס אויגן שפּריצן ליבעס פונקען<br>
און ס'פליסט זיין שפּראַך מיט ליידנשאַפט באַטרונקען,<br>
דאָך בלייכער ווערט דער קעניגינס געזיכט,<br>
זי הערט נישט מער דעם קעניגס ווערטער,<br>
זי הערט בלויז ווי איר גלויבן הער צעשטערטער<br>
אין שווערע שטיינער אויף איר האַרצן פאַלט . . .

ווי מיט דער מלכת שבא און שלמה המלך, אַזוי אויך מיט יהואש'ס נשמה און גאָט'ס גרויסער וועלט, וואָס נעמט זי אַרום. פון איר פריסטער יוגנט אָן האָט זי פאַרנומען דאָס שטיין־שווערע פאַלן פון איר צע־שטערטן גלויבן, וואָס האָט פאַרוויסט און פאַרפינצטערט איר געמיט. זי האָט נישט דערלאָזט הנאה האָבן פון איר אייגענער שיינקייט און טיפקייט, און פון דער שיינקייט און טיפקייט פון דער וועלט.

די סקעפּטישע שווערשטיינערדיקייט מאַכט אָפּט זייער שווער צו ציען דעם פאָדעם פון לעבן. אַ גליק, וואָס די נשמה, אַפילו פון גרעסטן אַגנאָסטיקער און סקעפּטיקער, דערהויפּט ווען ער איז אַ דיכ־טער, ווערט אין געוויסע מאָמענטן דורכגענומען מיט בליצן פון גלויבן און ספּאָנטאַנע אויפכאַפּן פון אַן אוניווערסאַל־גייסטיקער קראַפט. ווען נישט די דאָזיקע הרף־עינס פון שפּירונגען און באַרירונגען מיט אַ גייַ־

סטיקן וועלט־מקור, וואָלט דער לעבנס־פּאָדעם אויף אַזאַ אָדער אַן אַנ־דער אופן איבערגעריסן געוואָרן. דער ערנסטער מענטש וואָלט פּשוט אויסגעגאַנגען אין אַנגסט און פּיין פון מדבריותדיקער וויסטקייט און טרוקנקייט.

אַזעלכע דערלייכטערונג־מאָמענטן קומען אויך צו יהואשן. דאָס זיינען מאָמענטן פון גלויבונג און דערזעאונג. דאָס זיינען מאָמענטן ווען דער זעער שטאַרקט זיך איבערן דענקער. אין פיר פון יהואשס לידער געפינען מיר דעם פּאָעטישן אויסדרוק פון אַזעלכע דערהויבענע און געפליגלטע געמיט־צושטאַנדן. די דאָזיקע פיר לידער, וואָס הייסן: „דער לעצטער", „דער הייליקער", גאָטס הויז" און „געוויסהייט", זיינען גע־שריבן געוואָרן אין די שפּעטערע יאָרן זיינע; אין די דאָזיקע לידער קומט צום אויסדרוק דער געדאַנק, אַז דער מענטש איז אַ פּאָדעם אינם אוני־ווערסאַל־געטלעכן געוועב.

V

אינם ליד „דער הייליקער" בעט זיך יהואש ביים הייליקן ער זאָל אים ראַטעווען פון די שלאַנגען. שלאַנגען סימבאָליזירן דעם סקעפּ־טיציזם.

„שוין צו דרייצן יאָר" — אַזוי דערציילט וועגן זיך יהואש — האָט פון ערגעץ ווו געגומען פּיקן ביי מיר אין מוח אַ שלעכטער גע־דאַנק. דער דאָזיקער בייזער געדאַנק האָט מיך אָפט געהאַלטן וואַך גאַנ־צע נעכט. ער פלעגט זיך דרייען ווי אַן אומריינער שלאַנג דורך מיין דאַוונען און מיין לערנען און פלעגט מיך שרעקלעך פּייניקן. איך האָב אָנגעהייבן צווייפלען; איך האָב תמיד געפילט, אַז ווי נאָר איך הער אויף צו לערנען, וועט די שלאַנג ווידער נעמען בייסן".

און צו פינף און פערציק יאָר, דערציילט יהואש דעם הייליקן, אַז ער האָט אים אַ קאָרב פון שלאַנגען גיפטיקע געבראַכט, און ער בעט זיך ביי אים, אַז ער זאָל מיט זיין מאַכט און שטאַרקן שפּרוך אַרויסציען פון די שלאַנגען זייערע מיט גיפט אָנגעפילטע ציינער. דער הייליקער באַווייזט זיך און די שלאַנגען ווערן געטייט.

האָסט באַוויזן זיך —
— און פון דיין אויג האָט מילד

אַרויסגעשפּונען זיך אַן איינציקער לאַנגער בליק
און מיך פאַרוועבט, ביז איך האָב געבויגן געניק
אין שאַנד צו דיינע פיס — — — — — — — — —
— — — פון דיין פּריסטער קלייד
דער דופט אַליין האָט מיינע שלענג געטויט.

**אין די מאָמענטן, ווען די שלאַנגען לאָזן אָפּ אַביסל, נעמט זיך אָן דער פּאָעט מיט מוט צו פאַרלייקענען פאַלקאָמענע פאַרניכטונג פון מענטשן. אין זיין ליד „דער לעצטער" וואָגט ער, אין אַנגעזיכט פון אונטערגאַנג, צו זינגען פון לעבן און פון אַ צוקונפט, וועלכע אינאיינעם מיט דער פאַרגאַנגענהייט פלעכט זיך אַריין אין דער אייביקייט. אין איר זיינען דאָס וואָס מיר רופן אַן לעבן און טויט, בלויז פאַרשיידענע גראַדן פון עקזיסטענץ.**

אַ אונטערגאַנג, וואָס וואַרט אויף מיר ! . . .
כ'וועל אויף דיין שוועל זיך ריזיק אויפשטעלן
און זינגען מיין געזאַנג פון לעבן . . .
און שווימענדיק אין גסיסה־נעבל,
ווען זען מיין האַלב פאַרלאָשענער בליק
נישט דיך — נאָר מיינע צוקונפט־וועלטן.
— — — — — — — — — — —
און אויף די ליפּן מיינע, שטאַרבנדיק,
דאָס לעצטע וואָרט וועט זיין:
„איך בין די א י י ב י ק י י ט
און ווייס נישט פון קיין טויט . . . "
און אַלע דורות וואָס איך טראָג אין זיך,
דורך מיינע ליפּן וועלן זאָגן:
„מיר ווייסן נישט פון טויט".

(„דער לעצטער").

**אינם ליד „געוויסהייט", טענהט יהואש, אַז איצט ווייס יעדער ווינקל פון זיין זעל, אַז „דו ביסט דאָ". און ער זאָגט צו פריידיק אומע־טום צו טראָגן**

מיט זיך דאָס זיסע וויסן, אַז איך לעב
אין מיטן פון דיין הייליקן געוועב.

און אין זיין ליד „גאָטס הויז״, דערציילט ער ווי ער זעצט איבער אַלץ וואָס ער זעט און הערט אין דער נאַטור אַרום אים אין די ווער־טער:

פּאָטער מאַכטיקער און ליבער,
אַלע וועגן, קרום און גלייך,
ברייגגען צו דיין קעניגרייך!

אין דידאַזיקע מינוטן הויבט עס יהואש וואָלקן־הויך זיין שטאָלצן קאָפּ און ער דערפילט, ווי ער וואָלט געוועז איבער דעם נויט־געזעץ, וואָס געוועלטיקט מיט גוואַלט אויפן הימל און אויף דער ערד. צווישן אַלץ אין דער נאַטור, וואָס איז אונטערגעוואָרפן דער נויטווענדיקייט, פילט ער זיך ווי אַ פרייער:

ג ע מ ו ז ט אַרום האָט אַלצדינג, איך בלויז האָב ג ע וו ע ל ט.
געשען אַרום איז אַלצדינג, איך בלויז האָב געטאָן —
איך בין געווען אַליין דער מושל פון מיין וועלט,
און כ׳האָב געדימט מיין פ ר יי ה יי ט, פרייע מאַכט פון „איך״.

אָבער באַלד עפנט די שלאַנג איר מויל; די סקעפּטישע געדאַנק־לעכקייט שטאַרקט זיך איבער דער גלויביקער אינטואיציע און טריפט אַריין אין אים איר גיפט; און דער פּאָעט ווערט באַהערשט און איבער־וועלטיקט פון גאַר אַנדערע שטימונגען און געפילן. דער סוביעקטיווער געפיל פון דער ווילן־פרייהייט ווערט ביי אים אַן אילוזיע, און די אָב־יעקטיוו־געגומענע נויטווענדיקייט אַ — זיכערקייט. די שטריק פון דעם דעטערמיניזם הייבן אים אָן שטיקן און ווערגן און מאַכן אים דערפילן זיין מילבן־קליינינקייט־און־נישטיקייט.

אויפגעעפנט האָט זיך מיין פאַרבלענדעטער בליק
און כ׳האָב דערזען אַרום די פיסלעך פון מיין טראָן
זיך פלעכטנדיק פאַרבאָרגן, יענע סאַמע שטריק,
וואָס בינדן זאַמד און גראָז, און בוים און באַרג און טייך
און איך — קליין פיגורכל אין דעם וויסטן שפּיל —
טאַנץ אום, געצויגן פון דערזעלבער בלינדקייט,
וואָס אומעטום איז מ ו ז, און כ׳רוף כלומרשט וו י ל...

און ווו עס איז פאַראַן אַ מוז און נישט קיין וויל, דאָרט קאָן אויך

נישט זיין קיין אַנטוויקלונג אינם אמתן זין פון וואָרט. דאָרט הערשט דער אייביקער זיין, אָנשטאָט דאָס אומאויפהערלעכע באמתדיק ווערן; דאָרט טרעט אָפּ דער באַשאַף זיין אָרט דער אייביקער אויסגעשפּרייט־קייט און אויסגעגאָסנקייט; דאָרט איז די דינאַמיק אַן אילוזיע און די סטאַטיק אַ ווירקלעכקייט.

אין זיין דראַמאַטישן פראַגמענט „ביים טויער פון לעבן" לאָזט יהואש צוויי נשמות זיך טרעפן. איינע פון זיי קומט פון ערדישן לעבן, די צווייטע גייט ערשט אַרויס אַהין. איינע דערציילט דער אַנדערער וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט וווהין זיי גייען איצט. אין דער אייגענער צייט פאַרנעמט דאָ יהואש'ס אויער אַ שטים, פון ערגעץ־ווו וועלכע איז מודיע:

אי דאָ, אי דאָרט, עס איז עגאַל,
דאָ איז די זון און דאָרט דער שטראַל,
דער שטראָם איז דאָרט און דאָ דער קוואַל,
דאָך אַלץ די זעלבע מאַכט די שטומע...

דערזעלבער שטאָף, דערזעלבער גייסט,
וואָס שאַפט און טויט, וואָס בויט און רייסט,
און רונד אַרום זיך תמיד קרייזט,
און שטענדיק בלייבט די זעלבע ס ו מ ע . . .

דער געדאַנק פון דעם אַלעמען אין קורצן אויסגעדריקט איז: „אין כל חדש תחת השמש".

דעמזעלביקן געדאַנק קומט אונדז צו לאָזן הערן דער דראַמאַטי־שער פראַגמענט: „שאול". אויף שאולס רוף: פּראָפעט! פּראָפעט! אָ, ראָט מיר געב: ענטפערט די געשטאַלט:

אין שאָטן לאַנד, דאָרט וויס מען נאָר
דעם שיקזאַלס שטיינערנעם געזעץ.
ראַט איז אין לאַנד פון לעבן בלויז . . .

דער שטיינערנער געזעץ איז די העכסטע ווירקלעכקייט. ער איז עס די רעאַליטעט. די פרייע מעגלעכקייט, דער ראַט איז די אילו־זיע, דער זייפנבלאָז, וועלכער פּלאַצט אינאיינעם מיט דעם, וואָס דער מענטש רופט אָן לעבן. אָט אַזוי גיט יהואש פּאָעטישן אויסדרוק צום דעטערמיניזם.

און פון אַ נשמה, וואָס איז אַרומגעפלאָכטן מיט דריי שלאַנגען פון דעטערמיניזם, אַגנאָסטיציזם און סקעפּטיציזם, קאָנען נישט אַרויס־קלינגען קיין אַנדערע ווי איכהדיקע טענער. אַזאַ נשמה מוז זיין דורכ־גענומען מיט סקעפּטיציזם. דערפאַר זינגט יהואש אין זיין „פּראָלאָג" צו די „בייע שריפטן" וועגן אַלץ, וואָס פאַרשווינדט, פאַרגייט, שטאַרבט אָפּ און ווערט פאַרגעסן. ער פילט ווי דער שטראָם פון לעבן טראָגט געשווינד אים און זיין ליד צום תהום פון פאַרניכטונג.

פון ליד „פאַרבאָרגעניש" דערוויסן מיר זיך אַז „איטלעך שטומע זאַך וואָס וויינט" האָט אים איר קלאָג פאַרטרויט. פון בלימעלע, וואָס באַשיינט די קרויזן פונם מיידלס לאָק, דערטראָגט זיך צו אים אַ יאָמער. אין נעכט פון גרויל אַנטפּלעקט צו אים די ערד איר וווּנד. אַרום דעם שיינעם מיידלס מויל זעט ער אַרומשפּרינגענדיק „די שוואַר־צע שטונד".

אַלס אַן עפּילאָג צו יהואשס פּעסימיסטישע לידער קאָנען דינען די לעצטע שורות פון „שלמהס רינג":

שלוכצט אין גראָז פאַרגראָבן שלמה . . .
ערגעץ פון אַ וויטן שטערן
שפּינט זיך פון דעם טונקלען הימל
ביז צו אים אַראָפּ אַ פאָדים . . .
נעמט דעם פאָדים קעניג שלמה
וועבט ער אויס דערפון תכריכים,
פאַר זיין יוגנט און זיין ליבע,
פאַר זיין שטאָלץ און זיין קנאה . . .

טויכט אַרויס אַ קול פון ערגעץ,
הילכט עס פּראָסטיק, קלינגט עס רואיק:
צייט פאַר קושן, צייט פאַר שיידן,
גלייך די וואָג פון לוסט און ליידן,
וויפל פרייד אַזוי פיל טרערן . . .

היין און העד די וינטן ווייען,
מוז דער קרייז זיך ווידער קערן . . .

יאָגן טייכן, ציען שטראָמען,
צו דעם ים און זיינע תהומען,
און דער ים — קאָן פול נישט ווערן . . .

אַזוי זינגט דער, וואָס „גייט אויף דער וועלט ווי אַ בר־מנן אום נאַר" און וואָס ביי אים

אַרבעטן פּלייסיק די חושים ווי תמיד,
טעטיק זיך רירן די גלידער —
טויט אָבער איז די נשמה,
און די ספּרוזשינעס פון האַרצן געבראָכן . . .
זונען קומען, זונען גייען,

פאַרוואָס איז די נשמה טויט און דאָס האַרץ קאַלט און פאַר־גליווערט? ווייל — ענטפערט יהואש — דאָס לעבן באַשטייט פון ליבע און גלויבן, און ווער עס האָט זיין אמונה אָדער זיין ליבע באַגראָבן, דער מוז אויף גאָטס זינדיקער וועלט זיך אַרומדרייען ווי אַ לעבע־דיקער מת.

## VI

יהואש׳ס נשמה איז פרעמד געווען אַ געמיט־צושטאַנד, וואָס אין אים פילט אויס די פאַנטאַזיע אַלע פאַלדן און קנייטשן, שלינגט איין אין זיך די געדאַנקלעכקייט מיט אַלע אירע לאָגישע ניואַנסן, און לאָזט נישט איבער קיין אָרט פאַר וואַקלונגען. די נשמה אין דער יהואש־געשטאַלטיקייט האָט זיך זעלטן באַפרייט פון געפיל פון צע־שפּאַלטנקייט און צעריסנקייט. זי איז אַלע מאָל פול געווען מיט אַ קאַמף צווישן יאָ און ניין, וועלכער האָט זי פאַרזעצט אין אַ צושטאַנד פון הענגען אין דער לופטן.

אין זיין ליד „ויתרוצצו", פרעגט זיך דער פּאָעט צי איז ער נישט אַ גלגול פון רבקהן, און צי איז אויך זיין נשמה נישט ווי אירע צו־שפּאָלטן אויף אַ יעקב און עשיו. עשיו אין אים וויל געניסן און זיך פרייען, און יעקב אין אים האַלט די וואָגשאָל פון שכל, וועגט און מעסט און פאַרביטערט אים דאָס לעבן. און ווען יעקב פאַרגייט זיך אין די עולמות עליונים, קאָן עשיו דעם אויר נישט פאַרטראָגן. אַלס אַ פּועל יוצא פון דעם יעקב־און־ עשיו־געראַנגל, וואַרפט זיך זיין נשמה אין אַלע זייטן און קאָן קיין מנוחה נישט געפינען.

אַז יהואש איז ניט געווען באַהערשט פון אמונה, וואָס קאָן געבן רואיקייט דער נשמה, האָבן מיר שוין געזען. איצט וועלן מיר זען, אַז אויך פון ליבע האָט ער ניט געקאָנט אין אַ פולער מאָס געניסן.

אויסגעפעלט האָט אים די פאַנטאַזיע, וואָס קאָן מאַכן, אַז אין איין מאָמענט זאָל די אייביקייט אַיינגעזאַפּט ווערן, אַז אין איין ווען זאָל אַ מענטשהייט סימבאָליזירט און געשטאַלטעט ווערן, אַז איין געפיל זאָל אויף איין הרף־עין אַיינשלינגען אַלע אַנדערע געפילן.

עס איז דאָך נישט קיין צופאַל, וואָס די נייע פסיכאָלאָגיע געפינט אַזוי פיל ענלעכקייט צווישן רעליגיעזע נשמה־וויברירונגען און די נשמה־ראַנגלענישן, וועלכע ווערן אַרויסגערופן פון ליבע־איבערלעבענישן. אָפּגעפרעגט ווערט דאָך איצט אַלץ מער די השערה וועגן געשלעכט אַלס הויפּט מקור, וואָס פון אים פליסן אַרויס אַלע מענטשלעכע העכערע איבערלעבונגען. עס לייגט זיך מער אויפן שכל, אַז די פילפאַרביקע אויסדרוקן פון ליבע און רעליגיע טראָגן אין זיך די זעלביקע קוואַליטאַטיווע פלאַמפייערדיקייט דערפאַר, וואָס זיי בײדע שטייגן אויף נאָר דאָרט, ווו עס הערשט פאַנטאַזיע. אָן איר קאָן ניט זיין קיין עקסטאַז, קיין דערהויבונג, וועלכע זיינען נויטיק פאַר ליבע און רעליגיעזיטעט — צוויי פונדאַמענטאַלסטע אויסדרוקן פון דער מענטשלעכער פסיכיק. זיי זיינען עס די ציגד־פונקען און די ברען־מאַטעריאַלן פאַרן פייער, וואָס הייסט מענטשלעך לעבן.

פאַר אַ נשמה וואָס ווערט ניט איבערוועלטיקט פון אויסערגעוויינטלעכער פאַנטאַזיע און ברענענדיקן עקסטאַז, איז כאַראַקטעריסטיש צו זינגען:

ווען איך דריק דיך צו מיין ברוסט, און ליפּ צו ליפּ
זיך קלאַמערן צענויף מיט ווילדער לוסט,
ווען איין נשמה מיט דער צווייטער ווערט
אין איין אַנטציקטן שטראַל צענויפגעקושט,

דאַן פאַלט אַ שוואַרצער שאָטן אויף מיין פרייד,
און כ׳דענק, ווי שנעל ניט בלויז די יוגנט־פלאַם,
נאָר ס׳גאַנצע לעבן מיינס און דיינס, צוריק
אין זיך וועט אַיינזאַפּן דער גרויסער ים

פון אייביקייט, פון טויט און פינצטערניש —
דער גרעניצלאָזער תהום פון אַלץ און נישט,
פון וועלכן אונדז אַ בלינדע שיקזאַל־האַנט
אַרויסגעשפּריצט האָט און צענויפגעמישט.

(„פאַרגאַנגלעכקייט״ — געזאַמלטע לידער).

און שטייענדיק ביים פענצטער, געשלאָסן האַנט אין האַנט, און לאַכנדיק צו דער העלער גאַס, דערזעט דער געליבטער ווי

עס פאָרט אַ שוואַרצער וואָגן
אָנגעפילט מיט בלומען,
אויסגעפוצט מיט זילבער

טראָדלען אויף די פערד

און קוקנדיק איר טיף אין די אויגן, שטייגט אויף פאַר אים אַ בילד פון דעם וואָס עס וועט זיין — און זיין וועט דאָס זעלביקע, וואָס ס'איז היינט:

קוקן פון אַ פענצטער
וועט אַ יונג פאָרל,
פאָרן וועט אַן ארון,
ווער וועט זיין דערין?

נאָר איין און איינציק מאָל גיט יהואש אין זיין פּאָעזיע אַ האַר־ציקן, הייס־שלאָגנדיקן אויסגוס צו אַ ליבע־געפיל. דאָס איז אָבער ניט צו קיין געפיל, וואָס ער לעבט איצט איבער, נאָר צו אַזאַ, וואָס ער האָט אַמאָל איבערגעלעבט. דאָס איז אַ געפיל, וואָס איז פאַרהייליקט און דערהויבן געוואָרן דורך דער פאַרגאַנגענהייט — דעם גרויסן סוב־לימאַטאָר פון גאָר אַ סך געפילן און נשמה־אויסדרוקן. דעמדאָזיקן אויסגוס געפינען מיר אינם ליד „אייביק". דאָרטן רעדט זיך שוין וועגן דער ליבע־רגע ווי וועגן אַ סוד, וואָס אים קאָן מען ניט דערגרונטעווען און וועגן אַ פרייד און אַנטציקטע טרערן, וואָס מער און גרעסערע פאַר־מאָגט נישט דער הימל אויבן און די ערד אונטן. דאָ איז שוין פאַראַן דער געפיל פון אַ רגע, וואָס קניפּט אָן און באַהעפט צו זיך די איי־ביקייט, און אַ געפיל פון אַ ליבע־ציטער, וואָס וועבט זיך קיינמאָל ניט אויס.

כ'האָב פון דיין לייב אויסגעזויגן די פאַרפומען,
איז מיר אַ העלע אייביקייט אין מיין זעל געזונקען,
כ'האָב אַלע פרילינגס פון דער וועלט אויסגעטרונקען
און קיינמאָל וועט צו מיר הער ווינטער מער נישט קומען.
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— אין געהיימע ווינקלען וועל איך זיך פאַרשליסן
און פילן ווי דיין הייסע ליפּ אויף מיינער ציטערט . . .

די איינציקע, וואָס גיט יהואשן אַ צייטווייליקע, אָבער דערפאַר אַן אמתע באַפרייאונג פון די שלאַנגען, וועלכע וויקלען זיך אַרום זיין לייב און זעל — איז די מוטער־נאַטור. נישט נאָר ווען ער טראַכט אָדער ווען ער דערמאָנט זיך אינם זויגן פון אירע פאַרפומען, נאָר טאָקע בעת ער זויגט און קוויקט זיך מיט זיי, שעפּט ער דערמונטערונג און ווערט באַטרונקען מיט גליקזעליקייט.

קיין חידוש ניט דעריבער, וואָס ער בעט זיך ביי דער נאַטור:

דו הייליקע אייביקע גרויסע נאַטור־וועלט,
נעם צו אין דיין שויס מיך און לאָז מיך פאַרגעסן
מיין שפּלן מטנטשלעכן איך אויף אַ ווײַלע!

פון זיינס אַ ליד „פרילינג״ געפינען מיר אויס, אַז דער שימער פון אַ ליכטיקן פרילינגס־מאָרגן איז געווען בכח צו פאַרטרייבן זיינע ביינאַכטיקע מוראס; באַשטראַלן זיינע שוואַרצע געדאַנקען פון יאוש; און אויפלעבן דעם מוח מיט לוסטיקע וואַלד־לידער. אין „באַרג און אָקעאַן״ דערציילט ער אונדז, ווי זיי ביידע פלעגן מאַכן דאָס קליינע לעבן זיינס גיגאַנטיש גרויס, שטאַרק און שטורעמדיק — אַ קוואַל פון קראַפט, וואָס שעפּט זיך נישט אויס. אַ היפּש ביסל גליק און גליקזעליקייט זינגט אַרויס פון ליד „אויפן ים״:

געפאַלן איז פון הימל
אַ שטילע גרויסע גאָב,
געגידערט ווי אַ טוי האָט
אַ בענטשונג אויף מיין קאָפּ.

אַ ליכט האָט זיך געצונדן
און האָט מיין האַרץ באַהעלט
איז גרויס דאָס האַרץ געוואָרן
צי קליין די גאַנצע וועלט?

איך האָב אי ים, אי הימל
געוויגט ביי זיך אין ברוסט,
איך האָב פון תהום און שטערן
דעם טיפן סוד געוווסט . . .

איך האָב פון גרויסע בערג
געזופּט אַ הייליקן טראַנק,

איז ס׳הארץ מיר איבערקוואלן
מיט גליק, פרייד און דאנק . . .

און ווען יהואש, שוין גאר אויף די עלטערע יארן, רעדט וועגן א ווילד געלוסט, וואס האט אים באצווונגען און וועגן א צושטאנד, אין וועלכן איטלעכס טראפן בלוט איז אומגעשפרונגען, האט דאס אויך אלץ פאסירט אויפן שויס פון דערזעלביקער מוטער־נאטור.

צווישן גרינס און זון און וואסערן
האט מיך א ווילד געלוסט באצוווּנגען,
כ׳האב נישט געוואלט מיין פרייד פארמסרן
נאר איטלעך טראפן בלוט איז אומגעשפרונגען.

אבער אפילו אין אזא צושטאנד, בלייבט אויך זיין נשמה טריי צו זיך, טריי צו איר מהות פון נישט לאזן זיך פון קיין שום קראפט באַ־וועלטיקט צו ווערן ביז צו די ווארצלען. דאסדאזיקע ליד זינגט זיך דערפאר ווייטער אזוי:

איך וואלט מיט מויל דעם פרישן גראז געריסן
ביז גרינע זאווא וואלט פון דער ליפ גערונען,
איך וואלט א בלעטערדיקן צווייג געפונען
און וואלט פון אים זיין גרינע פלייש געביסן.

און אזוי האלט אן דער פאעט ביז צום סוף פון ליד, דערציילנ־דיק אונדז וואס ער וו א ל ט געטאן. ער וו א ל ט פייל פון בויגן גע־לאפן, ער וו א ל ט דעם פייכטן ווינט מיט דער נאז געזויגן, מיט די פויגלען וו א ל ט ער זיך פליען פארמאסטן, און מיט זון און וואסער וואלט ער זיך באזאפן. („צווישן גרינס און גראז״.)

פרעגט זיך איצט: פארוואס רק „איך וואלט״? פארוואס טאקע נישט רייסן אמאל מיטן מויל דעם פרישן גראז, פארוואס טאקע נישט אין אן אויפגערעגטן צושטאנד בייסן דאס גרינע פלייש פון א בלע־טערדיקן צווייג? פארוואס טאקע ניט זיך אמאל פארלירן ביז צו פאר־געסנקייט פון דער אייגענער אוממעכטיקייט, און א פרווו טאן זיך פארמעסטן מיט די פויגלען צו פליען?

דער ענטפער אויף דעם איז, אז דער, ארום וועמענס לייב און זעל עס האבן זיך דעם גאנצן לעבן לאנג געפלאכטן שלאנגען פון אג־נאסטיציזם און פון די איבעריקע, שוין עטלעכע מאל דערמאנטע איז־

מען, קאָן ניט פילן און פאַרשטעלן זיך, אַז ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער ממשלה פון דער נאַטור און אַריינגעריסן זיך אין די איבער־נאַטירלעכע קאָסמישע קעניגרייכן, ווו דאָס אוממעגלעכע ווערט מעג־לעך.

צוליב געוויסע אייגנשאַפטן, מיט וועלכע זייערע נשמות זיינען אויף דער וועלט געקומען, אָדער צוליב דער ספּעציפישקייט פון הערשנדיקן צייט־גייסט, איז יהואש, ווי אייניקע אַנדערע קינסטלער פון אונדזער דור, אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון דעם פליגל־לאָזן, שווערן ווי בליי און קאַלטן ווי אייז, אַגנאָסטישן אָדער מאַ־טעריאַליסטישן וועלט־בליק. דערדאָזיקער בליק ציט צו דער ערד אַרונטער, און לאָזט ניט די פליגלען טרייבן אין די הימלען אַריין.

יהואשס ליד „פון וויפל הענט”, ענדיקט זיך מיט די שורות:

נו וואָס! אַ ווייל אַ זאַמד אין זון און נאָכדעם ערד אין שאָטן
און אייביק וועט דער טאַנץ זיך ווידערהאָלן ווידער,
פון זונזאַמד שטויב, פון שטויב דער גרויסער וועג געקנאָטן
און הויך פון נעכטן ווערט דער מאָרגנדיקער נידער.

דערזעלביקער עפּר־ואפרדיקער פילאָסאָפיש־מאַטעריאַליסטישער בליק אויסגעדריקט אויף אַ פּאָעטישן אופן. אינעם ליד „נאָך גראָע הונגער־יאָרן”, דערציילט אונדז יהואש וועגן אַ שפע, וואָס האָט אויס־געבראָכן נאָך גראָע הונגער־יאָרן, און ווי איצט, קומט איטלעכער, קליין און גרויס, מיט עמערס און מיט קרוגן צו שעפן מיט פריידיקן בטחון פון דעם גרויסן איבערפלוס, אָבער איינער אַן אויסנאָם

וועט אין טאָג פון שניט זיין סערפּ נישט שלייפן,
און צו דעם קוואַל נישט וועט ער זיינע עמערס ברענגען.
און ווען דאָס פאָלק דערצאָרנט וועט אַרום זיך דרענגען,
וועט ער אַ הויכער און אַ פרעמדער שטיין מיט פנים שטייפן—
ווי צו פרייד מיט טראָפּן ווען אַ ים בלייבט ניט פאַרנומען,
און ווי צו זעט ווען אומגעשטילטער הונגער וועט ערשט קומען.

דער איינער איז מסתמא יהואש אַליין, אָדער אַן אַנדער איינער, וואָס זעט בלויז וועגן פון שטויב געקנאָטן, און „הויכס” פון נעכטן פאַר־וואַנדלט אין „נידערס” פון מאָרגן. אודאי איז אַן אָך און ווי צו אַ פרייד מיט אַ טראָפּן, ווען דער ים וועט ניט פאַרנומען, און מיט אַ זעט ווען

אַ גרויסער הונגער דאַרף ערשט קומען. ווען אָבער איינעמס פאַנטאַזיע איז ניט פאַרשטיינערט, ווען זי איז ניט מיט בליי אָנגעפילט פון דעם אַגנאָסטישן און דעטערמיניסטישן וועלט־באַנעם, קאָן ער זען אַ ים אין אַ טראָפּן, און הנאה האָבן פון דער איצטיקער זעט. דיזעלביקע ניט געצוימטע פאַנטאַזיע וועט מאַלן אַלערליי וועגן אויף שטילן דעם קומענדיקן הונגער, אָדער אויף גאָר נישט צו דערלאָזן זיין אָנקום. יהואש׳ס קוק אָבער אויף דער שייכות צווישן גאָט, וועלט און מענטש, גיסט אין אַלץ אַריין דעם סקעפּטישן און פּעסימיסטישן גיפט, וואָס די שלאַנגען האָבן אָנגעהויבן אַריינטריפן אין אים, ווען ער איז נאָך קיין דרייצן יאָר נישט אַלט געווען.

יהואשס דיכטונג פעלט דער פלי צום פליען, ווייל זי איז פון איר וועלט־אָנשויאונג צו דער ערד געשמידט. עס פעלט איר די פולע זעאונג, וואָס נאָר אַ שטאַרק אינטואיטיווער פּאָזיטיוו־ספּיריטועלער, פרייער וועלט־בליק קאָן געבן. פון אַ פילאָסאָפישן שטאַנדפּונקט קאָן דעריבער יהואש נישט אָוועקגעשטעלט ווערן צווישן די ריינע דיכטער־זעער. די בעסטע דעפיניציע פאַר אַזאַ דיכטער, האָט אונדז יהואש אַליין געגעבן. דער זעער־דיכטער איז, אין די ווערטער פון יהואש, „דעריעניקער, וואָס זעט אין יעדן וואַסער־שטויב דעם אוקינוס, אין דעם שוואַכסטן שטראַל דעם אור הגנוז, אין איטלעכן אויגנבליק — די אייביקייט. — זיין דיכטן איז ענטוועדער אַ בענקעניש אָדער אַ נבואה — פאַר אים עפענען זיך די קברים פון געשטאָרבענע דורות, און די טויטע שפּרייזן אַרויס פול מיט לאַכנדיקן לעבן, און זיין אויער הערט דעם טראַמפּל פון צוקונפטיקע באַטאַליאָנען — דער שטאַפּל־לייטער איז נישט פאַר אים, דען ער קלעטערט ניט: מיט איין פליגל־שווונג איז ער אויפן סאַמע שפּיץ. ביי אים איז די וועלט תמיד ניי, איטלע־כע מינוט פון זיין לעבן איז אַן אַנטציקונג פון מעשה בראשית, דען ער זעט אין דעם ז י י ן דאָס ו ו ע ר ן. ער מאַכט נאָכאַנאַנד שהחיינו״.

אַרויסגייענדיק פון דערדאָזיקער דעפיניציע, מיט וועלכער מיר שטימען פולקאָם איין, קומען מיר צום שלוס, אַז יהואש איז ניט, וואָס אַ גרונטיקער דיכטער־זעער דאַרף זיין.

פון די מוסטערן, וועלכע מיר האָבן געבראַכט פון יהואשס שאַ־פונגען, איז קלאָר, אַז יהואש איז מער דער אַנאַליטיקער ווי דער סינ־טעטיקער. ער זעט דעם ים ווי אַ סכום פון טראָפּן, די פאַרבאָרגענע וועלט־ליכט — ווי אַ סכום פון שטראַלן, און די אייביקייט — ווי אַ

סכום פון אויגנבליקן. ממילא איז שווער פאַר אים אין אַ וואַסער־טראָפּן דעם ים צו פאַרנעמען, אין איין שטראַל דאָס גאַנצע ליכט פון דער וועלט צו דערזען, און אין איין אויגנבליק צו דערפילן און דערשפּירן די אייביקייט. ער קען ניט דעם סאַמע שפּיץ פון וועלט־טורעם דערגרייכן מיט איין שפּרונג פון דער אינטואיציע. אין זיין פאַנטאַזיע לאָזן זיך פילן די טריט פון זיין קלעטערן אין די טיפן און הויכן פון וועלט־באַנעמען. נישט ניי איז פאַר אים די וועלט, נישט נאָר ווי ער זעט זי איצט מיט זיינע אויגן, נאָר אַפילו ווי ער זעט זי אין זיין פאַנטאַזיע אין דער צוקונפט. דער מאָרגן, דער היינט און דער נעכטן זיינען ביי אים אינ־סטאַנצן און אָפּשטעלן פון איין אויסגעשפּרייטקייט. אַלץ וואָס זעט אויס צו ו ו ע ר ן איז פאַר אים אין תוך געוואָרן א ז י י ן.

יהואש׳ס דיכטונג פליט ניט. זי טראָגט זיך ניט דורכאויס אויף די פליגלען פון טרוים און פאַנטאַזיע. זי איז מער אַן אָנגעלאָדענע מיט טיפע טראַכטונגען און שאַרפער צעגלידערונג. אירע וועגן זיינען מער געדאַנקלעכע ווי אינטואיטיווע. די טיף און דויערהאַפט פון יהואש׳ס לידער האָבן צו פאַרדאַנקען זייער קאָסמישער פילאָסאָפישקייט, אַזוי גוט ווי זייער פּיאָנערישקייט אין בויגזאַם און פאַרשיידנאַרט אין פאָרם.

יהואשס לידער האָבן אויף אַ רייך קינסטלערישן אופן געבראַכט פון דאָסניי מיט אַ פאַמעלעכדיקער אָבער אומאויפהערלעכער־שטייגנ־דיקער שטאַרקייט אַ וועלט מיט געדאַנקען פון אַן אומדערשעפּלעכער רעגונגס־קראַפט. אַזעלכע פאָעטיש געשטאַלטעטע געדאַנקען צו טראַכטן און איבערטראַכטן, איז אַן אויסערגעוויינטלעכע קולטורעלע פאַרטיי־פונג און אַן אויסברייטערונג פון גייסטיקע האָריזאָנטן.

אָט די דאָזיקע גייסטיק־אויסברייטערנדיקע און קולטורעל־פאַר־טיפנדיקע קראַפט אין יהואש׳ס לידער, וועלכע קומט פון דער רייכער אוניווערסאַלער געדאַנקלעכקייט אין זיי — איז די קראַפט וואָס וועט אַוועקשטעלן זיינע לידער אין דער ריי פון שאַפונגען, וואָס וועלן ניט פאַרגעסן ווערן.

# ה. לייוויק׳ס „גולם״

## אין ליכט פון געשיכטלעכער און סאָציאַלער פילאָסאָפיע

ערשטער טייל

# דער „גולם" אין געשיכטלעך־פילאָסאָפישן זין

מהר"ל: און הער דאָס וואָרט, וואָס איך וועל דיר אָנטפּלעקן,
פאַרנעם אים גוט, דערזע זיין רויטקייט,
דערשפּיר זיין וואַרימקייט, זיין ציטער און זיין שאַרפקייט.
דאָס וואָרט הייסט בלוט.

גולם: בלוט.

מהר"ל: האָסט גוט פאַרנומען? ווײסטו גוט געדענקען?
זאָג איבער נאָכאַמאָל, נאָך העכער.

גולם: בלוט.

מהר"ל: און נאָכאַמאָל, און שטילער.

גולם: בלוט.

מהר"ל: איצט גרייט זיך גיין מיט מיר.

גולם: כ'בין גרייט שוין, רבי, רוף מיך.

מהר"ל: איך רוף דיך, קום. (זיי גייען ביידע אַרויס צו די ווייטערדיקע אַריינגאַנגען פון טורעם. תנחום שלייכט זיך דורך מיט אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט).

תנחום פאַרגייט זיך: ראַטעוועט...

ווער וועט ראַטעווען? ווער?
ווער קאָן ראַטעווען? האָ?
ווער קאָן ר־אַ־ט־ע־ו־ע־ן? ו־ו־ע־ר?

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז פון אַלע בילדער אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע „גולם״, האָט דאָס בילד, וואָס מיר האָבן אויבן געבראַכט, צום ווינציקסטן גערעגט דעם באַוווסטזיניקן טייל פון דעם דיכטערס פאַנטאַזיע. אינם באַוווסטזיינס־שטראָם פון דיכטערס שאַפונגס־פּראָצעס, האָט תנחום אפשר געשפּילט אַן אומבאַדייטנדיקע ראָל, און זיכער אַ סך אַ קלענערע ראָל פאַר די דריי געשטאַלטן פון גאָר גרויסן פאָרנעם, ווי: דער גולם, משיח און קריסטוס. אין מיין זכרון אָבער האָט דווקא דאָס דאָזיקע בילד זיך איינגעקריצט צום טיפסטן, און פון אַלע געשטאַלטן האָט מיך די תנחום־געשטאַלט צום שטאַרקסטן אָנגערעגט.

פון אַ פּסיכאָלאָגיש־פילאָסאָפישן שטאַנדפּונקט איז ניט אויס־געשלאָסן די מעגלעכקייט, אַז דאָס וואָס פירט בלינדערהייט מיט דער האַנט פון שאַפער, דאָס וואָס קומט אַריין אין אַ ווערק מיטן אימפּעטיקן שטראָם פון אומבאַוווסטן, זאָל זיך אַרויסווייזן צו זיין פון גאָר גרויסן באַטייט פאַרן גאַנצן זין פון ווערק.

יעדער איינציקער פאַרטראַכטער פּלאַן און ציל, וואָס דאָס באַוווסטזיין שטעלט אַוועק פאַרן קינסטלער־שאַפער, קומט צום אויס־דרוק אין אַ געוויסער באַשטימטער פאָרם. זי שלאָגט אַרויס פון די טיפענישן פון דער נשמה, וואָס צו זיי קאָן זיך דאָס זעלביקע באַ־וווסטזיין ניט דערגרונטעווען. די פאָרם אָבער, וואָס קריסטאַליזירט זיך אַרויס פונם שטענדיק לויפנדיקן אונטערבאַוווסטזיינס־שטראָם,(* איז פון זיך אַליין שטענדיק אָנגעלאָדן מיט געדאַנקען און אידעען, וואָס קאָנען אויפגענומען ווערן פון פאַרשיידענע אינדיווידועלע באַוווסטזיינס אויף פאַרשיידנסטע אופנים. עס איז דאַריבער נאַטירלעך, אַז לייענער זאָלן אַרויסלייענען געדאַנקען, אָדער אַריינלייענען געדאַנקען און אידעען אין אַ ווערק, וואָס וועגן זיי האָט דער מחבר קיינמאָל ניט געטראַכט. דאָס מיינט אָבער בשום אופן ניט, אַז זיי זיינען ניט געלעגן פאַרבאַהאַלטן ערגעצוו אין די פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פון זיין נשמה. פון דאָרט זיינען זיי אויפגעכאַפּט געוואָרן פון דער פאַנטאַזיע און אַריינגעוועבט געוואָרן אין דער נעץ פון בילדלעכקייט, וואָס פאָרמירט אַ קונסט ווערק. פּלאַנמעסיקייטן און אידעע־קאָנסטרוקציעס, וואָס ליגן איינ־געוויקלט אין דעם אונטערבאַוווסטזיין, שפּילן אינם באַשאַף פון אַ קונסט־ווערק, ניט קיין קלענערע, און אָפט נאָך אַ גרעסערע ראָל ווי די

*) אונטער אונטערבאַוווסטזיין ווערט דאָ פאַרשטאַנען אינסטינקט־טיווע, אומבכיוונדיקע שפּירעוודיקייט, אַ פאַרבאָרגענע וויסידיקייט.

פאַרטראַכטונגען און צוטראַכטונגען פון באַוווּסטזיין.

דאָס אומבאַוווּסטזיניקע איז דאָך אין־דער־אמתן נאָר דאָס, וואָס פאַרמאָגט ניט דעם זעלביקן באַוווּסטזיין, וואָס האָט זיך שוין דורכ־געשלאָגן אַ וועג דורך דער מענטש־געשטאַלט. דאָס „באַוווּסטזיין״ פון דעם אומבאַוווּסטן איז בלויז פון אַנאַנדער שווונג, פון אַנאַנדער טעמפּאָ, ווי דאָס מענטשלעכע באַוווּסטזיין. דאָס איז אַ באַוווּסטזיין מיט אַ מינימום פון אָנשטריינגונג און קאָצענטרירטקייט. זיין דויער־שפּאַן איז אַן אומבאַדייטנדיקער, און זיין עמפּינדלעכקייט איז אַ מינימאַלע.

„איך באַשטיי אויף דעם — שרייבט דער אַמעריקאַנער פילאָסאָף רויס — אַז עס איז ניט פאַראַן קיין עמפּירישער גרונט פאַר דער באַ־הויפּטונג, אַז עס עקזיסטירט ווו עס איז טויטע מאַטעריעלע סובסטאַנץ. וואָס מיר געפינען יאָ אין דער אומאָרגאַנישער נאַטור, איז פּראָצעסן מיט אַ שנעלערן אָדער לאַנגזאַמערן טעמפּאָ, איידער דער טעמפּאָ, וואָס אונדזער באַוווּסטזיין קאָן כאַפּן״.

נאָר ווען מיר שטעלן זיך פאַר דאָס אומבאַלעבטע און דאָס אומבאַוווּסטע, ווי אַ צושטאַנד פון אַלץ, וואָס אָטעמט מיט לעבן און פליסט מיט גייסט, ווערט קלאָר פאַר אונדז די מעגלעכקייט פון קעגנ־זייטיקע ווירקונגען צווישן דעם אומבאַוווּסטן און באַוווּסטן, אומבאַלעבטן און באַלעבטן. וואָס קלאָרער עס ווערט פאַר אונדז די דאָזיקע מעג־לעכקייט, אַלץ שטאַרקער און טיפער ווערן מיר באַווירקט פון דער אָרגאַנישער און אומאָרגאַנישער נאַטור, וואָס רינגלט אונדז אַרום, און פון דער דיכטונג, וואָס אַנטפּלעקט צו אונדז דאָס לעבן און גייסט אומעטום. עס ווערט דעמאָלט פאַר אונדז טיפער דער זין און שטאַרקער דאָס געפיל, וואָס עס רופן אַרויס אַזעלכע ווערטער פון ביאַליקן, ווי:

גאַנצע וועלטן גייסט גיסט אין מיר אַריין
יעדער שטילער בלאָז, יעדער זונען־שטראַל.
מיט דעם פולן מויל טרינק איך לופט און שיין,
און אין האַרצן טיף עפנט זיך אַ קוואַל.

דאָס באַוווּסטע און אומבאַוווּסטע זיינען דאָך נאָך אַלעמען פונקן פון אייביקן פייער, וואָס שטעלט זיך פאַר אין אונדזער כח הדמיון, ווי אַן אוניווערסאַלער איבערבאַוווּסטזיין;*) דערפאַר קאָנען מיר שפּירן,

*) אונטער איבערבאַוווּסטזיין ווערט דאָ פאַרשטאַנען אַ וויסן און אַ דערקענען, וואָס ווערט צוגעשריבן צו דער העכסטער וועלט־קראַפט אָדער גאָט. אַ קאָסמיש באַוווּסטזיין וואָס איז דער קוואַל פון מענטשנס באַוואוּסטזיין.

אַז פון יענער זייט שוועל פון אונדזער באַוווסטזיין צאַפּלען זיך געשעעניש, וואָס האָבן זיך נאָך ניט דורכגעריסן דורכן פאַרהאַנג, וואָס פאַרדעקט פון אונדז די העכסטע רעאַליטעט. דאָרט שוועבן אַרום די אמתן און שיינקייטן, וואָס נאָך זיי דורשט אונדזער גייסט אין מאָמענטן פון זיין טיפסטער קאָנצענטרירונג און העכסטער דערהייבונג.

דער פּסיכאָלאָג און דענקער, וויליאַם דזשיימס, האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן געדאַנק, אַז פון אַ פּסיכאָלאָגישן, אַזוי גוט ווי פון וועלכן עס איז אַנדערן וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט, מעגן מיר אָננעמען, אַז דורך אונדזער באַוווסטזיין, אַזוי גוט ווי דורך אונדזער אונטער־באַוווסטזיין, שלאָגט זיך דורך אַן איבערבאַוווסטזיין. געוויסע מענטשן קאָנען נאָר אין געוויסע מאָמענטן פון אויסערגעוויינטלעכער גייסטיקער שטייגונג אינטואיטיוו דערשפּירן און דערקענען דעם דאָזיקן איבערבאַוווסטזיין. אָפט איז דאָס אַן אָנגעשטריינגקייט, וואָס טרייבט צו משוגעת. אין אייניקע פאַלן קאָן גאָר דער מענטש ניט קומען צו דער דאָזיקער מדרגה, אויב ער פאַלט ניט אַריין אויף וועלכן עס איז אופן אין אַ צושטאַנד פון גייסטיקער ניט־באַלאַנסירטקייט, וועלכע איז פּונקט אַזוי נאָנט, ווי זי איז ווייט פון אמתער משוגעת. דאָס איז אייגנטלעך דער צושטאַנד, וועגן וועלכן די מיסטיקער רעדן אַזוי פיל. דאָס איז דער מאָמענט, אין וועלכן עס ווערט דאָ און דאָרט דורכגעבראָכן דער פאַרהאַנג, וואָס פאַרשטעלט פאַר אונדז די אַל־רעאַליטעט.

ווען מיר הייבן אָן איינצוזען, אַז דער פאַרהאַנג, וואָס פאַרשטעלט די רעאַליטעט, ווערט אָפטמאָל דורכגעבראָכן נאָר פון אַזאַ משונהדיקער געשפּאַנטקייט, וואָס פירט צו משוגעת, דעמאָלט לייכט אויף פאַר אונדז די דערקלערונג, פאַרוואָס אין גאַנץ גרויסע ווערק ווערן די העכסטע געדאַנקען און טיפסטע אמתן אַרויסגעזאָגט דוקא פון יענע העלדן, וועלכע זיינען ניט ביים פולן זין; דוקא פון אַזעלכע פאַרשוינען, וואָס ווערן פון די אַרומיקע באַטראַכט ווי משוגעים. אינאיינעם דערמיט ווערט שוין אויך קלאָר, פאַרוואָס ניט אַלע טיפע געדאַנקען און טיפע אמתן, שלאָגן זייערע וואָרצלען אין באַוווסטזיין פון קינסטלער. טיפע געדאַנקען, טיפע אמתן און שווערע פּראָבלעמען קאָנען אַריינגעבראַכט ווערן אין ווערק אויפן באַפעל פון איבערבאַוווסטזיין דורך די הינטערשטע טירן פון באַוווסטזיין, וועלכער געשטאַלטעט זיך אין דער פאָרם פון קונסט.

אַ דאַנק אפשר אָט דער דאָזיקער פאָרם און איר אָרגאַנישער פאַרקניפּונג מיטן אונטערבאַוווסטזיין, וועלכער איז אַ סך רירעוודיקער

און באַוועגלעכער פון באַוווסטזיין, קומט דער קינסטלער אַ סך נעענטער צו דער רעאַליטעט ווי דער פילאָסאָף. דער פילאָסאָף ווערט מער ווי דער קינסטלער געשטערט פון דעם אינטעלעקט, וועלכער איז אַ שטער צו אַן אינטואיטיווער באַהעפטונג מיט דעם „אַלץ" פון דער וועלט.

אין דער פילאָסאָפיע מוז גיין האַנט אין האַנט מיט אַנטפּלעקונג אויך דערקלערונג. אין דער קונסט מעג זיין בלויז אַנטפּלעקונג, וועלכע קאָן פון קיינע דערקלערונגען ניט אויסגעשעפּט ווערן. אויסערגעוויינטלעך פאַרשיידן זיינען די געמיט־צושטאַנדן, וואָס אין זיי איז די אַנטפּלעקונג מער מסוגל זיך דורכצוברעכן.

אָט פאַר וואָס עס איז אַזוי שווער צו באַשטימען די גרעניץ צווישן משוגעת און געניאַליטעט.

אין ווערק „גולם" איז תנחום אָט דער משוגענער, דורך וועלכן עס ווערט, אפשר אומבאַוווסטערהייט צום דיכטער גופא, אַרויסגעזאָגט אַ גרויסער אמת. דורך אים ווערט פאַרקינדיקט אַן ענטפער אויף אַ גרויסער פּראָבלעם.

## 2

תנחום, וועלכער טראָגט זיך אויף די פליגלען פון דיכטערס פאַנטאַסטישן אומבאַוווסטן, דערלאָזט ניט, אַז דאָס ווערק זאָל זיך ענדיקן מיטן טאַנץ פון גאַרניט, מיטן טאַנץ פון אומזין, וואָס צו אים ווערט דער דיכטער געטריבן פון דער „גולם" פילאָסאָפיע, וועלכע האָט בשעתו אפשר שטאַרק באַהערשט דעם קריסטאַליזירטן און באַוווסטזיניקן טייל פון זיין נשמה.

אויף דער פראַגע, ווער איז דער גולם? קריגן מיר אַן ענטפער אין די ווערטער פון גולם, וואָס אין זיי גיט ער איבער זיינעם אַ חלום. עס האָט זיך אים געחלומט, דערציילט ער, אַז ער איז ערגעצוו ווייט אַהינטער שטאָט. ער שפּאַנט אַרום האַסטיק אויף גרויסע שאָטנדיקע פעלדער. מאָדנע מענטשן קומען אים אַנטקעגן. ער לאָזט זיך גיין צו זיי. זיי ווערן נעענטער. און ווען ער טוט אַ שפּרונג מיט דער כונה אַריינצוקוקן זיי אין פּנים אַריין, דערזעט ער גאָר אַנשטאָט פּנימער — נאַקנס . . .

קיין אויגן, שטערן, נעזער — איינע נאַקנס;
קיין מיילער — דאָך איך הער זיי ריידן . . .

איך פרעג: ווער זיינט איר, ענטפערן זיי: „דו״
פון וואַנען קומט איר — זאָגן זיי: „פון דיר״.
איך פרעג: וואו גייט איר — זאָגן זיי: „צו דיר״ . . .

דער ענטפער פון די דאָזיקע מענטשן מיט נאַקנס אַנשטאָט פּנימער, באַטייט, אַז דער גולם — דאָס איז דער מענטש — דו, איך און ער — אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. מענטש איז גולם אין גאַר אַ היפּשער צאָל מאָמענטן פון זיין לעבן, אפשר גאַר אין גאַנצן לויף פון זיין לעבן. דער מענטש, ווי לייוויק האָט אים געזען מיט זיין אינטע־לעקטועלן אויג, ווען ער האָט דאָס ווערק פאַרטראַכט, איז אַ גולם. אַזוי אייגנטלעך מוז מענטש געזען ווערן. אַזאַ דערקענטניש וועגן מענטש מוז קומען צו אַלע די, וואָס האַלטן זיך אָן דעם מאַטעריאַליס־טישן דעטערמיניזם, אָדער אַפילו אָן דעם גייסטיקן פרעדעטערמיניזם.

צו דער דאָזיקער פילאָסאָפיע, צו די דאָזיקע וועלט־אַנשויאונגען, וואָס האָבן פאַר אַ לאַנגער צייט געהאַלטן געפאַנגען דעם מענטשלעכן געדאַנק, גיט דאָס ווערק „גולם״ אַ שטאַרקן אויסדרוק. נעמט מען נאָר אָן, אַז דער מענטש איז ניט מער ווי אַ רינגעלע אין דער אומענדלעכער קייט פון נאַטור־געזעצן, ניט מער ווי אַ נויטווענדיקער, פאַראויס־באַשטימטער, שטאָפל אינעם געזעצמעסיקן פּראָצעס פון וועלט־אַנטוויקלונג, מוז מען קומען צום שלוס, אַז דער מענטש איז טאַקע ניט מער ווי אַ גולם.

ווען מען נעמט אָן אויף־אָן־אמת די מאַטעריאַליסטישע וועלט־אַנשויונג, און מען פירט זי דורך אין כח־הדמיון ביז צו אירע לעצטע קאָנסעקווענצן, איז דער מענטש נאָך ווייניקער ווי אַ גולם. די מאַטע־ריאַליסטישע קאָנצעפּציע גיט אים ניט אַפילו די טרייסט, אַז ער איז פון עמיצן באַשאַפן געוואָרן, און נאָך ווייניקער גיט זי אים די טרייסט, אַז ער איז געקומען אויף דער וועלט אויף אויסצופירן אַ געוויסע שליחות, וועלכע איז נויטיק אין די אינטערעסן פון דער וועלט. אָן דער דאָזיקער טרייסט איז דאָך מענטש באמת ניט מער ווי „אַ טויט בערגל אויסגעטעריקנט ליים״ אין אַ וועלט, וואָס אויף איר זיינען אַזעלכע באַגריפן, ווי „„זין״ און „ציל״ גאָר ניט חל. און ניט נאָר „זין״ און „ציל״, נאָר יעדער איינציקער באַגריף איז אַ ריינע אילוזיע, עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט ניט קיין שום פאַרנינפטיקן אָנהאַלט, און קיין שום לאָגישע באַגרינדונג ערגעצוווּ אין דער ווירקלעכקייט; אינעם

לעבן פון מענטש איז ניט פאַראַן מער תכלית ווי אין לעבן פון וואָרעם, און אין לעבן פון וואָרעם ניט מער ווי אין דעם ניט־לעבן פון שטיין.

אַזוי קומט עס אויס על־פּי דער לאָגיק פון מאַטעריאַליסטיש־פילאָסאָפישן בליק אויף דער וועלט און מענטש.

דער מענטש קאָן אָבער ניט לעבן בלויז אויף לאָגיק. זיין לעבן ווערט דאָך געטריבן אין אַלע ריכטונגען מער פון די געפילן איידער פון דער לאָגיק. די געפילן, דערהויפּט די העכערע געפילן אין מענטשן, ווילן זיך אָפּט ניט רעכענען מיט לאָגיק. זיי ווילן זיך ניט אונטערוואַרפן דער גולם־פילאָסאָפיע. זיי רעוואָלטירן קעגן דעם באַגריף פון ניט־איבערוואַג, פון ניט־פאָרצוג פון מענטש איבער חיה, מענטש איבער שטיין.

אין די מאָמענטן פון גייסטיקער דערוואַכונג, ווען מענטש ווערט באַפאַלן פון אַ צי־אין־די־הויכן, ווערט אים שרעקלעך דערווידער אַלעס אין אים, וואָס איז בלויז גופ׳יק, ערדיש און גולמ׳דיק. ער ווערט דעמאָלט געריגט פון די זעלביקע געפילן, פון וועלכע לייוויק לאָזט דעם גולם געריגט ווערן, ווען עס דערוועקט זיך אין אים דאָס, וואָס איז מער ווי גולם. די דאָזיקע געפילן קומען צום אויסדרוק אין די ווערטער:

מיך עקלט פון מיין לייב,
פון מיינע אויגן די פאַרגלעזערטע
און פון מיין שטום לשון דעם פינסטערן...
דורך די טעג און נעכט איך וואַלגער מיך אַרום,
איז רייס איך מיך פון זיך אַליין
אַהין — אין דער ווייטקייט אַריין...
די רגע איז געקומען, זע,
איך שטויס מיך אָפּ פון זיך אַליין
אַזוי ווי פון אַ וואָרעם...

להיפּוך צום מאַטעריאַליזם, שטעלט זיך דער אידעאַליזם אין דער פילאָסאָפיע אויפן שטאַנדפּונקט, אַז גייסט און ניט שטאָף, לעבן און ניט אומלעבן איז דער תוך און תמצית פון וועלט.

די אידעאַליסטישע וועלט אַנשויונג דערלויבט אונז שוין, מיט דעם קראַנקן בעטלער אין דער דראַמע, אָנצונעמען, אַז „פאַראַן, פאַראַן אַ גאָט אין הימעל". אָבער אַפילו גייסט ווי דער מהות פון וועלט,

און גאָט ווי דער האַר פון דער וועלט פאַרענטפערן נאָך אַלץ ניט די פּראָבלעם פון גולם׳דיקייט, וואָס מאַטערט דעם מענטשן. אַפילו אין אַ וועלט פון גייסט קאָן מען זיך נאָך אַלץ פאָרשטעלן דעם מענטשן ווי אַ גולם, אויב מען נעמט אָן, אַז מענטש ווערט געפורעמט פון גאָט, ווי דער גולם איז אויסגעפורעמט געוואָרן פון מהר״ל. אויב דער גלויבן אין דער פאַראַנענקייט פון אַ גאָט אין דער וועלט גייט ניט האַנט אין האַנט מיטן גלויבן, אַז מענטש פאַרמאָגט אַ פרייען ווילן, אַז ער איז אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן אַ שותף צו מעשי בראשית, איז דער שיקזאַל פון מענטש נאָך אַלץ אַ טרויעריקער, אַזוי טרויעריק ווי דער שיקזאַל פון גולם. אויב מענטש איז בלויז כחומר ביד היוצר, איז ער אין תוך גענומען, ניט מער ווי אַ גולם, און דער גולם איז גערעכט מיט אַלע זיינע טענה׳ס סיי אין די מאָמענטן, ווען ער איז פריי פון זעונגען, סיי אין די מאָמענטן ווען עס באַפאַלן אים זעונגען.

די געשטאַלט פון גולם, וואָס זעט פאַראויס, אַז דער גולם ווערט באַשאַפן אויף דורכצופירן צילן און צוועקן, וואָס דער מהר״ל האָט אין זינען, בעט זיך ביים מהר״ל ער זאָל דעם גולם ניט באַשאַפן. די געשטאַלט טענהט:

און מיר איז גוט אַזוי געווען צו זיין נאָר ליים,
צו ליגן טויט און רואיק אויסגעמישט
מיט אַלע זעמדעלעך און שטיינדעלעך פון דער ערד
פון אייביקייט ביז אייביקייט אַזוי...

אונזערע סימפּאַטיעס זיינען אינגאַנצן אויף דער זייט פון דער געשטאַלט. אודאי איז בעסער צו זיין ריינער חומר, אויב אַזעלכער איז בכלל פאַראַן אין דער וועלט. בעסער צו זיין ווי דער חומר פון ליים, זאַמד און שטיין, איידער באַשאַפן ווערן מיט אילוזיעס וועגן גייסט, אילוזיעס וועגן אַ פרייען ווילן. גוט קאָן נאָר זיין דעם, וואָס איז טאַקע ריינער חומר, אָדער דעם, וואָס פילט, אַז גייסט איז דער עיקר און ניט אַ טפל, אַז מענטשלעכער ווילן איז ניט סתם קיין אויסדוכט, נאָר אַז ער האָט אַ ממשות און אַ זין. אַ גרונט פאַר אויפנעמען פריידיק דאָס לעבן און די גייסטיקייט אינם לעבן, קאָן נאָר זיין דאָס געפיל, אַז מיט איינעמס לעבן אויף דער וועלט, מיט איינעמס האַנדלען אין דער וועלט אַזוי אָדער אַנדערש, ווערן ווירקלעך אויפגעטאָן זאַכן וואָס וואָלטן ניט אויפגעטאָן געוואָרן, ווען ער לעבט ניט, ווען ער האַנדלט ניט. זען אַ זין

און ווערט אין לעבן קאָן נאָר איינער, וועלכער אָנערקענט, אַז זיין לעבן און זיין האַנדלען, זיין ווילן און שטרעבן גיט ריכטונג צו די וועלט־געשעענישן, שאַפט נייע ווענדונגען אינעם אומאויפהערלעכן פּראָצעס פון וועלט־באַשאַף.

ווען איינער, אָבער, פילט, ווי דער מהר"ל האָט געוואָלט זיין באַשאַפענער גולם זאָל פילן, אַז זיין רצון איז גאָרנישט, אַז אַלע זיינע וועגן, זיינע נעכט און טעג, זיינען שוין אָנגעצייכנט פאַר אַלע זיינע מעשים — מוז שוין אַזאַ איינער אויך דורכגענומען ווערן מיט דער שטימונג, וואָס טרייבט דעם גולם צו זאָגן:

ניט פרעג, ניט רייד... פאַרלעש זיך, ליכטיקייט,
באַהאַלט זיך, שיין, פון מיינע אויגן,
פאַרשוווּנקטער דיל דערנענטער זיך צו מיר,
שיק דורך דיין קעלט דורך אַלע מיינע גלידער,
זאָל הערן זיך דער אָטעם פון דונערן,
און זאָל דער ווינט אַריינשמייסן דעם רעגן,
דערווייטער זיך פון מיר, דערווייטער זיך...

די ליכטיקייט, וואָס דורך איר דערזען מיר בלויז די מאַכט פון דער האַנט, וואָס פירט אונז, אויף אומבאַקאַנטע וועגן, צו פּונקטן אין־דער־הויך, וואָס מיינען צו אונז גאָרניט — קאָן ניט אָנפילן מיט צופיל אינהאַלט די תהום'ן פון אונזער איך. אַזאַ זעונג קאָן ניט פאַרוואַנדלען אונזערע פלאַכקייטן אין טיפקייטן, קאָן אונז ניט דערהויבן צו דער מדרגה פון אַ פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל אין אירע טואונגען און אויס־פירונגען זען אַ באַדינג פאַר די טואונגען און אויספירונגען פון דער העכסטער אוניווערסאַלער פּערזענלעכקייט.

דער באַגריף, אַז אַלעס געשעט, ווייל עס מוז אַזוי געשען, און אַז אונזער מענטשלעכער ווילן שפּילט קיין שום ראָל ניט אין דעם קומען און גיין פון וועלט־פּאַסירונגען און געשעענישן, האָט געשטאַרקט און וועט אַלע מאָל אין אייביקן הייגט שטאַרקן דעם פּעסימיסטישן וועלט־בליק, און אָנפילן מיט טרויער און האָפנונגסלאָזיקייט די מענטש־לעכע נשמה.

די דאָזיקע פאַראויסבאַשטימטקייט פון וועלט־גייסט בנוגע אַלע פאַרקומענישן, דעם דאָזיקן גייסטיקן פּרעדעטערמיניזם, דערקלערן דעם מהר"ל'ס ווערטער:

איך זע נאָר דיך. עס מוז געשען. די האַנט פון גאָט
האָט מיך צוזאַמען מיט דעם בערגל ליים
אַריינגערינגלט אין איין רינג, צונויפגעפּאָרט...
און אַלץ וואָס איך פאַרטראַכט, דערזע איך,
און אַלץ וואָס איך דערזע, וועט קומען...
עס מוז געשען, עס מוז.

דער מוז פון דעם געשען, די זיכערקייט פון דעם, אַז עס וועט אומבאַדינגט קומען, נעמט זיך ביים מהר״ל פון זיין גלויבן, אַז אַזוי און ניט אַנדערש איז עס פאַראויסבאַשטימט; אַזוי און ניט אַנדערש איז דאָס איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַנגעצייכנט געוואָרן אין פּלאַן פון וועלט־באַשאַף, וועלכער איז אויסגעשטעלט פון אייביק ביז אייביק. קיין שום זאַך קאָן פון אים ניט געמינערט און ניט צוגעגעבן ווערן. קיינע שום ענדערונגען קאָנען שוין אין אים ניט אַריינגעבראַכט ווערן. אַלץ וואָס מענטש קאָן טאָן אין די מאָמענטן, ווען דער איבו־נראה אַנטפּלעקט זיך צו אים, ווי ער האָט זיך אַנטפּלעקט צום גולם, איז צו דערזען דעם מוז פון דעם, וואָס וועט געשען און די בישטיקע ראָל, וואָס ער, מיט זיין ווילן און שטרעבן, שפּילט אין די לויפנדיקע און קומענדיקע גע־שעענישן. דאָס איז אַ דערזעאונג, וואָס טרייבט צו דער דערקענטעניש פון אַן אַבסאָלוטער בלינדקייט.

דאָס געפיל, אַז די האַנט פון גאָט „האָט מיך צוזאַמען מיט דעם בערגל ליים אַריינגערינגלט אין איין רינג, צונויפגעפּאָרט", טרייבט דעם מהר״ל צו הערשן מיט מאַכט איבערן גולם אויפן זעלביקן אופן ווי דער האַר פון דער וועלט הערשט איבער אים — דעם מהר״ל. ווער עס בייגט זיך צו דער ערד קאָפּ און רוקן פאַר דעם, וואָס איבער אים, טרעט אַלע מאָל מיט די פיס דעם, וואָס אונטער אים. וואָס קנעכטישער איינער איז צו זיין עלטסטן, אַלץ דעספּאָטישער איז ער צו זיינע דינער.

אויף אַ וויל פּרובט דער מהר״ל אַריינלייגן אַ שטיקל זין אין גולמ׳ס לעבן. ער זאָגט צו אים:

דיין גאַנצער לעבן איז נאָר איין דערוואַרטונג
אויף יענע רגע׳ס, ווען דו וועסט מיר נויטיק.
אָט האָסטו זיך דערוואַרט און פילסט אַליין ניט,
ווי גרויס עס ווערט דער זין פון יעדן טאָג דיינעם,
וואָס האָט געהאַט די זכיה אויף דעם אַלץ צו וואַרטן.

דאָס צופעליקע פון דיין לעבן גייט אַוועק פון דיר,
דיין איבעריקייט. טאָט און גבורה רופן דיך,
דיין לעבן ווערט באַוויליקט. זע, עס שפּרייט אויף דיר
איר שוץ פון אירע פליגלען — די השגחה.

אָבער דער גולם קאָן ניט זען קיין זין אין וואַרטן אויף דער רגע, ווען ער וועט ווערן נויטיק פאַר עמיצן, צוליב אוניווערסאַלע פאַראויס־באַשטימטע פּלענער. אים איז שלעכט צו לעבן אויף דער ערד מיט מענטשן, חיות און ווערעם. ער לעבט אין וואַסער, אין פייער און אין שטיינער. ער ווייסט ניט וויפיל ער לעבט, פאַר וואָס ער לעבט און צוליב וואָס ער לעבט. אים מאַטערט דאָס וואָס ער זעט ניט דעם זין פון אָנהויב און סוף פון זיין אייביקן פאַרגייך.

טויט און בלענדעניש און פייערשיין
און אייביקער פאַרגיין — דאָס זעען מיינע אויגן...

וואָס ער האָט ניט געקאָנט טאָן מיט גוטן, טוט איצט דער מהר״ל מיט שלעכטן. ער מאָלט, אין די קלאָרסטע פאַרבן, פאַרן גולם די נישטיקייט און אומבאַהאָלפנקייט במשך דער צייט, וואָס ער, דער גולם, געפינט זיך אין רשות פון זיין האַר — דעם מהר״ל. ער לאָזט אים וויסן, אַז עס איז אים ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי נאָר הערן וואָס זיין האַר רעדט צו אים, און שווייגן; מחמת ער קאָן טאָן מיט אים וואָס נאָר זיין האַרץ גלוסט. אויב ער האָט נאָך גאָר ניט געטאָן צו אים, איז עס דערפאַר, וואָס ער שפּילט זיך מיט אים, מיט זיין שרעק און זיין טרויער, און מער ווי אויף שפּיל דאַרף ער אים ניט. און ניט קאָנענדיק פאַרטראָגן דעם קוק פון גולמ׳ס צוויי אויסגעגלאָצטע אויגן, שרייט אויס דער מהר״ל צום גולם:

וואָס קוקסטו, גולם דו, שטיק פלייש, פאַרטעמפּטער מוח?
פאַרמאַך די אויסגעגלאָצטע אויגן דיינע,
פאַל צו צו דער ערד און ליג. פאַל צו און ליג,
אַזוי. דעם קאָפּ אַרונטער, נידעריקער, נידעריקער,
דאָס פּנים צו דער ערד נאָך טיפער, טיפער.
אין דרייען דריי זיך אויף און זיץ,
דורך טאָג און נאַכט, דורך טאָג און נאַכט.

אין די דאָזיקע ווערטער פון מהר״ל צום גולם מאָלט פאַר אונדז

דער דיכטער דעם גאַרנישט־באַטרעף פון מענטשן, אויב ער איז ניט מער, אין די הענט פון וועלט־באַשאַפער, ווי דער גולם איז אין די הענט פון מהר״ל, וועלכער האָט אים פון אַ בערגל ליים אויסגעפורעמט און אַריינגעבלאָזן אין אים אַ לעבנס אָטעם.

3.

**מענטש איז אַ גולם** — דאָס איז געווען און דאָס וועט זיין דער פינאַל פון אַ וועלטאַנשויונג, וואָס זעט די וועלט ווי אַן אויסגעגאָסענע פון אייביק ביז אייביק. אַזוי און ניט אַנדערש מוז זיין דער שיקזאַל פון מענטשן אין אַ וועלט, וואָס איז פון אַן אַלמעכטיקן גייסט אַזוי פולקאָמען באַשאַפן, אַז נאָר מענטשלעכער קורצדויער און קורצזיכט שפּירט ענדערונגען אין איר. אין איר אומענדלעכקייט און אייביקייט אָבער איז די וועלט אומפאַרענדערלעך.

אויב מענטש, ווי די גאַנצע וועלט, איז ניט מער ווי קליי אויסגעקנאָטן און אויסגעמאָדעלירט אין־דער־לענג און אין־דער־ווייט פון אומענדלעכן און אייביקן, איז ווער עס זאָל ניט זיין דער קנעטער און מאָדעלירער, בלייבט מענטש אין זיין עצם תמצית אַ ווילנלאָזע, גולמ׳דיקע באַשעפעניש. ווען נאָר מען דערטראַכט דעם באַגריף פון חומר ביד היוצר ביז צום סוף; ווען מען גיט זיך נאָר אָפּ אַ קלאָרן דין־וחשבון וועגן אַלע קאָנסעקווענצן פון באַגריף, וואָס זאָגט, אַז אַלץ וואָס וועט זיין, איז שוין פּאָטענציעל ערגעצוווּ געווען; ווען מען נעמט אָן, אַז אַנטוויקלונג מיינט נישט מער ווי אַרויסוויקלונג מכח אל הפועל, קאָן מען זיך ניט באַפרייען פון די פראַגן, וואָס דער דיכטער לאָזט האָגלען אויפן גולמ׳ס מאַרך, ווען ער ווערט אַרויסגעריסן פון זיין גולמדיקייט:

צו וואָס דערמאָנען זיך?
וואָס אַרט דיך, אַז דו האָסט פאַרגעסן, ס׳איז אַלץ איינס,
דו וועסט דיין שליחות אָפּטאָן סיי ווי סיי,
ווייל וואָס זאָל אַנדערש אַ שליח טאָן אויב ניט
זיין שליחות? פריער, שפּעטער, דאָ צי דאָרטן —
אַלץ איינס, אויך אָפּגעטאָן — געענדיקט. אַלץ געענדיקט...
פאַר עמיצן קאָן זיין, אַז דו פאַרשפּעטיקסט, אָבער דו —
פאַר זיך אַליין, וואָס קאָנסטו דאָ פאַרשפּעטיקן?

די דאָזיקע פראַגן עגבערן אונזער מח אין די דערוואַכונגס מאָ־מענטן. אין אַזוינע מאָמענטן דערזעען מיר דעם אמת פון די ווערטער:

פאַרבאָרגענישן זען זיך פון אויבן אויף,
פון אייביק אָן, און אַלע וועגן זיינען נאָר איין טראָט,
און שטערונגען — דאָס זיינען נאָר אַ שפּיל פון די,
וואָס ווילן אויף איין רגע כאָטש זיך אָפּקערן פון אומזין.

אין די דאָזיקע ווערטער ליגט דער געדאַנק, וואָס שטעלט די אַלטערנאַטיווע פון אָדער־אָדער: אָדער אַלע מניעות און שטערונגען אויף וועלכע דער מענטש שטויסט זיך אָן אין זיין לעבן, זיינען ערנסטע און אמתע; אויב אַזוי, איז זיין אָנשטרענגונג זיי בייצוקומען אַ רעאַלע און אַ ממשות׳דיקע: זי קאָן באמת געבן אַ נייע ווענדונג צום גאַנג פון וועלט־געשעענישן, וואָס זיי וואָלטן ניט אָנגענומען, ווען ניט די מענטשלעכע אָנשטרענגונג. אויב, ווידער, דאָס איז ניט אַזוי: איז דאָס, וואָס זעט אויס דעם מענטשן ווי אַ שטער, וואָס ער דאַרף ביי־קומען, ניט רעאַל; איז עס בלויז אַן אויסדוכט פון זיין פאַנטאַזיע, דעמאָלט האָבן אַלע אָנשטרענגונגען קיין שום ממשות ניט. אין אַזאַ פאַל זיינען אַלע זיינע קאָנצענטרירונגען, ווי אַלע זיינע כוונות ניט מער ווי אילוזיעס. וואָס דען אַנדערש קאָנען זיי זיין אין אַ וועלט, וואָס איז פאַראויסבאַשטימט אין יעדן בייג און קנייטש פון אַן אַבסאָלוט פולקאָמענער העכסטער קראַפט? אין אַזאַ וועלט מוזן מיר אינעם שיין פון דעם אינו־נראה׳ס ליכטיקייט דערזען „דעם טאַנץ פון אומזין, פון דעם גאַנצן אומזין...״ אַזוי און ניט אַנדערש האָט זיך קהלת אויסגע־מאָלן די וועלט, און דערפאַר זיין אויסגעשריי: „הבל הבלים, הכל הבל!״

אויף וואָס אין־דער־אמתן שטיצט קהלת זיין יאושדיקן בליק אויפן מענטשלעכן לעבן, אויב ניט אויף דעם, וואָס: „דור הלך ודור בא והארץ לעולם עומדת״. אַ דור גייט אַוועק און אַ דור קומט, און די ערד אויף אייביק שטייט. אויף דעם וואָס: „מה שהיה הוא שיהיה ומה שנעשה הוא שיעשה ואין כל חדש תחת השמש״ — וואָס עס איז געווען דאָס וועט זיין און וואָס עס איז געטאָן געוואָרן, דאָס וועט געטאָן ווערן, און עס איז גאָר קיין נייעס ניט פאַראַן אונטער דער זון — און אויף דעם, וואָס: „לכל זמן ועת לכל חפץ תחת השמים״ — אויף אַלץ איז פאַראַן אַ צייט, אויף יעדער זאַך אונטער דעם הימל איז פאַראַן אַ צייט?

און איז דען ניט דער גאַנצער פּראָטעסט פון איובן — אַ פּראָ־טעסט פון איינעם, וואָס האָט דערשפּירט דעם גאַנצן אומזין און אומ־ווערט פונעם מענטשלעכן לעבן, אויב דער מענטשלעכער „איך" טראָגט ניט אין זיין פּסיכישן צונויפשטעל אַ געוויסע זעלבסטשטענדיקייט, ווי אויך אַ געוויסע דירעקטע אָנגעהעריקייט אָן דעם אַלהעכסטן? איוב שטעלט זיך איין שטאָל און אייזן פאַר דער קאָנקרעטער ממשות און ווירקזאַמקייט פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט.

איוב זאָגט: „על מה אשא בשרי בשני ונפשי אשים בכפי" — מעג זיך זיין וואָס וויל זיך, איך וועל מיין פליש נעמען אין מיינע ציין און מיין לעבן וועל איך נעמען אין מיינע הענט... „אך דרכי אל פניו אוכיח" — וועגן מיינע וועגן אָבער וועל איך מיט אים אַרגומענטירן. זיין שטאַרקער וואונטש איז: „ויוכח לגבר עם אלוה ובן אדם לרעהו". אַז דער מענטש זאָל זיך קאָנען אויסטענהנען מיט גאָט, ווי אַ מענטש מיט זיין פריינט — מיט זיין גלייכן, הייסט עס. מיט גוואַלטיק שטאַרקן פּאַטאָס שרייט איוב אויס: „בצדקתי החזקתי ולא ארפה, לא יחרף לבבי מימי"... אין מיין גערעכטיקייט וועל איך זיך אָנהאַלטן און זי ניט אָפּלאָזן, און מיין גאַנץ לעבן וועל איך אויף מיין אויפפירונג קיין חרטה ניט האָבן.

איוב'ן מאַטערט די אומדערקענטבאַרקייט פון גאָט. אים פאַרדריסט זייער שטאַרק, וואָס נאָר גאָט ווייס די וועגן פון דער קלוגשאַפט, און וואָס נאָר גאָט ווייס איר וואוינאָרט. מיט וואָס מער אומדערקענטבאַרקייט מיר רינגלען אַרום גאָט'ס מהות, אַלץ שוואַכער און נישטיקער מוז ווערן אונזער אייגענער מהות, אַלץ קלענער מוז ווערן דער באַטרעף פון אונזער אייגענעם זיין אויף דער וועלט.

„החכמה מאין תבוא ואי זה מקום בינה?" — און די קלוגשאַפט, פון וואַנען קומט זי? און ווו איז דאָס אָרט פון פאַרשטאַנד? — דאָס איז די פראַגע וואָס מאַטערט איוב'ס מח.

איוב גלויבט ניט אין קיין אַנדער עקזיסטענץ אַחוץ דער „דער־וועלטיקער". ער איז איבערצייגט, אַז נאָכן לעבן אויף ד ע ר וועלט, ווערט מען אַריינגעפירט „אל ארץ עפתה כמו אפל צלמות ולא סדרים ותפע כמו אפל" — אין אַ לאַנד וואָס איז פינסטער ווי די פינסטערניש פון דעם שאָטן פון טויט, אין אַ לאַנד אָן אַן אָרדנונג און וואָס דאָס ליכט זיינס איז הוילע פינסטערניש. איוב זעט ניט פאַר זיך קיין אָנהאַלטנדיקע עקזיסטענץ פון דעם מענטשלעכן גייסטיקן מהות, און

דאריבער שטעלט זיך פאר איוב׳ן מיט דער שאַרפקייט פון אַ חלף די פראַגע: „צדיק ורע לו רשע וטוב לו״ — פאַרוואָס זאָל דעם צדיק זיין שלעכט און דעם רשע גוט? אין דער דאָזיקער אומגערעכטיקייט וואָרצלט די פולסטע נוצלאָזיקייט, די גאַנצע ווערטלאָזיקייט פון אַלע מענטשלעכע אָנשטרענגונגען און אויפטואונגען. איוב שרייט אויס מיט ווייטאָג: מדוע רשעים יחיו עתקו גם גברו חיל? — פאַרוואָס לעבן די רשעים, זיי ווערן אַלט און שטאַרקן זיך נאָך אין זייער מאַכט? און ער פאָדערט פון גאָט: „ישקלני במאזני צדק וידע אלוה תמתי, אם תטה אשרי מני דרך, ואחר עיני הלך לבי ובכפי דבק מאום אזרעה ואחר יאכל וצאצאי ישרשו״. — זאָל ער מיך וועגן אויף די וואָגשאָלן פון גערעכטיקייט, און זאָל גאָט דערקענען מיין גאַנצקייט. אויב מיינע טרעט זיינען אַראָפּ פון גלייכן וועג, און אויב מיין האַרץ איז נאָכגע־גאַנגען נאָך מיינע אויגן, און אַן מיינע הענט האָט זיך אָנגעקלעפּט אַן אומריינקייט, דעמאָלט זאָל אַנאַנדערער עסן וואָס איך וועל זייען, און מיינע געוויקסן זאָלן אויסגעוואָרצלט ווערן.

ער וויל ליבערשט באַשטראָפט ווערן אויפן שטרענגסטן אופן, אַבי נאָר וויסן פאַר וואָס און פאַר ווען ער ווערט באַשטראָפט. איוב׳ס גייסטיקע ליידן נעמען זיך דערפון, וואָס ער זעט ניט קיין פאַר וואָס און קיין פאַר ווען אין די אַלע אָנשיקענישן, וואָס זיינען אים „אין באַטאַליאָנען״ באַפאַלן. זיין טראַגעדיע באַשטייט דערין, וואָס ער קאָן ניט געפינען קיין שום דערקלערונג פאַרן גרויסן אומגליק, וואָס אים קומט אויס אויסצושטיין. די ווערדע און זעלבסטשטענדיקייט פון זיין „איך״ פאָדערן קאַטעגאָריש אַ זין און אַ דערקלערונג. אָן דער אַנט־פּלעקונג אָדער דערקלערונג פון אַזאַ זין, פאַרלירט דער איך זיין ווערדע און זיין זעלבסטיקייט. אנשטאט אַ „זעלבסט״ ווערט דער „איך״ אַ „גולם״, און קעגן דער דאָזיגער גולמ׳דיקייט פּראָטעסטירט איוב מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין גייסט. דער באַגריף און געפיל פון דער מענטשלעכער גולמ׳דיקייט מוז אַרויסרופן דעם שטאַרקסטן פּראָטעסט און אונז אַריינוואַרפן אין שוואַרצסטן פּעסימיזם.

.4

ווען מיר וואַרפן אַ בליק אויפן גאַנצן גאַנג פון מענטשלעכן געדאַנק, געפינען מיר, אַז ווו נאָר גאָט ווערט אָוועקגעשטעלט דרויסן

פון דער וועלט און ווו נאָר די וועלט און דער מענטש אין איר ווערט באַטראַכט ווי אַן אייביקער באַשאַף פון גאָט׳ס האַנט, דאָרט האָט אויף גאַנץ רחבות׳דיקן אופן דער פעסימיזם פּאַנאַנדערגעשפּרייט זיין ממשלה.

די גאַנצע מיטלאַלטערלעכע פילאָסאָפיע האָט געצויגן איר יניקה פון אַריסטאָטעלן, און אַריסטאָטעל האָט באַטראַכט גאָט ווי דעם באַוועגער פון דער וועלט, ווי אַ קראַפט, וואָס שטייט דרויסן פון איר. אין אַזאַ וועלט מוז, נאַטירלעך, אַלץ פאַרקומען אויף אַ פאַטאַליסטישן אופן; אין אַזאַ וועלט בלייבט פאַר דעם מענטשלעכן „איך" קיין ברעקל אומאָפּהענגיקייט, קיין שמץ פון אַ „זעלבסט". די אורזאַך פון וועלט און מענטש, די קאַוזאַליטעט פון אַלץ, וואָס רינגלט אונדז אַרום און אַלעס אין וואָס מיר זיינען אַריינגערינגלט, ליגט ערגעצווו אויסנווייניק פון אונדז. אַלץ וואָס איז אַרום אונדז ווירקט אויף אונדז פון אויבן אַראָפּ. ס׳איז ניט אין אונדז און ניט אונדז. פולקאָמענע און אַבסאָלוטע פאַרגליווערטקייט און אונטערטעניקייט האָבן געמוזט דאַריבער הערשן אין דער נאַטור ווי אין מענטשן.

די אונטערגעוואָרפנקייט צום קאַוזאַליטעט־באַגריף האָט אַוועק־געשטעלט די שייכות פון מענטש צו גאָט ווי פון אַ שקלאַף צו אַ האַר, אָדער פון קליינע קינדער צו אַ פאָטער. אין ביידע פאַלן מיינט עס זיין אונטערטעניק און הילפלאָז. אין ביידע פאַלן מיינט עס ניט מער ווי אילוזאָרישע פרייהייט.

דער ערשטער שטראַל ליכט, וואָס האָט דורכגעשניטן די מיטל־אַלטערלעכע פינסטערניש אין איר גאַנצער לענג און טיף, איז געקומען פון דער פילאָסאָפיע, וואָס האָט איר תמצית פאַרקערפּערט אין דעם לאָזונג: „איך דענק במילא בין איך!" דאָס איז די פילאָסאָפיע, וועלכע האָט באַפרייט דעם באַוווסטזיין פון אַבסאָלוטער אָפּהענגיקייט פון רוים און מאַטעריע.

„איך בין" — זאָגט דעקאַרט, — „סובסטאַנץ, וואָס איר תמצית און טבע באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס איך דענק, און וואָס פאַר איר עקזיסטענץ בויטיקט זי זיך ניט אין קיין רוים און איז אומאָפּהענגיק פון וועלכער עס איז מאַטעריעלער זאַך".

דעקאַרט באַטראַכט גייסט אָדער באַוווסטזיין פאַר אַ סובסטראַטום סיי פון גאָט׳ס און סיי פון מענטשנס עקזיסטענץ. אויף אַזאַ אופן אידעג־טיפיצירט ער ביז אַ הויכן גראַד דעם מענטשן מיט גאָט און גיט אים אַ געוויסן זעלבסטשטאַנד און פאַרמעסט. ער פילט אַן אַזוי אַרום דעם

מענטשלעכן איך מיט פּערזענלעכקייט. דאָס גלויבן אין אַ מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס דעקאַרט האָט אַריינגעטראָגן אין דער פילאָסאָפיע, האָט געבראַכט מיט זיך דעם אָפּטימיסטישן טאָן, וואָס קלינגט אַרויס פון זיין פילאָסאָפישן סיסטעם.

נאָך דעקאַרטן דערטראָגט זיך צו אונדז אַ שטאַרקער קלאַנג פון אָפּטימיזם פון שפּינאָזאָ'ס פילאָסאָפיע. דער אָפּטימיזם אין איר נעמט זיך פון דעם, וואָס אין דער געשיכטע פון מענטשלעכן דענקען איז שפּינאָזאָ געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן אַריינגעבראַכט גאָט ווי אַ העכסט־גייסטיקע קראַפט, וואָס אַרבעט ניט אויסנווייניק, נאָר אינווייניק אין דער וועלט און אין דעם מענטשן. אויף אַזאַ אופן איז וועלט און מענטש אויך אַריינגעזעצט געוואָרן אין גאָט.

און הגם שפּינאָזאָ נעמט אַוועק באַם מענטשן די מעגלעכקייט אויף־אַן־אמת מחדש צו זיין עפּעס אין דער וועלט, אויף־אַן־אמת עפּעס צוצוגעבן צו דער וועלט, וועלכע איז אין דערווירקלעכקייט שוין געגעבן געוואָרן פאַר אייביק ביז אייביק, נעמט ער אָבער ניט אַוועק באַ אים די פרייהייט פאַר אַלע מעגלעכסטע אָנשטרענגונגען אין דער וועלט צו ווערן אַלץ מער און מער באַוווסטזיניק, אויף דעם פאַקט, אַז ער איז אַן אַטריבוט פון גאָט'ס אַבסאָלוטער פולקאָמענהייט.

מיט דער הילף פון דעם אַריינבליק אין זיין איבערנאַטירלעכקייט באַזיגט דער מענטש די נאַטירלעכקייט. דאָס איז דער זיג פון פרייהייט איבער אַלעס, וואָס איז נויטווענדיק, באַגרעניצט און צייטווייליק. דאָס איז דער זיג, וואָס פירט צו דער באַהעפטונג פון מענטשן מיט גאָט, צו דער צונויפגיסונג מיט דער אַבסאָלוטער פולקאָמענהייט און אייביקייט. דאָס איז דער זיג, וואָס פילט אָן די נשמה מיט גליקזעליקייט, וועלכע איז אידענטיש מיט טוגנט.

דער מענטשלעכער זעלבסט, די מענטשלעכע אַנטי־גולמ'דיקייט, איז אַלזאָ, אין גרונד גענומען, דער קוואַל, וואָס פון אים פליסט שפּינאָזאָ'ס אָפּטימיזם. דער דאָזיקער אָפּטימיזם זיינער איז דורכגע־נומען מיט גייסטיקער רואיקייט.

ווען נאָר אָבער עס ווערט ערגעץ ווו אין גאַנג פון מענטשלעכן דענ־קען און פילן אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט, וואָס דערלאָזט ניט דעם מענטשן זיך צונויפצוגיסן מיטן מקור פון וועלט־אַל און זיך דערפילן אויף אַזאַ אָדער אַנ'אַנדער אופן איינס מיטן סובסטראַטום פון דער וועלט, וועלכן

מיר זאַפּן אַריין אין זיך מיט אונדזערע חושים, מוז דעמאָלט די מענטש־הייט באַהערשט ווערן פון אַ שרעקלעכן פּעסימיזם. זיך באַנוגענען מיט דעם ענטפער „איך ווייס ניט" בנוגע דעם תוך פון וועלט, מיינט, אַז סוף כל סוף איז דער מענטש ניט מער ווי אַ גולם. אַלס אַזעלכער קאָן זיין לעבן ניט האָבן קיין זין, און אַ לעבן אָן זין מוז פריער אָדער שפּעטער פירן צו יאוש. אַזאַ יאוש קלינגט אַרויס פון לייוויק׳ס „גולם".

אונטער דעם איינדרוק פון שרעקלעכע מאָוימדיקע געשעענישן אין דער וועלט, זעצט לייוויק אַוועק פאַר אונדז משיח׳ן און יעזוס׳ן אינאיינעם מיט דעם גולם. אַזוי זיצן זיי אַלע דריי ווי נישטיקע און הילפלאָזע אין דער אַנוועזנהייט פון די צוויי פלעשער בלוט. דאָס איז דאָס בלוט פון אַן אומשולדיק קינד, פאַרגאָסן אין נאָמען פון דער הייליקער קריסטוס־ליבע פון די הענט פון איינעם, וואָס באַטראַכט זיך פאַר קריסטוסעס טרייעסטן דינער. דער איינער הייסט טאַדעאוס און ער זאָגט:

דו מיינסט — נקמה? ניין, נאָר ריינע ליבשאַפט,
ווייל בלוט איז ליבשאַפט, בלוט פון קינדער;
ווייל ער איז אויך געווען אַ קינד... און יעדער מעסער
פון דאַמאָלסט אָן געוואָרן איז געבענטשט...
און קיינמאָל וועלן זיי, די קרייציגער, ניט קאָנען צונעמען
אַוועקרויבן פון אונדז די הייליקייט פון מעסער,
ווייל קיינמאָל טאָר ניט אויפהערן צו גיסן זיך
דאָס בלוט פון די, וואָס האָבן ניט געקאָנט דערזען
די שטילע שיין פון דיין פאַרמאַכטן ברעם...

אַזוי האָבן אַלע מאָל גערעדט און אַזוי רעדן אויך איצט די, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר די יעניקע, וואָס זיי האָט עס די געשיכטע באַשטימט צו זיין די פאַרווירקלעכער און דורכפירער פון אַן אידעאַל. אין נאָמען פון אַ שטילן שיין פון אַ ניט־פאַרמאַכטער ברעם, האָבן זיי אַלע מאָל אַרויסגעלאָזט דעקרעטן און לאָזן איצט אויך אַרויס איין דעקרעט נאָכן אַנדערן, אַז בלוט זאָל זיך גיסן און העלדזער זאָלן אויפגעשניטן ווערן...

און מענטשן פאַלן...      בלוט אויפן מירמלשטיין
געשאָכטן פאַלן זיי...      הייס בלוט,
און אין בלוט פאַרגייען זיי...      (פּרצ׳ס „גאָלדענע קייט").

**און דער דיכטער לייוויק דערציילט אונדז, אַז משיח אַליין טאַפּט איצט אין דער פינצטערניש און שרייט:**

וואו זענט איר? רופט זיך אָפּ.
מיר דאַרפן זיין דאָ דרייען, דרייען
דערנענטערן זיך קאָפּ צו קאָפּ,
די פריינדשאַפט צו באַנייען.
די וועלט — באַזונדער, מיר — באַזונדער,
קיינער ניט אין מיטן,
דער אומזין פון די לעצטע, לעצטע
וואונדער
וועט אַליין אונדז היטן...

**אומזין פון וועלט־געשעענישן דערנעטערן אַלץ מער די אויס־לייזער געשטאַלטן פון משיחן און קריסטוסן צו דער געשטאַלט פון גולם.**
**יונגער בעטלער זאָגט צום גולם:**

דיינע רייד איז מיינע רייד;
זאָג איך איבער וואָרט נאָך וואָרט.

**און דער מאַן מיטן קרייץ זאָגט אויך צום גולם:**

דיינע רייד איז מיינע רייד,
זאָג איך איבער וואָרט נאָך וואָרט.

**און ביידע זיינען זיך מודה צום גולם: איינער — משיח, אַז פון אים שמעקט פוילקייט. דער אַנדערער — קריסטוס, אַז פון אים שמעקט טויטקייט. און ביידע שרייען אויס: בלוט!**

**אין גענאַנג און טאַנץ פון די הייל רוחות און אונטערדריקטע דערפילט זיך די הילפלאָזיקייט און דער אומזין פון דער וועלט אין איצטיקן מאָמענט, ווי אויך דער באַנקראָט פון אַלע ביז איצטיקע פאַרמעסטן אויסצולייזן די וועלט.**

ליגט דער צלם אויף דער האַק,
און די קייטן אויפן זאַק,
נענטער, נענטער, באַק צו באַק
אין דער מיט

רונד אַרום,
רונד אַרום;
נאָכאַמאָל און נאָך און נאָך
מיר פאַרטאַנצן אייער בראָך
ווער מיר זיינען ווייסט איר דאָך;
קיינער ניט.

— — — — — — — — — —

מער נישטאָ שוין וואָס צו זינגען
ליגט דער קרייץ — נאָר ניט צום טראָגן,
ליגט די קייט — נאָר ניט צום קלינגען;
ליגט די האַק — נאָר ניט צום שלאָגן,
זינגען מיר דאָס ליד פון גאָרנישט.
און זיי זיצן שטום געזונקען,
פלאָנטערן זיך ביי אונדז די צינגער
ערגעץ וואלטן מיר געוווּנקען —
גליווערן ביי אונדז די פינגער.
זינגען מיר דאָס ליד פון אונזין.
הענט וואָס ברעכן זיך אין צאָרן,
בלייבן ווי געווען פאַרבראָכן,
ווייל דערפילט איז שוין געוואָרן
אַלץ, וואָס איז געווען פאַרשפּראָכן —
זינגען מיר דאָס ליד פון אונזין...

**מיט דעם דאָזיקן געזאַנג ענדיקט זיך, אָבער, בלויז איין בילד אין דער דראַמאַטישער פּאָעמע און ניט די גאַנצע פּאָעמע.**

* * *

**אין לעצטן בילד פון דער פּאָעמע קערט זיך אום דער גולם אויפן באַפעל פון מהר״ל צו זיין רו. דער מהר״ל זאָגט צום שמש:**

און איצט רוף אויס צו זאָגן נאָך אַמאָל
פון אָנהויב „מזמור שיר ליום השבת״.

טיף אין זיין נשמה, אין די פאַרבאָרגנסטע ווינקעלעך פון זיין אומבאַוואוסטן, האָט דער דיכטער, זעט אויס, געשפּירט אין פאַרלויף פונעם גאַנצן שאַפונגס פּראָצעס פון „גולם", אַז ווען עס וואָלט קיין זין אין דער וועלט ניט געווען, וואָלט אַזאַ זאַך ווי אומזין גאָר ניט שייך געווען. מיט זין און אומזין איז ווי מיט טויט און לעבן און אַלע אַנדערע דיאַמעטראַל אַנטקעגנגעזעצטע דערשיינונגען אין אוניווערס: וואָלט קיין לעבן ניט געווען, וואָלט קיינער ניט געוווּסט פון טויט און שטאַרבן. וואָלט קיין עפּעס ניט געווען, וואָלטן זיך קיינע רוחות און טייוואָלים ניט געפונען צו זינגען דאָס ליד פון גאָרנישט, און דער באַגריף „גאָרנישט" וואָלט ניט אָנגעזען די לעבעדיקע וועלט.

אין פאַרלויף פון די יאָרן, וואָס דער דיכטער האָט דעם „גולם" געקנאָטן, האָט זיין אויער אויך געמוזט פון צייט צו צייט פאַרנעמען אַ קול דממה דקה פון זיין אונטערבאַוווּסטזיין, מורמלענדיק: הער זיך איין, מיין ליבער דיכטער! דער אומזין קאָן דאָך ניט זיין שטאַרקער פאַר דעם זין, מחמת דאָס באַשטענדיקע שטאַרקן זיך פון אומזין איבער זין, וואָלט שוין לאַנג אָפּגעווישט אין מענטשלעכן באַוווּסטזיין דעם קאָנטראַסט צווישן זין און אומזין, דעם קאָנטראַסט צווישן משוגעת און קלאָרקייט, און אינאיינעם מיט אים אייגנטלאַך, די גאַנצע מענטשלעכע עקזיסטענץ. הפּוכים און סתירות זיינען דאָך ריין־מענטשלעכע אייגנשאַפטן. קיין אַנדער ערדישע עקזיסטענץ ווייסט ניט פון אַנטקעגנגעזעצטקייט. אויף דער גרעניץ פון חיה׳ש־מענטשלעכער עקזיסטענץ שטייט דער אַנאַליז, וואָס שפּליטערט־פאַנאַנדער די איינהייט אין אַ פילהייט. אויף דער גרעניץ ווידער פון דער מענטשלעך־איבער־מענטשלעכער עקזיסטענץ אַנשטייט דער סינטעז מיט זיין צונויפגיסונג פון אַלע פילהייטן און אַלע זייערע טעזן און אַנטיטעזן אין איין־און־איינציקער איינהייט. די דאָזיקע איינהייט טראָגט אין זיך אַן איבער־זין, וואָס דערקלערט די מענטשלעכע אָנונגען און געפילן פון אַלץ וואָס איז זין און ווערטפול.

דאָס קומען גופא פון פּאָעטן אויף דער וועלט, וואָס באַזינגען דעם אומזין אויף אַ שטייגער, וואָס רופט אַרויס אין די נשמות פון גאָר אַ סך מענטשן מאָמענטן פון טיף־פריידיקער איבערלעבונג, ווייזט, אַז דער אומזין ווי דער זין איז איינגעשלאָסן אין עפּעס העכערעס, וואָס איבערשטייגט די מענטשלעכע באַגריפן פון זין און אומזין; די פאַרשיידענע מאַניפעסטאַציעס פון דעם אַלהעכסטן אין דער וועלט

צווינגען דעם מין מענטש צו זאָגן נאָכאַמאָל און ווידער אַמאָל: מזמור שיר ליום השבת!

די דאָזיקע שטים פון אונטערבאַוווסטזיין, אָדער אפשר גאָר פון איבערבאַוווסטזיין, וואָס דער דיכטער האָט פאַרנומען, האָט עס אַריינ־געדיקטירט אין דער דראַמע דעם משוגענעם תנחומ׳ען. אין זיין משוגעת רעדט תנחום אין דער שפּראַך פון דער צוקונפט און ניט פון דער פאַרגאַנגענהייט, אין דער שפּראַך פון ווידעראויפלעבונג.

צו רעדן וועגן אַ נייעם לעבן, אַ לעבן פול מיט ווידערשטאַנד; צו רעדן וועגן „מיין פייערדיקן רייטוואָגן" אין דער צייט פון מלחמות, פּאָגראָמען און אויסשלאַכטונגען, אין אַ צייט, ווען אויפן שלאַכטפעלד ווערן געמאָרדעט ניט נאָר מענטשן, נאָר אויך די הייליקסטע אידעען און אידעאַלן — אַזוי צו רעדן אין אַזאַ צייט, קאָן מען טאַקע אפשר ניט אַלע מאָל, און ווער ווייס, אפשר קיינמאָל ניט מיט קלאָרן פאַרשטאַנד. אָבער וועלכער אמת׳ער מענטש איז דאָס אַלע מאָל ביי זיין קלאָרן פאַרשטאַנד? און זיינען דען ניט גאָר גרויסע אויפטואונגען אין דער וועלט אַרויסגעקומען פון די, וועלכע האָבן געשטייגט איבער קלאָרן פאַרשטאַנד; און זיינען דען ניט די אמת׳ע שאַפונגס־מאָמענטן — מאָמענטן, ווען מען ווערט אַריינגעוואָרפן אין אַ צושטאַנד פון ניט־זיין, אין אַ צושטאַנד פון ניט־וויסן, אַז מען ווייסט, פון ניט־פילן, אַז מען פילט, פון ניט־פאַרשטיין, אַז מען פאַרשטייט — אין אַ צושטאַנד פון שוועבן אין די עולמות העליונים, ניט וויסנדיק אַז מען שוועבט?

6.

דער אויפטו צו לאָזן דעם איבערבאַוווסטזיין — דעם סינטעז פון דעם אומבאַוווסטן און באַוווסטן — קומען צום אויסדרוק אין דער געשטאַלט פון אַ משוגענעם, איז שוין ניט קיין נייער אין דער ליטעראַטור, סיי אידישער סיי אַלגעמיינער. האָט דאָך שוין האַמלעט לאַנג צוריק געזאָגט: „ווען האַמלעט ווערט פון זיך אַליין אַוועקגעריסן, און ווען ער טוט שלעכטס לארטעסן, ווען ער איז ניט ער, טוט עס דעמאָלט ניט האַמלעט. האַמלעט לייקנט עס. ווער־זשע טוט עס דאַן? זיין משוגעת". אין דער משוגעת און דורך דער משוגעת פון האַמלעט לאָזט שעקספּיר אויף אַ באַוווסטן און אומבאַוווסטן אופן זיך אַנטפּלעקן דאָס, וואָס די טאָג־טעגלעכע ווירקלעכקייט דערלויבט ניט, אַז עס זאָל, צוליב דער

קלינגענדיקער אומגעלומפערטקייט, אַרויסגעזאָגט ווערן.

דאָס זעלטנסטע און דאָס טיפסטע קאָן אַמבעסטן געמאָלן ווערן אויף אַ סימבאָלישן אופן. דער סימבאָל דערלויבט דער קינסטלערישער פאַנטאַזיע צו קלאַפּן אין די טויערן און גאַנץ אָפט, אויך דורכברעכן די טויערן, און אַריינרייסן זיך אין דער ממשלה פון דעם אויסערגע־וויינטלעכן, איבערנאַטירלעכן און איבעררעאַליסטישן. משוגעת איז בלויז איינע פון די געשטאַלטן פון דעם סימבאָל.

אין דער יידישער ליטעראַטור האָט זיך פּרץ באַנוצט מיט דער דאָזיקער געשטאַלט אין זיין „אין פּאַליש אויף דער קייט".

דער זינדיקער, וועלכער רייסט זיך פון אַלץ און פון אַלעמען און ווידערשטייט אַלץ און אַלעמען, גיט זיך אונטער צו דעם משוגענעם, ווען יענער זאָגט: ברודער! גיב מיר די האַנט.

דער משוגענער איז דער איינציקער, וואָס שפּירט און פילט די גרויסקייט פון דעם זינדיקן. ער איז דער איינציקער, וואָס זעט אין זינדיקן דעם העכסטן אויסדרוק פון גאָט, זיין אמתן ניצוץ.

דער משוגענער זאָגט אויף דעם זינדיקן: ער איז נאָך גאט און שוויגט. און וועגן זיך זאָגט ער:

איך שטעל מיך אָפּ, אַנטלויפן זיי.
גאָרנישט שרעקט.
— — — — — — — — — — — —
איך בין שוין לאַנג נישט איך.

און גאַנץ אָפט איז דער „איך", וואָס איז שוין לאַנג נישט „איך", דער טיפערער „זעלבסט", וואָס שטייגט אַריבער אַלע גרעניצן פון לאָגיק און פון קלאָרקייט, און ווערט איינס מיט דער איבּוּוייניגקייט פון אוניווערסאַלן מהות. דעמאָלט דערזעט ער משוגעת אין דער קלאָרקייט, און אין דער משוגעת—געלייטערטקייט.

אין תּנחומען רעדט אויך דער איך, וואָס איז שוין לאַנג ניט ער, תנחום, הייסט עס. עס רעדט דער איך ניט פון באַוווּסטזיין און ניט פון אונטערבאַוווּסטזיין, נאָר דער איך פון איבערבאַוווּסטזיין. דאָס איז דער איך, וואָס בינדט צונויף אין דעם קעגנוואַרטיקן מאָמענט די פאַרגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט אין אַן אייביקייט.

דער דאָזיקער איך שפּירט די פינסטערניש וואָס גייט אויף

אונדז פון אַלע זייטן; ער שפּירט אָבער אויך, אַז קיינער קאָן ניט אָפּשטעלן דעם פייערדיקן רייט־וואָגן.

וויל קיינער וועט ניט האָבן אַזאַ העזה;
וויל קיינער איז אין אים נאָך ניט געזעסן,
ניט געברענט זיך אין זיין פייער
און ניט געדרייט זיך אין זיינע רעדער
און ניט געשווינדלט אין זיין אָטעם...

תנחום שרעקט זיך ניט, וויל זיין איך איז שוין לאַנג ניט ער. תנחום שרייט:

זאָלן הענט זיך שטרעקן מער צו מיר,
זאָלן הענט זיך הויבן,
העלדזער שרייען!
פאַרחלש׳ט ווערן הענט,
פאַראָסטעט ווערן העק,
און העלדזער ווערן שטום
און אויב ניט שטום, איז אויפגעשניטן...

קליין און שוואַך איז דאָס מענטשעלע, ווען ער איז רואיק, אָבער גרויס און מעכטיק, ווען ער ווערט אומרואיק מיט אַן אומרואיקייט, וואָס דערגרייכט ביז משוגעת! „זע!“, זאָגט ל. שאַפּיראָ צום ים, „זעלטן־ווען רייסט דו זיך אַריין אין מאַנכע פון מיינע שטעט און דערפער. און איך דיך—האָב אין דער לענג און אין דער ברייט ניט איינמאָל דורכגעשפּרייזט, דיינע טיפענישן געפאַרשט, און—צו קליין ביזט דו פאַר מיר... ווען דו צעבייזערסט זיך, דאַן — אָ, געוויס! — קוקט דער טויט פון דיינע אויגן. אָבער ווען איך, ווען איך ווער צעווילדעט, דאַן בליצט פון מיינע אויגן — שגעון!... חאַ־חאַ“ (אויפן ים).

און דאָס איז דער בליק, וואָס שאַפט און צעשטערט וועלטן! מיט אַזאַ בליק אין די אויגן שרייט אויס ר׳ שלמה („די גאָלדענע קייט“):

חרוב זאָל ווערן די וועלט,
און מיר,
מיר שבת׳דיקע,
מיר נשמה־יתרה׳דיקע אידן
וועלן איבער אירע חורבות גיין!

**ביידע, אי שלמה, אי תנחום, רעאַגירן אויף דעם זעלבן אופן אויף די חורבות. ביידע ענטפערן זיי אויף די חורבות מיט דער אומ־צעשטערבאַרקייט, מיט דער אייביקייט און אַבסאָלוטן דויער פון איך.**

**תנחום זאָגט:**

חורבות האָב איך מער נאָך פיל איך דאַרף,
חורבות פון דער גאַנצער וועלט
וואַרטן לאַנג אויף מיר,
קוקן אויס די לעכערדיקע אויגן,
אָטעמען צו מיר,
רופן איך זאָל קומען און געוועלטיקן;
זאָל איך קומען נאָר —
ווערט אַ פרייד אין זיי,
אַ געזאַנג און אַ טאַנץ...

**און דאָס איז דערפאַר, וואָס דאָס וואָס קוקט אַרויס פון אויג און זעט, ליגט שוין ניט מער איינגעדרימלט, שלאָפט שוין ניט מער ביי תנחומ׳ען, ווי עס איז דער פאַל געווען מיט לאה׳ס קינד (אין „דער גאָלדענער קייט״).**

„מאַמע, — זאָגט לאה — דיין אייניקל ליגט דאָרט בלינד,
אויגן האָט ער גרויסע!
און עס קוקט מיט די גרויסע,
מיט די גרויסע טויבן אויגן
אָבער זען זעט ער ניט!
ווייל דאָס,
ווייל — דאָס,
וואָס קוקט ביים מענטשן דורכן אויג אַרויס
דרימלט נאָך דאָרט...

**תנחום זאָגט:**

די גרויסע אויגן פון דער וועלט —
זיי זיינען פול מיט בענקשאַפט;
ווער דערזעט די גרויסע אויגן פון דער וועלט?
איך.
ווער קאָן איינשטילן די גרויסע בענקשאַפט פון דער וועלט?

תנחום לאַכט זיך אויס פון דעם האָרכן, וואָס עס הערן די מענטשן, וועלכע זיינען ביי זייער קלאָרן פאַרשטאַנד. ער מאַכט צונישט דאָס זעען פון די, וואָס רירן זיך קיינמאָל ניט פון זיך.

ער פרעגט:

טויבע, ווי קאָנט איר הערן?
בלינדע, ווי קאָנט איר זען?
זעט איר מיין פנים אין דער מיטן נאַכט?
הערט איר מיין קול?
די אָרעמס צעשפּרייט איך,
די אויגן פאַרוואָרף איך,
די האַלדז אין דער ווייט צי איך אויס,
איבערן דאַך פונעם טורעם,
דורך אַלע צעלעכערטע פענסטער
יאָג איך אַריין און אַרויס.
פינף איז די צאָל פון די טורעמס,
פינף —
איינער פאַר מזרח און איינער פאַר מערב;
איינער פאַר צפון און איינער פאַר דרום,
דער פינפטער פאַר מיר.
ווער טראָגט דעם צער פון די טורעמס?
איך.
איך בין דער האַר פון די חורבות...

תנחום — דער רעפּרעזענטאַנט פון דער וועלטס אוממיטל־באַרקייט — ליידט אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן. זיין אייגענעם זונ׳ס לינקע אויג איז דורכגעשטאָכן מיט אַ שפּיז, די רעכטע צוגעמאַכט. זיין אייגענעם זונ׳ס רעכטע האַנט איז אָפּגעשניטן ביזן אַקסעל, די לינקע — ביזן עלנבויגן. זיין אייגענער זון, יותנן, וואָלט נאָך ביז היינט געלעבט ,ווען ניט דער גרויסער יום־טוב פסח. דאָך דערלאָזט אים ניט זיין רייטוואָגן וואָס קרייזלט זיך אין צענטער פון דעם אַבסאָלוטן, אין מיטלפּונקט פון דער דויערהאַפטיקער אייביקייט, זיך אָפּצוזאָגן פון דעם יום־טוב פסח.

מען פרעגט אים וויפיל איז דער שיעור צו רייסן קריעה; ענטפערט ער:

אַ שיעור, ניטאָ קיין שיעור,
ווייל אַלע לאָצן וואַרטן דאָך אויף מיר,
איך זאָל זיך צורירן צו זיי
פּאַנאַנדערריסן...
ווען ניט דער גרויסער יום־טוב פּסח,
וואָלט נאָך ביז היינט געלעבט מיין יוחנן.
צי זאָלן מיר דערפאַר זיך אָפּזאָגן פון פּסח?
איר שווייגט? איר ווילט זיך אָפּזאָגן פון פּסח?
איך שיק אויף אייך מיין פייערדיקן רייטוואָגן!

תנחום פילט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה זיין אייגענעם חורבן, דעם פאָלקס חורבן און דעם חורבן פון דער וועלט. מיטן פייער אָבער פון גלויבן, אַז עס איז פאַראַן עפּעס העכערעס פאַר מענטש, פאַר פאָלק און וועלט, טראָגט ער זיך איבער די חורבות אין זיין רייט־וואָגן.

פונקט ווי ר׳ שלמה („גאָלדענע קייט״), זעט אויך תנחום, אַז:

אין שוואַרצן אָנגעטאָן,
אין שוואַרצן איינגעהילט
די נשמה פון דער וועלט.
די שכינה ברומט
און וויינט, טרויערט.
און ס׳צאַפּלט
אין אייגן בלוט פאַרטרונקען
ס׳האַרץ פון דער וועלט.

ער פילט אָבער, אַז „אויסגעלייזט פון פּיין און שרעק מוז ווערן די וועלט!״ פון יום־טוב פּסח טאָר מען זיך ניט אָפּזאָגן, און נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל מוז מען פון־דאָס־ניי אָנהויבן: מזמור שיר ליום השבת!

* * *

תנחום דערמאָנט זייער שטאַרק אין שאַפּיראָ׳ס מאַן מיט דעם שאַרף־געצייכנטן ברוינעם צלם אויפן ברייטן שטערן („דער צלם״).

נאָך די שרעקלעכסטע און די שוידערלעכסטע געשעענישן און איבערלעבענישן, וואָס די שוואַרצסטע מענטשלעכע פאַנטאַזיע קאָן נאָר מאָלן, דערזעט זיך דער מאַן מיטן צלם אויפן שטערן אַ גרויען

אין שפּיגל. ער דערזעט אויך צום ערשטן מאָל דעם צלם אויפן שטערן, וועלכן ער האָט ביז דעם דאָזיקן מאָמענט בלויז געפילט.

„תחלת", אַזוי דערציילט ער, „האָב איך געוואָלט נעמען אַ מעסער, אָפּשניידן אַ פּאַס פון שטערן און — אָפּמעקן דעם צלם; דערנאָך האָב איך זיך באַקלערט — ‏זאָל ער בלייבן. „לטוטפות בין עיניך"... האָ! אַזעלכע „טוטפות" האָט עס אונדזער אַלטער, ליבער גאָט געמיינט".

בלויז דריי יאָר גייען פאַרביי; דריי יאָר וואַנדערנדיק איבער די פּריריס פון אַמעריקאַ; דריי יאָר פון אינטימן איינאיינעם-לעבן מיט דער נאַטור, „און איך" — אַזוי דערציילט ווייטער דער מאַן מיט די שניטן אויפן שטערן, „ניי געבאָרן קינד, שפּיר, אַז איך בין שוין גענוג קרעפטיק. אין גיכן וועל איך גיין צוריק צום ישוב. און דאמאלט..."

און דאַמאָלט פּרובירן בויען פון־דאָס־ניי דאָס, וואָס איז חרוב געוואָרן. מען מוז בויען פון־דאָס־ניי! דאָ זעט אויס צו זיין אַ קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו פאַר די, וואָס שפּירן אַ טיפן און שטאַרקן זעלבסט אין זיך — אַ זעלבסט, וועלכער איז אָנגעקניפּט אויף אַלע מאָל און אויף אייביק אין אַן אַלמעכטיקן און אומדערשעפּלעכן טיפן אוניווערסאַלן זעלבסט.

מען מוז אַלע מאָל פון דאָס ניי אַרבעטן אויף דער פּראָבלעם, וואָס עגבערט תנחום׳ס מח, דער פּראָבלעם: ווער און וואָס זאָל ראַטעווען די וועלט? ווען, ווי אַזוי און צוליב וואָס זאָל זי געראַטעוועט ווערן?

אויב זי האָט ניט געקאָנט געראַטעוועט ווערן דורך משיח׳ן צוליב זיין פּוילקייט, דורך יעזוס׳ן צוליב זיין טויטקייט, דורך דעם גולם צוליב זיין ווילנלאָזיקייט, הייסט עס נאָך ניט אַז זי קאָן ניט געראַטעוועט ווערן.

תנחום לאָט זיך דאָך שפּינען ווייטער און ווייטער, טיפער און טיפער... און אויף דער מעגלאַכקייט ווייטער און טיפער צו שפּינען תנחום׳עך זאָגן עדות לייוויק׳ס שורה׳ס אין „קיינעמס לאַנד":

דאָס ליד פון ליכטיקן באַוווסטזיין זינגען אַלע מיינע גלידער,
מיין חלום פון פאַרניינונג, פון פאַרבויגונג זעט אַ רמז פון באַשייד,
פון אַלע הויכן נידער איך אַרונטער, פאַל אַלץ נידער, נידער,
און צייכן פייער רויטע צייכנס פון מיין אויפגעוועקטער,
אויפגעשטראַמטער פרייד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיט אויסגעשטרעקטן קאָפּ צום הימל הייב איך זיך אַרויס
פון אונטער דעם באַפּאַלנדיקן וואָרעם,
טרייסל אָפּ פון זיך דעם ריח פון אָנגעקלעפּטע שטיקער רויען ליים
און העכער פון מיין קאָפּ אַריבער שטרעקט זיך צו דער הויך
מיין ווייסער אָרעם
און שפּרייט זיין ווייסע ליכטיקייט אויף מענטש און חיה,
גראָז און בוים.

.7

דאָס פילן אין געוויסע מאָמענטן, אַז מיין ווייסער אָרעם שפּרייט זיך ווי ווייסע ליכטיקייט אויף מענטש און וועלט, טראָגט מיט זיך אַלע מעגלעכקייטן פאַר וועלט׳ס און מענטשנ׳ס דערלייזונג.

אין דעם געפיל אַליין, אַז מיין אָנשטריינגונג, ווי אויך די אָנ־שטריינגונג פון יעדן איינציקן איך אין גאָט׳ס וועלט, האָט אַ געוויסע ממשות׳דיקע פּעולה, ליגן פאַרבאָרגן אומדערשעפּלעכע כחות פון דער רעטונג פון דער וועלט.

אַ גרויסע רעטונג פון דער וועלט ליגט שוין אין דער מענטש־לעכער אָנשטרענגונג גופא, עפּעס און עמיצן צו ראַטעווען אין די אינטערעסן פון מיר, פון מיין פאָלק און פון דער גאַנצער וועלט. די דאָזיקע אינטערעסן, מוזן מיר אָנבעמען, פאַלן צונויף מיט די אינטע־רעסן פון דעם אוניווערסאַלן עמיץ, וואָס נעמט אַלץ אַרום און ווערט מער פון קיינעם ניט אַרומגענומען. פאַרן צונויפפאַל פון די דאָזיקע אינטערעסן שטעלט זיך אייך ביז גאָר די בייעסטע, מיט אָפּטימיזם דורכגעדרונגענע פילאָסאָפיע. דער אָפּטימיסטישער טאָן, וואָס קלינגט איצט אַרויס פון דער גאַנצער נייעסטער פילאָסאָפיע, נעמט זיך דערפון, וואָס די נייע פילאָסאָפן האָבן זיך גענומען מיט מער אימפּעט צו וועבן ווייטער אין דער טיף און אין דער ברייט די געדאַנקען פון שפּינאָזאַ און קאַנט.

גייענדיק מיט קאַנטן, און ווייטער פון אים, רעדוצירן זיי די גאַנצע וועלט וואָס רינגלט אונדז אַרום, די גאַנצע נאַטור, וואָס אונדזערע פינף חושים נעמען אויף, צו פּסיכיק. אין דער פלאַם־פייערדיקער פּסיכיק צעשמעלצן זיי אַפילו קאַנטס „זאַך ווי זי איז״, וועלכע ער האָט געוואָלט אַוועקשטעלן דרויסן פון דער מענטש־

לעכער פסיכיק. די וועלט, וואָס מיר זעען פאַר זיך, האָט קאַנט גע־דענקט, איז אַ פּראָדוקט פון דער פסיכיק, ווי אויך פון עטוואָס, וואָס שטייט אויסנווייניק פון איר. וואָס דאָס עטוואָס איז וועלן מיר קיינמאָל ניט וויסן. מיר מוזן אָבער אָננעמען די עקזיסטענץ פון אַזאַ עפּעס, פון אַן „איקס", וואָס ווען אָנגערירט פון די שטראַלן פון גייסט, וועלכער זעצט זיך דורך דעם מענטשן, גיט עס אונדז די אויסנווייניקסטע וועלט אָדער די נאַטור.

די סאַמע לעצטע דענקער באַשטייען דערויף, אַז הינטער אָדער אונטער דער נאַטור איז קיין זאַך ניט פאַראַן, און אַז די גאַנצע נאַטור איז אין תוך געננומען פסיכיק, באַוווסטזיין, גייסט. אַנשטאַט שטאָף און קראַפט, האָט די וויסנשאַפט שוין לאַנג צוריק אָנגעהויבן צו רעדן אין די טערמינען בלויז פון קראַפט אָדער ענערגיע. און איצט ווערט די וויסנשאַפט אַלץ מער און מער געטריבן צו זען אין דער דאָזיקער ענערגיע קיין אַנדער זאַך ניט ווי גייסט.

די נייעסטע וועלט אנשויאונג האָט אַרויסגעשטויסן פון אַלע זיינע פּאָזיציעס דעם וויסנשאַפטלעכן מאַטעריאַליזם, וועלכער האָט געוואַגט קומען אויף דער וועלט מיט פילאָסאָפישע פּרעטענזיעס. אַ דורכגענומענע און דורכגעדרונגענע מיט די נייעסטע וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונגען, שליסט זי זיך אַן מיטן פולסטן באַוווסטזיין אין דער קיינמאָל ניט איבערגעריסענער קייט פון דעם פילאָסאָפישן אידעאַליזם. דער אָנהויב פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט כאַפּט אויף מיט אימפּעט און קוראַזש דאָס לעצטע פּעדעמל פון דער פילאָ־סאָפישער נעץ, ווי זי איז געוועבט געוואָרן אין אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט און וועבט זי פון־דאַ־ניי אין דער טיף און אין דער ברייט. די טענדענץ ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער אויף אַריינצוּוועבן אין דעם, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען גייסט, אַלץ און אַלעס אין דער וועלט, מעג עס טראָגן אַזאַ אָדער אַנאַנדער געשטאַלט; מעג עס האָבן אַזאַ אָדער אַנאַנדער אויסזען. עס ווערט שטאַרקער באַטאָנט דער פאַקט, אַז די נאַטור אַרום אונדז און די פסיכיק אין אונדז זיינען ניט קיין צוויי פאַרשיידנאַרטיקע מהותן, נאָר אַז יעדער איינע פון זיי זיינען בלויז אַנדערע מאַניפעסטאַציעס אָדער אַטריבוטן פון איינער און דערזעלבער רעאַליטעט, וועלכע איז גאָט און גאָטהייט.

די נייע פילאָסאָפיע האָט געלאָזט דעם באַוווסטזיין פון יעדן

איינציקן מענטשן שלאָגן זיינע וואָרצלען אין אוניווערסאַלן באַוווסטזיין, וועלכע איז גאָט אַליין. זי האָט פון דאַסניי און נאָך מיט אַ שטאַרקערער האַנט אָנגעהויבן וועבן די פעדעם, וואָס פאַרבינדן אויף אַ דירעקטן און אינטימן אופן דעם מענטשלעכן זעלבסט מיט דעם אוניווערסאַלן זעלבסט אָדער גאָט. אַ דאַנק דעם האָט זי ביז צום העכסטן גראַד דערהויבן די ווערדע פון דעם אינדיווידּ.

ניט נאָר ווערט איצט אין דער פילאָסאָפיע געזאָגט: „איך דענק במילא בין איך", נאָר בייִדע: אי דער איך דענק, אי דער איך בין ווערן באַדייטנדיק אויסגעברייטערט. איך דענק, איך פיל און איך וויל, במילא מיינט עס, אַז די גאַנצע וועלט, דער גאַנצער אוניווערס דענקט, פילט און וויל.

און געדעכט איז תנחום אין זיין משוגעת, ווען ער פרעגט: ווער דערזעט די גרויסע אויגן פון דער וועלט, און ער ענטפערט: איך. ווער קאָן איינשטילן די בענקשאַפט פון דער וועלט? איך. פאַרוואָס? ווייל מיין האַרץ איז פול מיט רחמים צו דער וועלט.

די וועלט איז פול מיט אַלץ, וואָס מיין האַרץ איז פול, און פון מיין האַרץ און דורך מיין האַרץ, פון מיין נשמה און דורך איר, לייען איך אַרויס דאָס האַרץ פון דער וועלט און די נשמה פון דעם קאָסמאָס. און נאָך פאַר תנחום'ען האָט געזאָגט אין דער טיפקייט פון אירע ליידן פרצס לאה:

אין אונדז, אין אונדז שלאָגט אַ האַרץ;
די וועלט מוז האָבן אויך אַ האַרץ,
אַ באַרמהארציק האַרץ.

אַפילו די וויסנשאַפט הויבט אָן היינט צוטאָג איינצוזען די גרויסע ראָל פון געפיל אין דעם דערקענטניש־פּראָצעס.

אין זיין ווערק „דאָס סיסטעם פון דער באַלעבטער נאַטור" בעט זיך דער וויסנשאַפטלער, טהאָמסאָן, אַז מען זאָל מאַכן פּלאַץ פאַרן געפיל־עלעמענט אין דער אינטערפּרעטאַציע פון דער נאַטור. מחמת צו געוויסע זאַכן, דענקט ער, קאָן מען אַ סך בעסער צוקומען מיט געפיל. מיט אים דערבליקן מיר געוויסע זאַכן, וואָס די לאָגיק קאָן אויף זיי איר אויג ניט אָנשטעלן. „מיר מוזן" — זאָגט ער — „נאָך אַלעמען צוגעבן, אַז דאָס ליכט פון דער וויסנשאַפט איז אַזוי קאַלט ווי עס איז קלאָר". מערקווירדיק ווי דער וויסנשאַפטסמאַן טאמסאן גייט

זיך דאָ צונויף ניט נאָר אין געדאַנק, נאָר אויך אַפילו אין די ווערטער מיט דעם קינסטלער פּרץ.

האָט דאָך פּרץ שוין לאַנג, לאַנג צוריק געלאָזט זיין לאה׳ן זאָגן:

און שניי איז קאַלט, שניי איז טויט!
— — — — — — — — — — — — —
אויב קלאָר, בין איך פאַרפאַלן!
דער לעצטער טראָפּן בוימל
ברענט זיך אויס — אין לאָמפּ.

8.

די אינדיווידועלע מענטשלעכע עקזיסטענץ ווערט איצט מיט אַלץ שטאַרקערע און זעעוודיקערע פעדעם געבונדן מיט דער עקזיסטענץ פון דעם „אַלץ" אין דעם אוניווערס. איין־און־איינציקער גייסט, איין־און־איינציק לעבן, נעמט דורך דעם אינדיווידו און דעם אוניווערס. דער אינדיווידו ווערט אין זיין אינערלעכסטער וועזנטלעכקייט אידענטיפיצירט מיט דער העכסטער קראַפט אין דער וועלט. די דאָזיקע אידענטיפיצירונג איז אָבער ניט קיין פּועל יוצא דערפון, וואָס די איכות פון אינדיווידו ווערט אויף אַן אַנטראָפּאָמאָרפישן אופן אַריבערגעטראָגן אויף דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ, נאָר פאַרקערט, דער אינדיווידו ווערט איינס מיט דעם אַלץ פון דעם וועלט־אַל דערפאַר, וואָס דער נייער געדאַנקען־פלוס לאָזט דעם אוניווערסאַלן גייסט אָפּערירן אויף פאַרשיידענאַרטיקסטע אופנים אין יעדן איינציקן אינדיווידו באַזונדער.

די גאַנצע נאַטור ווערט אויף אַזאַ אופן איינגעשלונגען און אַסימילירט פון מענטשנס גייסט, און דעם מענטשנס גייסט ווערט גאָט׳ס מענטשלעך־געשטאַלטער גייסט.

און וואָס מער דער מענטש קאָן זיך באַטראַכטן ווי אַ פאַרקערפּערונג פון דער אַלערלעצטער און אַבסאָלוטער קראַפט; וואָס שטאַרקער ער קאָן אין זיך פילן אַן אינדיווידואַליזירונג פון אוניווערסאַלן גייסט, אַלץ מיט מער זעלבסטקייט, מיט מער ווערט און ווערדע קאָן אָנגעפילט ווערן דער באַגריף „מענטש".

וואָס מער דער מענטש קאָן מיט פּרצס זינדיקן אין „אין פּאַליש

אויף דער קייט״ אויסשרייען:

אַזוי אַן קראַפּט,
און צו דער העכסטער קראַפּט
אַזוי ענלעדן!

אַלץ מיט מער זין און אינהאַלט פּילט זיך אַן דאָס לעבן פון איינצעלנעם.

דער דאַזיקער באַגריף באַפרייט דעם מענטשן פון יעדער צוגע־בונדקייט, רייסט אויס מיט די וואָרצלען יעדע גולמדיקייט, גיט אַ זין יעדער עקשנות און יעדן קאַמף זיינעם. זיין האָפן און זיין ליידן, זיין וועלן און זיין שטרעבן טראָגן מיט זיך אַ מיין און באַטייט. אויף דער פראַגע: ווער ראַטעוועט די וועלט? וועלן די תנחומס אין דער נאָענטער צוקונפט קאָנען ענטפערן, — און ניט נאָר אין עקסטאַז פון משוגעת. נאָר אין עקסטאַז פון אַ פּשוטן אינטואיטיוון באַנעם פון דער וועלט — איך ראַטעוווע די וועלט. יאָ. איך ראַטעווע די וועלט צו יעדער צייט, ווען איך וואַרף מיך אַריין מיט לייב און לעבן אין קאַמף פאַר איר רעטונג. מחמת יעדער איינער אַריינוואַרף אַזעלכער מאַכט די וועלט אַנדערש, מאַכט זי נייער, גיט איר אַנאַנדער ריכטונג, אַנאַנדער אויס־זען, און גיט מיר אַן אַבסאָלוטע גליקזעליקייט.

ניט געווען איז אַזאַ צייט, ווען די וועלט האָט זיך אין קיין רעטונג ניט גענויטיקט, און ניט קומען וועט אַזאַ צייט, ווען די וועלט וועט בלייבן שטיין אינגאַנצן אַ געראַטעוועטע. אין יעדן מאָמענט ווערט די וועלט געראַטעוועט און פאַלט אַריין פון־דאָס־ניי אין אַ צושטאַנד פון רעטונגס־נויט. דער מענטש וועט אַלע מאָל האָבן פאַר זיך דעם אידעאַל צו ראַטעווען די וועלט, צו ענדערן און שאַפן זי פון דאָס ניי.

נאָך מיט צענדליקער יאָרן צוריק האָט פּרץ געלאָזט אַרויסזיפצן פון דער טיפעניש פון אַ זילבער־און־גאָלד שטראַלנדיק שטערנדל: „דערווידער איז געוואָרן דעם מענטשן דער איינמאָל־פאַר־אַלע מאָל אָפּגעשטעלטער וועג, די איין־מאָל פאַר־אַלע־מאָל אויסגעמאָסטענע צייט!״

אייביק, אייביק, קלאָגט זיך דאָס שטענדעל; „אייביק דער זעלבער וועג, די זעלבע ליניעס!״

די לבנה טרייסט דאָס שטערנדל דערמיט, וואָס זי דערמאָנט אים אין דער גרויסער און וויכטיקער אַרבעט פון ברענגען ליכט אויף דער וועלט.

„מיר לייכטן" — טענהט די לבנה. ענטפערט אָבער דאָס שטערנ־דעל: „דאָס אַלטע ליד, מיר לייכטן פאַר די, וואָס זיינען אונטן, און טרייסטן זיך מיט אונדזער ליכט... מיר זיינען וועגווייזער פאַר די, וואָס בלאָנדזשען אין סטעפּעס אָדער פאַרטרויען זיך דעם ים... אָבער מיר פאַר זיך אַליין? מיר לייכטן און אונדזערע אייגענע נשמות זיינען פאַרשלייערט, איינגעהילט אין שאָטנס... אַנדערע זעען ביי אונדזער ליכט, און מיר אַליין ווערן ווי בלינדע שאָף געטריבן! און מען טאָר זיך ניט אָפּשטעלן, ניט פאַרהאַלטן זיך אַ ווײַלע און אַ קלער טאָן: צו וואָס? און ניט לאַנגזאַמער גיין און ניט געשווינדער... אַן־איינמאָל־פאַר־אַלע־מאָל אָבגעשטעלטער וועג, אַן איינמאָל־פאַר־אַלע־מאָל אויס־געמאָסטענע צייט! טאָרסט־קיינעם ניט אָפּוואַרטן, קיינעם ניט דעריאָגן, צו קיינעם ניט ווענדן אויף דיין וועג".

„ניין, מאַמע!" שרייט אויס דאָס שטערנדל צו דער לבנה — „אַראָפּ, אַראָפּ וויל איך! ליידן וויל איך, אייביק וויל איך, אייביק ליידן, נאָר וויסן, אַז דאָס זיינע די יסורים, וואָס איך אַליין האָב אויף מיר גענומען, מיינע יסורים! מיין ווילן איז געשען!"

דער דאָזיקער דראַנג אין מענטשן צו דעם, אַז מיין ווילן זאָל געשען, ברענגט אַרויס אויפן האָריזאָנט פון מענטשלעכן דענקען די שעפערישע עוואָלוציע — דעם באַגריף פון אַ וועלט, וואָס האַלט שטענדיק אין ווערן, פון אַ וועלט וואָס דויערט, וואָס שאַפט זיך; פון אַ וועלט וואָס אין איר איז דאָס נייע ניט אַן אַרויסוויקלונג פון אַלטן, נאָר אַן אַרויסזעצונג, אַ ספּאָנטאַנער אָנקום פון עפּעס, וואָס איז פריער ניט געווען.

„מיר זוכן", זאָגט בערגסאָן, „די פּינקטלעכע באַדייטונג, וואָס אונדזער באַוווסטזיין גיט צום וואָרט „עקזיסטענץ", און מיר געפינען, אַז פאַר אַ באַוווסטזיניקן וועזן צו עקזיסטירן, מיינט זיך צו ענדערן, זיך צו ענדערן מיינט רייף צו ווערן; רייף צו ווערן, הייסט אָנצוגיין מיט באַשאַפן פון זיך גופא אויף אַן אומאויפהערלעכן אופן".

דער אידעאַליזם פּילט אָן די וועלט מיט דינאַמיק, מיט שאַפנ־דיקער קראַפט און פעאיקייט אַרויסצוברענגען נייע ווירקלעכקייטן.

„די אַרבעט פון דעם גייסט", זאָגט קראָטשע, „איז ניט געענדיקט און וועט קיינמאָל ניט זיין געענדיקט. אונזער גאַרן נאָך עטוואָס העכערעס איז ניט אומזיסט. דאָס גאַרן גופא, די אומענדלעכקייט פון אונזער באַגער איז אַ באַוויז אויף דעם, אַז עס איז פאַראַן העכערעס,

און אַ באַשטענדיקער פּאָרטשריט צו דעם אַלץ העכערן און העכערן.
די פּלאַנץ חלומט וועגן דער חיה, די חיה וועגן דעם מענטשן און דער מענטש וועגן דעם איבערמענטשן.

צו דער ממשלה פון נייעווירקלעכקייטן, ווו עס וועט ניט זיין קיין אָרט פאַר קיין גולמס און גולמדיקייט, צו דער ממשלה, ווו עס וועט הערשן דער ווילן צו פרייהייט, די קראַפט פון אינדיווידואַליטעט און פּערזענלעכקייט, — אַהין דאַרף תנחומס רייטוואָגן געטריבן ווערן.

אין דער דאָזיקער ריכטונג וועט די קונסט מוזן וועבן תנחומען ווייטער און ווייטער...

און די קונסט וועט עס טאָן אַזוי שנעל ווי זי וועט דורכגענומען ווערן מיטן דראַנג אַריינצוּוועבן די גאַנצע נאַטור אין דעם מענטשלעכן זעלבסט, און דעם מענטשלעכן זעלבסט גופא אין דעם אוניווערסאַלן זעלבסט, וואָס טראָגט זיך איבער און אומענדלעך אויף די פליגלען פון דויער צו אַ זיך קיינמאָל־ניט־אויסשעפּנדיקער פולקאָמענהייט.

וואָס מער די פילאָסאָפיע, ווידער, וועט גיין אין דער ריכטונג פון צו זען אין דער אַלערלעצטער קראַפט אַ זעלבסט אין דער וועלט; וואָס מער זי וועט אַליין און אויך אַנדערע צווייגן פון מענטשלעכער דערקענטניש צווינגען אַרויסצודרינגען די אידעאַלסטע מענטשלעכע שייכותן פון דעם דאָזיקן סינטעז, אַלץ טיפער און ברייטער וועט ווערן די ממשלה פון איבערמענטשלעכקייט, און מיט אַן אַלץ שנעלערן טעמפּאָ וועט תנחומס רייטוואָגן אַהין געטריבן ווערן.

פריער אָדער שפּעטער וועלן אַלע — פילאָסאָף, קינסטלער, וויסנ־שאַפטלער און סתם־מענטש, דערשפּירן די טריט פון דעם זעלבסט־פון־אַלע־זעלבסטן, ווי דאָס האָט שוין דערהערט דער אינדישער פּאָעט טאַגאָר.

טאַגאָר פרעגט:

האָסטו ניט געהערט זיינע שווינגנדיקע טריט?

און פאַר זיך אַליין ענטפערט ער:

ער קומט, ער קומט, צו יעדער צייט קומט ער;
יעדן מאָמענט און יעדן דור, יעדן טאָג און יעדע נאַכט.
ער קומט, ער קומט, צו יעדער צייט קומט ער;
פילע געזאַנגען האָב איך געזונגען און פילע שטימונגען פון גייסט, אָבער אַלע זייערע טענער פּראָקלאַמירן:

ער קומט, ער קומט, צו יעדער צייט קומט ער.
אין די שרעקנדיקע טעג פון דעם זוניקן אַפּריל
דורך די וואַלד שטעג, ער קומט, ער קומט,
צו יעדער צייט קומט ער.
אין דער רעגנדיקער דונקלהייט פון די יולי נעכט,
ער קומט, ער קומט, צו יעדער צייט קומט ער!
אויף אַ דונערדיקן רייטוואָגן פון וואָלקנס,
אין לייד נאָך לייד עס זיינען זיינע טריט,
וואָס דריקן אויף מיין האַרץ,
און עס איז דער גאָלדענער ריר פון זיינע פיס,
וואָס מאַכט מיין פרייד צו שיינען.

עס וועט קומען אַ צייט, ווען מענטש וועט דערפילן, אַז אונזער איך מוז זיין איינגעשלאָסן אין אַ גרעסערן איך, פונקט ווי אונזער וועלט, די וועלט, וואָס ווערט געפאַנגען פון רוים און צייט, מוז זיין איינגע־שלאָסן אין אַ וועלט, וואָס איז פריי פון רוים און צייט, פריי פון אַלע געזעצן, פריי פון אַלע מענטשלעך באַגרייפלעכע אוממעגלעכקייטן.

דאָס איז די צייט, ווען תנחומס רייטוואָגן וועט מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ זיך טראָגן אין דער ממשלה פון איבערמענטש־לעכקייט, אין די הויכקייטן פון אַבסאָלוטע ווערטן.

דער גלויבן אין אַן איבערמענטשלעכער עקזיסטענץ איז דאָך אייגנטלעך דער עסענץ פון מענטשלעכקייט. וואָס דער מענטש איז געוועזן איידער ער איז מענטש געוואָרן, ווייסן מיר נאָך אַלץ ניט. די וויסנשאַפטס וועלט איז דאָך מיט דעם דאַרוויניזם נאָך ניט פאַרטיק, און די שאַרפקייט פון די ויכוחים אין דעם ענין דערלויבט ניט צו מאַכן קיינע השערות מכח דעם לעצטן וואָרט פון דער וויסנשאַפט אין דער דאָזיקער פראַגע. וואָס מיר ווייסן איצט יאָ איז, אַז עס איז נאָך ניט געפונען געוואָרן קיין מענטשלעכע געמיינדע, וואָס זאָל ניט פאַרמאָגן אין זיך קיין נצוץ פון רעליגיעזיטעט. דער געפיל פון זיכערקייט, אַז אויף אַזאַ אָדער אַנ׳אַנדער אופן ריגלט אונדז אַרום אַ העכערע און טיפערע עקזיסטענץ, וועלכע טראָגט אין זיך אַבסאָלוטע ווערטן, האָט אַלעמאָל אויף אַזאַ אָדער אַנ׳אַנדער אופן באַהערשט דעם מענטשן. דער דאָזיקער געפיל איז די רעליגיעזיטעט, וואָס פון איר האָבן אַרויסגע־שלאָגן אַלערליי רעליגיעס. זי איז דער אינהאַלט פון אַלערליי רעליגיעזע פאָרמען און געשטאַלטונגען.

אין דער פאַרטיפונג פון דער רעליגיעזיטעט און אין דעם ברייַ־גען אַלץ אַ שטאַרקערע פאַרבינדונג צווישן איר און אַלע אַנדערע אויסדרוקן פון דער מענטשלעכער נשמה, ליגט אפשר דער ענטפער צו תנחומס פראַגע:

ווער וועט ראַטעווען די וועלט?

תנחום מאַטערט זיך צו וויסן, ווער דער גולם איז. ער זוכט עמיצן, ווער עס זאָל ראַטעווען די וועלט. עס מוז דאָך עמיצער זיין, ווער עס זאָל זי ראַטעווען. דאָס איז תנחומס שטענדיקע טענה:

אַז אַלע זיינען אויסגעשטאָרבן<br>
דאַרף איינער דאָך פאַרבלייבן...

און ער פרעגט דעם גולם:

ווער ביסטו, זאָג, ווער ביסטו?<br>
דורך אַלע נעכט, אין טורעמס דאָ פאַרבראַכטע<br>
האָט מיר די פינסטעריש אַנטפּלעקט<br>
די טיפסטע סודות אירע —<br>
ביסטו אויך איינער פון די סודות?

ווען אָבער די האַק אין די הענט פון גולם לאָזט זיך אַראָפּ אויף תנחומס קאָפּ, ווערט קלאָר פאַר אים, אַז דורך גולמס און גולמדיקייט וועט די וועלט קיינמאָל ניט געראַטעוועט ווערן, און תנחום מיט אַ צובלוטיקטן קאָפּ שרייט אויס:

ווער וועט ראַטעווען, האַ?<br>
מיין קאָפּ! מיין קאָפּ!

ניט אין דער האַק פון דעם גולם אַלס אַזעלכע, ניט אין דער ליבע פון קריסטוסן, און ניט אין דער אַסקעטיש־גייסטיקער געלייַ־טערטקייט פון משיחן, זעט תנחום אַ וועלכע עס איז רעטונג פון דער וועלט. ווען די הייל־רוחות זינגען:

מיר, ווי טרייע אונטערטאַנען,<br>
רינגלען אייך אַרום אין מיטן<br>
און פאַרוויילן אייך און היטן<br>
ניט באַלוינט.

איז תנחום דאָרט נישטאָ. תנחומס עקשנותדיקע פראַגע: ווער וועט ראַטעווען די וועלט? ווייזט, אַז אין די טיפענישן פון זיין נשמה שפירט ער, אַז די וועלט מוז און וועט געראַטעוועט ווערן.

תנחום לאָזט זיך דערפאַר ווייטער שפינען, ווייטער מאָלן. ער לאָזט זיך טראָגן ווייטער און העכער אין זיין פייערדיקן רייטוואָגן...

אין מיין פייערדיקן רייטוואָגן טראָג איך זיך
רונד אַרום, רונד אַרום די טורעמס,
יעדן מיטן נאַכט.
אין דעם פייערדיקן רייטוואָגן
ליגט מיין זון —
מיין פסחדיקער זון...

ווער ווייס, מעגלעך אַז לייזוניק אַליין זאָל נאָך אין זיינע שאַפונגען ווערן תנחומן? מעגלעך, אַז ער אַליין זאָל אויפן שטאַרקסטן אופן געבן אויסדרוק צום אָפּטימיזם, וואָס איז פאַרבונדן מיטן באַגריף און געפיל פון פרייער פערזענלעכקייט. מעגלעך אַז פון זיינע ווייטערדיקע שאַפונגען זאָל אַרויסזעצן ווי אַ לאַווע פון אַ וואולקאַן, אַ פלאַמפייערדיקער אחרית־הימימדיקער אָפּטימיזם. אַזאַ אָפּטימיזם וועט זיך דורכרייסן דורך דעם העלד, וואָס וועט דערפילן די שטאַרקייט פון זיין איך, די מעכטיקייט פון זיין זעלבסט.

אַן אויסדרוק צו דעם דאָזיקן געפיל גיט אונדז דער דיכטער א. לוצקי אין זיין ליד: „וויפיל מענטשן דאַרפן לערנען תורה?"... אין זיינע פראַגן און ענטפערס ליגט פאַרבאָרגן אַ טיף פילאָסאָפישער זין.

וויפיל מענטשן אין אַן אומה?
איינער.
ווער דער איינער?
איך.
איך — בין פאָלק ישראל.
וויפיל מענטשן האַלטן אויף אַ לשון?
איינער.
ווער דער איינער?
איך.
איך — האַלט אויף דאָס לשון יידיש.

וויפיל מענטשן דאַרפן לערנען תורה?
איינער.
ווער דער איינער?
איך.
איך לערן וועלט —
אין שפּעט ביינאַכטע שעה'ען
אַריבער אַלע טאָג'ס פאַרלאָזטע טוען,
אַריבער אַלע מענטשן ווען זיי רוען.
די ווייטע פרעמדע הימלדיקע הויכן
פרומען דאָרט אַרונטער און הכנעה'ען
אין גייסטער תורה־ניגון־גאון...
אינם רוים אַרויף
מיט איבערוועלטיקע הנאה'ען
לערנט מיט — דער אוניווערס.

סוף כל סוף וועט מוזן קלאָר ווערן פאַר דער מענטשהייט, אַז גאָט איז נאָך אַלעמען דער סינטעז בלויז, די טראַנסצעדענטאַלע איינהייט פון אַלע זעלבסטן. ער איז דער זעלבסט פון אַלע זעלבסטן. אויף אַזאַ אופן איז מיין זעלבסט אין אים, און ער איז אין מיין זעלבסט. ווען איך, דאַריבער, זאָג: דורך אים, מיינט עס אויך דורך מיר, און ווען איך זאָג: דורך מיר, מיינט עס, במילא, דורך אים.

אויף אַזוי פיל, אַלזאָ, אויף וויפיל מענטש־איך איז אויך גאָט־איך, און אויף וויפיל ער איז ניט אָן מיר, אויף אַזוי פיל קאָן איך זאָגן — די וועלט איז זיינע און אויך מיינע. אין אַלץ וואָס ווערט אויפגעטאָן און וועט ווערן אויפגעטאָן, געשעט זיין ווילן, אָבער אויך מיין ווילן. עס ווערט דורכגעפירט און אויסגעפירט זיין אָנשטריינגונג, זיין קאָנצענטרירונג, זיין פלאַן און זיין פאַרנעם. אין זיין אָנשטריינגונג, אין זיין קאָנצענטרירונג גייט אָבער אויך אַריין, ווי זי שטייט און גייט, אין איר פולסטן זין און באַדייט, מיין אָנשטריינגונג און מיין קאָנצענטרירונג. מיין פלאַן, מיין פאַרנעם איז אַן עלעמענט אין סינטעז פון אַלע אוניווערסאַלע פלענער, פון אַלע אוניווערסאַלע פאַרנעמען, וואָס אין זייער איינהייט שטעלן זיי צונויף גאָטס פלאַן, גאָטס פאַרנעם.

מיט דער צייט וועלן אויפקומען מענטשן, וואָס ווילן אין זיך אַריינ־נעמען די גאַנצע נאַטור. אינאיינעם מיט איר וועלן זיי זיך צונויפגיסן

מיט דעם „אַלץ" פון דער וועלט, און אַלס אַזעלכע דערפילן דעם זין און די ווערט פון זייער אייגענער זעלבסטקייט, און דערשפירן אַ דאַנק דעם אַן אומדערשעפּלעכע פרייד און גליקזעליקייט. אין אַזאַ צייט וועט די קונסט מוזן די דאַזיקע מענטשן פּאַרוואַנדלען אין קינסטלעכע געשטאַלטן.

ציי וועט אַזאַ געשטאַלט דערשיינען אין לייוויקס דיכטונג, ווענדט זיך אַן דעם וויפיל לייוויק אַליין וועט זיך אַלץ מער און מער באַפרייען פון זיין צוגעבונדקייט צו אַ קאַלטער, סטאַטישער וועלט. עס ווענדט זיך אַן דעם אויף וויפיל דער, מיט אימפּעט זיך טראַגנדיקער, פילאָ־סאָפישער פרייהייט און זעלבסטיקייט שטראַם, וועט באַפרייען לייוויקן פון אַט אַ דער געבונדנקייט, וואָס האָט אין אים אַרויסגעדיכט דאָס ליד: „ווער".

לייוויק פרעגט:

ווער האָט מיך אָנגעזעצט ביים טיש,
ווער האָט צו דעם שטול מיך צוגעבונדן?
ווער האָט טיר און פענצטער צוגעמאַכט,
איבער מיר אַ פייער אָנגעצונדן?

מיינע אויגן קוקן אויפן טיש,
מיינע הענט זיי שפּאַרן אָן מיין שטערן —
קאָנען מיינע אויגן דיך דערזען?
קאָן מיין אויער דיינע רייד דערהערן?

און לייוויק ענטפערט:

גאָרניט קאָנען מיינע אויגן זען
און מיין אויער קאָן דיך ניט דערהערן
טיש און שטול און וואַנט און שויב
איבער מיר געוועלטיקער זיי ווערן.

האָט דער טיש מיך צוגעשמידט צו זיך,
האָט דער שטול צו זיך מיך צוגעבונדן...
ניט פון קיינעם נאָר פון זיך אַליין
האָט זיך איבער מיר אַ פייער אָנגעצונדן...

אָבער ניט נאָר איבער אים, נאָר אויך אין אים ברענט אַ פייער.

דאָס איז דער פּייער, וואָס לאָזט אים ניט פאַרגליווערט ווערן אין זיין צוגעבונדקייט, אין וועלכער דער דעטערמיניזם, פּרעדעטערמיניזם און פאַטאַליזם האָבן אים אַמאָל אַריינגעוואָרפן. אין דעם ברען פון דעם דאָזיקן פּייער קלאַפּט ער אין די טויערן פון די הימלען און שרייט:

עפנט זיך אויף פאַר מיר, טויערן פון הימלען,
טויערן פון הימלען, עפנט זיך אויף פאַר מיר,
אַז ניט וועל איך זיך אויסציען אויף אייער שוועל,
און עס וועט זיין — איך וויס ניט וואָס עס וועט זיין
מיט מיר און מיט אייך, טויערן פון הימלען.

. . . . . . . . . . . . . . .

אָט אַזוי מיט אַמאָל,
און אָט אַזוי, מיט אַמאָל,
זאָלט איר זיך עפענען פאַר מיר, טויערן פון הימלען,
און עס זאָל זיין — איך וויס ניט וואָס עס וועט זיין
מיט מיר און מיט אייך, טויערן פון הימלען.

פון די אָפּגרונטן פון זיין נשמה וועט לייוויק זיכער אַמאָל דער־הערן די שטים, וואָס פון איר קלינגען אַרויס די ווערטער: ניט וויכטיק, בן אדם, איז דאָס וואָס עס וועט זיין, וויכטיק איז דאָס וואָס עס איז; מחמת אין יעדער רגע, ווען אונדזער זעלבסט קומט צו זיין פולסטן אויסדרוק, קומט דעמאָלט צו איר פולסטער פאַרווירקלעכונג די אייבי־קייט אין איר אַבסאָלוטקייט; אין יעדער רגע, אין יעדן הרף־עין ווערט אַ צוקונפט איינגעזאַפּט אין דער אומענדלעכער פאַרגאַנגענהייט, און געבוירן ווערט אין דעם זעלבן מאָמענט אַ נייע געשפּאַנטקייט פאַרן באַשאַף פון אַ נייער צוקונפט. יעדער מאָמענט פון דיין זיין און ווערן איז אַ שניט אין דער מיט פון דעם אוניווערסאַלן זיין און ווערן. ער טראָגט אויך צו אויף אַזאַ אופן זיין חלק צום אוניווערסאַלן זיין און באַדייט. דיין פרייד און דיין לייד, דיין זינד און דיין טוגנט, דיין האַרציקער קאַמף פאַר דער שטייגערונג פון דער פרייד איבער דער לייד, פון דעם גוטן איבער דעם שלעכטן, איז אַ נויטווענדיקער און אָרגאַנישער טייל פון דעם אַלץ וואָס שטעלט צונויף דעם אוניווערסאַלן זעלבסט. עס איז ניט קיין קאַמף סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר דאָס איז אַ קאַמף, וואָס האָט ערגעץ־ווו ווען־עס־איז אַ ווערט און ממשות. עס איז אַ מאָמענטאַלער קאַמף וואָס האָט אַ באַשטענדיקע דויערהאַפ־

**טיקייט, און דערפאַר אַן אייביקן זין און ווערט.**

**אין מאָמענט ווען לייוויק וועט דערהערן די דאָזיקע שטים, וועט ער אַליין מיט זיינע אייגענע כחות (טראָגן ביז גאָר הויכע גראַדן די אַנטוויקלונג פון תנחומען און אויסדיכטן נייע אינהאַלטן פאַר תנחום׳ס רייטוואָגן.**

**אַן אַנזאָג אויף נייערע און שווונגפולערע תנחום־געשטאַלטונגען איז לייוויקס ליד „דאָרט ווו איך בין נאָך נישטאָ" — דאָרט ווו ער איז נאָך ניטאָ איז שוין פאַראַן די נייע תנחום געשטאַלט, די געשטאַלט פון מענטש, אַן ארויסגעשטראַלטער און באַהעפטער מיט דער אַלוועלט־לעכער, אַלהעכסטער גייסטיקער קראַפט. און עס באַקומט זיך פון לייוויקס ליד דער איינדרוק, אַז זי, די דאָזיקע געשטאַלט מאָנט ביי אים אַ קינסטלערישן תקון. זי פאָדערט פון דיכטער, אַז ער זאָל זיך אָפטער אַראָפּלאָזן אין די תהומען פון זיין אייגענער נשמה, און, אַליין אַן אַנדערש־געשטאַלטער, זאָל פאַרנעמען אַ נייעם רוף פון די ווייטן און הויכן:**

אין מינוט אין יעדער נאַכט
זע איך זיך אין מיין געשטאַלט

. . . . . . . . . . .

עס קלינגט מיר נאַכט נאָך נאַכט
אַ באַפעלנדיקער קול;
אין דיין גרויסן ווייסן קלייד
טו זיך אָן אויף אַלע מאָל . . .

און דערווײַלע גייט די צייט
אין דער זייט פון מיינע טעג;
ברייט צעעפנט איז מיין אויג —
איך דערזע דעם ווייטסטן וועג.

ס׳איז מיין אויער אָנגעשטריינגט,
איך דערהער דעם שטילסטן רוף!
דאָרט ווו איך בין נאָך ניטאָ,
גייט הערוויל מיין שטערן אויף.
יעדער שטערן, וואָס גייט אויף
וועט דערנענטערן די שעה . . .

**און אויף דער דערנענטערונג פון דער דאָזיקער שעה גיבן**

**האָפנונג די פּאָלגנדיקע שורהס אין בוך „לידער":**

„דאָס שטאָמיקע אין מיר — געזאָנג פון אוראַלטער ביינער ווייסע
כ׳בין אַריינגעכשופט אין דער ביינערדיקער ווייסקייט.
קלענער פונם קלענסטן בין איך, אָבער עלטער — אייביק
היימיש מיטן האַר פון סודות׳דיקן לעבן.
ווו איז ער, דער אָנהויבער מיינער, וואָס איך האָב אָנגעהויבן?
ווו וועט זיין דער סוף מיינער, וואָס איך וועל ענדיקן?
מיינע אויגן בלאָנדזשען גאָר אַרום איבער העססטער פּאַרק
און דאָס האַרץ ווערט אויפגעגאַנגען אין גרויס ליכט."

וואָס היימישער מיטן בורא עולם, וואָס מער אויפגאַנג פון האַרץ אין גרויס ליכטיקייט, אַלץ זיכערער דער אויפקום און נענטער דער אנקום אַהין, ווו מען איז נאָך ניטאָ און וווהין מען ווערט אין דער שטיל געצויגן. דאָרט אַנטפּלעקט זיך די גרויסקייט פונם אַלמעכטיקנס ווערק און די טיפקייט פון זיינע מחשבותן, וואָס ווערן באַזונגען אינם מזמור שיר ליום השבת — „מה גדלו מעשיך יהוה, מאד עמקו מחשבותיך!"

אין די מאָמענטן פון אַזעלכע אַנטפּלעקונגען קומען צום אויסדרוק אַזעלכע שורות אין די שפּעטערדיקע לידער ווי:

„מער ניט קיין געוויין, מער ניט קיין געקלאָנג,
אַלץ איז ווידער אויסגעגלייכט אויף פלאַך
מיט אַ גלייכעניש אַזאַ —
און געווען איז נאַכט און געווען איז טאָג,
און ס׳וועט ווייטער כסדר זיין אין יעדער זאַך
מיט אַ געטלעכקייט אַזאַ. —
לאַך, ישראל, לאַך,
שמע ישראל, שמע!

נאָר אין אַנטפּלעקונגס מאָמענטן קאָן געזונגען ווערן אַ דאַנק פאַר דעם

וואָס אונטער בערג פון ענקערשע דעקרעטן
נאָך צאַפּלט זיך דער טרוים פון אמתע פּאָעטן;
דער מענטש וועט ליכטיק זיין, ווי גאָט׳ס געדאַנק.

נאָר ווען דאָס האַרץ פון דיכטער גייט אויף אין גרויס ליכט,

וואָס איז ענלעך צו גאָט׳ס געדאַנק, קאָן ער דערהערן דעם מהר״מס ענטפער צו זיין וועכטער אין תפיסה:

דיין וועכטער־מוח וועט אודאי ניט באַנעמען
אַן אייביקייט אַן אָפענע דורך אַלע טירן
אַן אָנגעצונדענע מיט ליכט פון בורא עולם,
דורך וועלכע אַלע דורות — אַלע לעבנס —
פון נעכטן און פון היינט און אויך פון מאָרגן
באַגעגענען זיך . . .

צו אַן אָפענער, מיט ליכט אָנגעצונדענער אייביקייט וועט תנחומס פייערדיקער רייטוואָגן געטריבן ווערן, און אַלץ טיפערע, פעסטערע און דערהויבענערע תנחום געשטאַלטן וועלן נאָך געשאַפן ווערן אפשר פון לייוויקן אַליין, און זיכער פון די דיכטער־דענקער, וואָס וועלן קומען נאָך אים.

דער דאָזיקער „וועט״ שפּראָצט אַרויס פון דעם פאָלקס־געזאַנג ביי דער הייליקער סעודה אין לייוויקס „גאולה קאָמעדיע״:

פאָלק (און כאָר באַגלייט פון קאַפּעליעס):

ווי אָוונט־זון — גאולה־וויין,
ער גייט אין בלוט אַריין,
הויבט הויך דעם בעכער,
הויבט אויף דאָס קול נאָך העכער.
. . . . . . . . . . . .
אַן אָפענע די גאַנצע ערד, —
אויס גרענעצן, אויס — שווערד,
אויס אָרים — רייך; מיר גלויבן
איין מענטש, דער מענטש דערהויבן,
מענטש פון מזרח,
מענטש פון מערב,
מענטש פון צפון —
מענטש פון דרום,
די טויטע וועלן אויפשטיין פון די קברים.

## טייל 2.

# דער סאָציאַל פילאָסאָפישער זין פון "גולם"

מהר"ל: א, וואָס האָסטו געטאָן? צי ווייסטו? זאָג.

גולם: פאַרגאָסן בלוט.

מהר"ל: צי ווייסטו וועמענס בלוט דו האָסט פאַרגאָסן?

גולם: אידיש בלוט.

מהר"ל: (פאַלט צו מיטן פנים צום עמוד, ווו עס ברענען שבת־ליכט)
אויף מיין קאָפּ פאַלט דאָס בלוט, אויף מיין קאָפּ...

. . . . . . . . . . . .

איך האָב געוואָלט פאַרמיידן בלוט, און בלוט פאַרגאָסן;

און אויף דער האַק האָב איך זיך פאַרגעסן.

. . . . . . . . . . . .

א, וואָס וועט איצטער זיין!

גולם: וועסט זיין מיט מיר.

מהר"ל: און איך וועל בלייבן דאָ מיט דיר, מיט דיר...
אט וועלן באַלד די ליכט זיך אויסלעשן,
וועט ווערן פינסטער — וועלן מיר צוזאַמען
אַזוי זיצן. דו — מיט דיין פאַרבלוטיקט האַק,

און איך... (זינקט אַרונטער ניט פאַרענדיקנדיק זיינע ווערטער).

גאר נישט ווייט, אלזא, האט עס געהאַלטן דערפון, אז עס זאל איינגאַנצן פינצטער ווערן, און דער וואס האט געדענקט איבער דער

פויסט צו געוועלטיקן, זאָל אַליין אונטער דער שליטה פון דער פויסט אַרונטערפאַלן. שיעור, שיעור איז עס געקומען דערצו, אַז דער וואָס האָט אַריינגעבלאָזן אַ נשמה אין אַ פרעמדן גוף, זאָל אַליין באַווירקט ווערן פון דער גופידיקייט פון פרעמדן גוף, וועלכער האָט געזאָלט אויסגענוצט ווערן ווי אַ מיטל פאַר אַ הייליקן צוועק. ערשט ווען דער מהר״ל דערזעט זיין טאָכטער אַן איינגעקלאַמערטע אין די ארמס פון גולם, רייסט ער זיך אַרויס מיט אַ צוריקגערופענער קראַפט פון גולם־צושטאַנד.

און דאָ ווערט פאַר אונדז געשטעלט אין זיין גאַנצער שאַרף און טיף די אַלטע אָבער שטענדיק נייע פּראָבלעם פון דער ראָל פון פיזישער מאַכט אין קאַמף און אין ווידערשטאַנד.

פון ערשטן מאָמענט אָן, ווען דער מהר״ל האָט פאַרטראַכט דעם באַשאַף פון אַ גולם, וואָס זאָל געבן אַ נייעם ענטפער אויף דעם אַלטן בלוט־בלבול, האָבן זיך אין זיין נשמה פאַרזעצט אָן אַ שיעור ספקות וועגן דער ווירקזאַמקייט און באַרעכטיקונג פון פויסט. קיין איין מינוט רו האָבן אים די דאָזיקע טיף־שניידנדיקע ספקות ניט געגעבן. זיין פאַרטראַכטער פּנים עפנט פאַר אים איינצייטיק אי קוואַלן פון פרייד, אי קוואַלן פון לייד. זיין נשמה וואַרפט זיך הין־און־צוריק צווישן אַ טיפן עגמת־נפש און אַ שטאַרקן נחת־רוח.

אָט פרייט זיך דער מהר״ל דערמיט, וואָס „די גרויסע שעה פון ווונדער קומט צוזאַמען מיטן טאָג״, און ער זאָגט:

און אַז איך קוק אויף אָט דעם גרויסן גוף,
וואָס מיינע פינגער האָבן אויסגעקנאַטן און באַהעפט,
שוין זע איך ווי עס שפּאַנט אַהער זיין שאָטן,
דער שאָטן פון אַ לעבעדיקן שוין...

און אַ ווײַלע שפּעטער פרעגט שוין דער מהר״ל:

ווער איז דורכגעפלויגן מיר פאַרביי די אויגן,
מיט עפּעס שטעכעדיקעס אָנגערירט מיין שטערן,
מיט עפּעס גרילצענדעס געשריען מיר אין אויער?

און באַלד ווידער שרייט ער אויס:

...א, שטאַרק מיך, בורא עולם.
איך האָב אין מיטן פון מיין האפערדיקער פרייד

דערזען אַ צווייטן שאָטן פון דעם גרויסן גוף...

די געשטאַלט פון גולם וואַקסט אויס פאַרן מהר״לס אויגן, און זאָגט צו אים קלאָר און שאַרף:

איך בין געקומען וואָרענען דיך:
באַשאַף מיך ניט ;
ניט נעם מיך פון מיין רואיקייט אַוועק.
איך זאָג דיר נאָך אַמאָל און וואָרן דיך:
באַשאַף מיך ניט.

דאָס איז די שווערסטע רגע פאַרן מהר״ל; ער בעט גאָט, אַז אין דער דאָזיקער רגע זאָל ער אים העלפן אין זיינע וואַקלענישן. אויף דער טענה פון דער געשטאַלט: פאַרוואָס ער האָט זי אַ גאַנצע נאַכט געקנאָטן און געפורעמט מיט קאַלטקייט און רציחה, ענטפערט דער מהר״ל, אַז גאָט האָט אים געשיקט, ער זאָל זי קנעטן, און זי אָפּטיילן פון שטיינערדיקן באָדן, און מיטן ערשטן שיין, וואָס ציִנדט זיך אָן אין הימל, אַריינבלאָזן אין איר אַ לעבעדיקן אָטעם.

דו וועסט באַשאַפן ניט אַזוי זיך לעבן,
נאָר גרויסע וווּנדער טאָן, באַהאַלטן און פאַרבאָרגן!

אָבער ניט גאַנץ זיכער, זעט אויס, איז דער מהר״ל אין דער קאַטעגאָרישקייט פון דעם דאָזיקן באַפעל פון גאָט. דער שרעק און דער צווייפל צערייסן זיין נשמה אויף צווייען. נאָכדעם ווי די געשטאַלט ווערט צעפלאָסן אין דער פינצטערניש, רעדט דער מהר״ל צו זיך אַליין וועגן דער פינצטערניש. שרעק און טרויער, פּיין און איינזאַמקייט גנבה׳נען זיך אַריין אין זיין נשמה אין די מאָמענטן, ווען ער שאַפט אַ פיזישע קראַפט, וועלכע דאַרף ווערן אַ מיטל פאַר דער דורכפירונג פון באמת גרויסע און הייליקע צילן.

מיט אָט־דעם געדאַנק און פּלאַן צו שאַפן אַ ריין פיזישע געשטאַלט, וואָס זאָל אויף אַ קאַלטבלוטיקן אופן ברוטאַל קעמפן פאַר דעם, וואָס איז שיין, גערעכט און דערהויבן, קומט איינצייטיק אויף דער געפיל, אַז אַן אויסגעטיילטע און אָפּגעזונדערטע ברוטאַליטעט, וואָס זאָל ווי אַ מיטל אַרבעטן פאַר העכערע צילן, קאָן ניט פירן צו קיין גוטעס. אין אַ צו נאָענטער חבר׳שאַפט מיטן בער, איז פאַראַן אַלע מאָל די

געפאַר, אַז דער מענטש זאָל ווערן גיכער בעריש, איידער דער בער זאָל ווערן מענטשלעך. עס דראָעט אַלעמאָל די געפאַר, אַז דער שלעכטער מיטל זאָל צו קיין אַנדער זאַך ווי שלעכטס ניט פירן.

אין די ווערטער, אין וועלכע יצחק, דעם מהר״לס תלמיד, גיט איבער זיין חלום צום רבין, פילן מיר די שפּירונגען און זעאונגען וואָס לאָזן ניט רוען די נשמה פון מהר״ל. אין די דאָזיקע ווערטער קומען צום אויסדרוק די פאַרגעפילן, וואָס לאָזן ניט דעם מהר״ל באַוועלטיקט צו ווערן פון אַ פעסטער איבערצייגונג מכח דעם מענטשנס שייכות צו דער פויסט און צו דער האַק—סימבאָלן פון פיזישער מאַכט.

> אַזוי פיל צייכנס! אַזוי פיל שלעכטע צייכנס.
> צי וועט קיין איינציק שטראַל ניט דורכשניידן דורך זיי?
> דורך אַלע וועגן פיר מיך, דורך אַלע וועגן,
> נאָר זאָל דורך אַלץ, וואָס איז פאַר מיר פאַרשטעלט,
> זיך דורכרייסן דער איין און איינציק שיין פאַר מיר...

דער שיין רייסט זיך ניט דורך, דער פאַרגעפיל אָבער, אַז שלעכטע צייטן קומען אָן און מיט זיי אויך די גרויסע צייטן, טרייבט דעם מהר״ל אָנצוגיין מיט דער אַרבעט צו באַשאַפן דעם, וואָס זאָל אויפהויבן די גאַנצע האַנט מיט אַלע פינגער אויף די, וואָס הערן ניט אויף אונדז צו מאַטערן און צו פלאָגן.

דער גולם קומט צום לעבן.

דער מהר״ל זעט קלאָר און דייטלעך די גאַנצע געפאַר, די גאַנצע שרעק און פיין, וואָס זיינען איינגעוועבט אין דער גולם׳דיקער געשטאַלט פון דער פיזישער מאַכט; דאָך באַשליסט ער צו שטעלן דעם גולם אין דינסט פון זיין דערהויבענעם צוועק. דער ענטפער אויף דער פראַגע: פאַרוואָס ער טוט אַזוי? אַנטפּלעקט זיך צו אונדז אין די „אַנטפּלעקונגען״ — אין שענסטן און שטאַרקסטן בילד פון דער דראַמאַטישער פּאָעמע.

צווישן די פילע אַנדערע זאַכן, וואָס דער גולם האָט געזען אין חלום, האָט ער אויך געזען דעם מהר״ל. און ווי האָט דער מהר״ל אויסגעזען צום גולם אין חלום, דאָס הייסט, אין דעם מאָמענט, ווען ער, דער גולם, ווערט אַרומגעכאַפּט פון דער ליכטיקייט פון דעם אינו־נראה? אָט ווי דער גולם דערציילט וועגן דעם:

> דו ביסט געווען אינגאַנצן נאַס, דערפרוירן,
> די קליידער צוגעקלעפּט צום לייב, די באָרד צעפלאָסן,

די הענט אָפּגענומענע — געבאַמבלט זיך אין אַלע זייטן,
און דאָ, ווו ס׳האָט באַדאַרפט דיין פּנים זיין—צוויי גרויסע שניטן:
איין שניט פון שטערן ביז אַראָפּ, דער צווייטער אין דער ברייט,
אוןביידע האָבן זיי געגליט ווי רויטע פלאַמען,
געגליט, פאַרלאָשן זיך, געוואָרן שוואַרץ...
דו ביסט געפאַלן אויף די קני פאַר מיר, גענומען וויינען:
אָ, ראַטעווע מיך, יאָסל, פון די שניטן,
איך טראָג זיי אויף מיין פּנים שוין פון טויזנט יאָרן,
זיי ווערן קיינמאָל ניט פאַרצויגן מיט קיין הויט...

די דאָזיקע שניטן, וועלכע דער מהר״ל האָט מיט אַמאָל אַזוי שטאַרק דערפילט אויף זיין פּנים, שניטן, וואָס ווערן קיינמאָל ניט פאַר־צויגן מיט קיין הויט, און וואָס צעגליען זיך מיט אַמאָל ווי רויטע פלאַמען, האָבן געטריבן דעם מהר״ל צו גלויבן, אַז אויב ניט קיין אַנדער זאַך, מוז די שווערד אין די הענט פון דעם גולם ברענגען די רעטונג. דורך דער שוואַרצקייט מוז זיך דאָס ליכט אַנטפּלעקן.
דער מהר״ל זאָגט צו זיך אַליין:

סכנות גרויסע לויערן אויף אונדז.
זיי קומען אָן, זיי שטייען שוין אַהינטער אונדז.
דו עפנסט מיר די אויגן און איך זע זיי:
בלבולים, בלוט און פייער און — פאַרניכטונג.
איך וויים, צוזאַמען מיטן אומגליק קומט די רעטונג, אויף
דער שווערד ווערט אויך די טרייסט געבראַכט, און אין דעם
שוואַרצן פלאַם באַהאַלטן ליגט די ליכטיקייט פאַר אונדז.

דער מהר״ל האָט דערפילט, אַז ניט נאָר איז גרויס און הייליק דער צער, נאָר, אַז גרויס און הייליק איז אויך דער מאָמענט פון אומ־געדולד, דער מאָמענט פון נאָך גרעסערער עקשנות, ווען מען מוז אויפהויבן די גאַנצע האַנט מיט אַלע פינגער. דאָס איז דער מאָמענט, ווען מען מוז רופן דעם גולם יאָסל צו הילף, דער מאָמענט, ווען מען מוז פאַרגעטערן און הייליק האַלטן די פיזישע מאַכט.

דער מהר״ל הויבט אָן צו באַטראַכטן די פיזישע מאַכט ווי אַן אויסדרוק פון דעם וועלט גייסט, אַ נצוץ פון דער געטלעכקייט. עס הויבט זיך אים אָן צו דוכטן, אַז די אמת׳ע געשטאַלט פון דעם גולם,

דער סימבאָל פון דער פיזישער מאַכט, איז גאָרנישט אַזוי עקלהפאַטיק; ערגעץ ווו מוז פון אים, פון דעם מגושמ׳דיקן גולם, אויף אַ וועלכן עס איז אופן, אין אַ געוויסן מאָמענט אָם ווייניקסטן, אַרויסשלאָגן אַ הייליקייט און אַ דערהויבונג. דערפאַר בעט זיך דער מהר״ל באַ דעם רבונו של עולם, אַז די שרעק זאָל אים ניט צעטומלען און ניט פאַר־פינצטערן אויף דער עלטער זיינע אויגן, כדי ער זאָל קענען קוקן זיין אמת׳ער געשטאַלט גלייך אין פנים אַריין.

זיין אמתע געשטאַלט וועט מוזן זיך אַנטפּלעקן
ווייל ער איז דיינער...

און אַ רמז אויף דער אמת׳ער געשטאַלט געפינען מיר אין בילד— „אַנטפּלעקונגען", ווען דער גולם, אינם ליכט פון דעם אינו־בראה, דערזעט זיין אינווענייקסטע מהות.

און כאַראַקטעריסטיש איז דאָס, וואָס אין די מאָמענטן, ווען אַ ליכטיקייט נעמט דורך דעם וועזן פון גולם, דערפילט תנחום, וועלכער איז אין דער דאָזיקער פּאָעמע די פּאַרקערפּערונג פון דער מאַסע, דער אויסדרוק פון דעם פשוטן, פּרימיטיוון, ניט ציוויליזירטן, און דערפאַר אפשר אמת קולטיווירטן מענטשן — אַ שטאַרקע באַענטקייט צום גולם. אַזאַ באַענטקייט, שפּירט ער ניט צו די אַנדערע צוויי העלדן פון דער דראַמא — משיח און קריסטוס.

אין זייערע ד׳ אמות קומט תנחום אינגאַנצן ניט אַריין.

דער גולם זאָגט צו תנחום׳ן:

איך האָב גערעדט אַוועקגעענדיק פון דאַנען
מיט בייזן רייד צו דיר. נאָר האָסטו ניט געהערט
אין מיינע בייזע רייד אַ ווונק אויף מיין צוריקקער,
אַן אָנזאָג אויף מיין בענקעניש און ליבשאַפט?

און תנחום ענטפערט:

איך האָב געהערט, געהערט, אודאי.

און צו דבורה׳לען זאָגט דער גולם:

פון אַלע זייטן קומט אויף אייך דאָס לאַנג־דערוואַרטעטע
מיט שאַרפע העק און צוגעגרייטע פיילן...

. . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . זאָג איך אייך:
הויבט אויף דעם קאָפּ און זעט, ווי ווײַט און הויך
איך שפּרייט פאַנאַנדער מײַנע הענט, ווי גרינג איך אָטעם,
אַט גיב איך מײַנע פּיס אַ הויב און ריר נישט אָן דעם דיל,
ווי פליגלען טראָגן מיך די שפּאַנען מײַנע...
וואַכט אויף און גייט. איך פיר אייך.

אַזוי רעדט דער גולם ווען ער דערשפּירט אין זיך דעם סוד פון ליכטיקייט און ניט נאָר פון פינצטערניש; ווען ער דערשפּירט די ליכטיקע זײַטן פון דער פיזישער מאַכט — די זײַטן אירע, וועלכע זײַנען דורכגעדרונגען און דורכגענומען מיט עטיק און מענטשלעכקייט.

די ליכטיקייט האַלט אָבער לאַנג נישט אָן, און אין געראַנגל צווישן דער פינסטערניש און ליכטיקייט שרייט אויס דער גולם אין פאַרצווייפלונג:

וואָס שווײַגט איר, ווענט
מײַנע ווענט?
וואָס שלאָפט איר היילן
מײַנע היילן?
וואָס פרעגט איר נישט,
פון וואַנען קום איך?

און אָט דאָ שלײַכט זיך אַרײַן תנחום און פרעגט די אים שטענדיק מאַטערענדיקע פראַגע:

ווער זאָל ראַטעווען? ווער?
ווער קאָן ראַטעווען? ווער?

דער גולם ענטפערט:

איך.

תנחום אָבער לאַכט מיט אַ הילכיקן געלעכטער:

כאַ, כאַ, כאַ, ער!
ווער ביסטו? ווער?

און די פּראָבלעם: יאָ אָדער ניט פיזישע מאַכט, און צי ליגט יאָ

אָדער ניט ווען עס איז די רעטונג אין דער פיזישער מאַכט? — בלייבט ניט פאַרענטפערט, ווי דאָס דאַרף אפשר בלייבן אין אַ גרויס קונסט ווערק. אמוויניקסטן בלייבט עס ניט פאַרענטפערט אינם גראַנדיעזן בילד — „אַנטפּלעקונגען".

און ווען דער מהר"ל תור'ט איין איינס נאָך דעם אַנדערן מיט דעם גולם דאָס וואָרט „בלוט", און ווען ער זאָגט קורץ און שאַרף צום גולם: „איך רוף דיך. קום!" פאַרגייט זיך תנחום, אויסרופנדיק:

ראַ־טע־וועט . . .
ווער וועט ראַטעווען? ווער?
ווער קאָן ראַטעווען? האָ?
וו־ע־ר ק־אָ־ן ר־אַ־ט־ע־וו־ע־ן ? וו־ע־ר ?

דאָס איז דער סוף פון בילד „אַנטפּלעקונגען".

(2)

ווער? וואָס? אָדער ווי אַזוי זאָל זיך ראַטעווען אַ פאָלק, אַ געזעלשאַפט? זאָל דער רעטונגס־אופן זיין אַן אַקטיווער אָדער אַ פּאַסיווער? זאָל אין קאַמף פאַר דער גערעכטיקייט די שווערד געצויגן ווערן און זאָל בלוט פאַרגאָסן ווערן? און אויב יאָ, טאָ ווען? ווי אַזוי? צוליב וואָס און דורך וועמען? דאָס זיינען היינט צוטאָג די שאַרפסטע, טיף־איין־דער־נשמה־שניידנדיקע פראַגן.

האָבן מיר דען היינט צוטאָג אַ סאָציאַלע פּראָבלעם, וואָס זאָל מער עגבערן אונדזער מוח און האַרץ איידער די פּראָבלעם פון יאָ אָדער ניט פיזישע מאַכט? יאָ אָדער ניט ווידערשטאַנד מיט גוואַלדטאַט? זאָלן די כלי־זין זיין ריין גייסטיקע אָדער אויך פיזישע? זאָל קלינגען בלויז דאָס וואָרט און די פּאַסיווע טאַט, אָדער אויך די שווערד און אַגרעסיווע טאַט?

צו איין זיכערן שלוס זעט אויס איז די מענטשהייט יאָ געקומען אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און דאָס איז: אַז קאַמף איז הייליק און דערהויבן און אַז די עקלהאַפטסטע זאַך אין דער וועלט איז ניט צו ווידערשטיין.

סאַרעל, דער פירער און באַגרינדער פון פראַנצויזישן סינדיקאַליזם, ענדיקט זיין בוך „באַטראַכטונגען וועגן גוואַלדטאַט" מיט די

ווערטער: „דער גוואַלדטאַט האָט דער סאָציאַליזם צו פאַרדאַנקען זיינע הויכע עטישע ווערטן, וואָס דורך זיי ברייננגט ער דערלייזונג צו דער מאָדערנער וועלט״.

גאָר ווייניק, גלויבן מיר, וועלן זיך אונטערשטרייבן אונטער דעם דאָזיקן זאַץ. אין בעסטן פאַל קאָן די גוואַלדטאַט געהייליקט ווערן דורך דעם, וואָס זי זאָל ווערן אַן אויסדרוק פון אַ טיף־עטישן געפיל. זי אַליין קאָן אָבער קיינמאָל ניט ווערן דער מקור פון אָנרעגונג צו עטישע ווערטן. דער עטישער ווערט ליגט פאַרוואָרצלט אין דעם קאַמף־און־ווידערשטאַנד געפיל, וועלכער ווערט געטריבן און גענערט פון געפיל פון יושר.

גאָר אַ סך מענטשן שרייבן שוין איצט צו הויכע עטישע ווערטן דעם קאַמף און דעם ווידערשטאַנד. די גערעכטיקייט ווערט איצט אַ סך שטאַרקער איידער די ליבע געשטויסן צום פאָדערגרונד.

כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט איז די לערע פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, ווי זי איז פאָרמולירט געוואָרן פון גרויסן אינדישן פירער גהאַנדי.

ער גייט, דאַכט זיך, אינגאַנצן אין די וועגן פון טאָלסטאָי. און דאָך געפינען מיר באַ אים אויסדרוקן און געדאַנקען, וועלכע טאָלסטאָי וואָלט זיכער ניט געוואָלט באַטראַכטן פאַר זיינע. די דאָזיקע אַנטי־טאָלסטאָישע, אַזוי צו זאָגן, געדאַנקען און געפילן, נעמען זיך באַ גהאַנדין פון זיין שטאַרקער ליבע צום קאַמף, פון זיין שטאַרקן געפיל פאַר גערעכטיקייט און באַגער פאַר פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט, וואָס קאָנען קומען צום אויסדרוק נאָר דורך אַקטיוון ווידערשטאַנד.

אויך גהאַנדי ווערט, ווי לייוויק׳ס מהר״ל, אויף שטיקלעך און ברעקלעך צעריסן אין די טיפענישן פון זיין נשמה פון דעם קאַמף, וואָס גייט אָן צווישן די פינצטערע און ליכטיקע זייטן פון אַקטיוון קאַמף.

דער שטאַרקער געפיל פון גערעכטיקייט, וואָס גייט אינאיינעם מיט מענטשלעכער שטאָלץ און ווערדע, לאָזט דעם מהר״ל דערשפּירן, אַז ערגעץ־ווו אין דער פויסט און אין דער שווערד ליגט פאַרבאַהאַלטן אַ מאָראַלישע ליכטיקייט. ער באַפעלט דעריבער דעם גולם:

צעעפן נאָך אַ מאָל די אויגן
און נאָכאַמאָל דערזע דאָס ליכט,

די פליגלען פון דעם אינו־נראה,
וואָס שפּרייטן זיך אַרויס פון דיר...
צום פינפער־טורעם לאָז זיך גיין
און דאָרטן זיי, און דאָרטן שלאָף...

דער גייסט פון צוואָנציקסטן יאָרהונדערט שטעלט דעם טראָפּ אויף געפיל, ווילן און גערעכטיקייט. עס איז דער דאָזיקער צייטגייסט, וואָס טרייבט גהאַנדין, וועלכער האָסט די גוואַלדטאַט, צו שטעלן די פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט העכער, פונדעסטוועגן, פאַר דעם געבאָט: ניט באַגיי קיין גוואַלדטאַט!

גהאַנדי זאָגט איוסדריקלעך: „איך וואָלט ליבערשט געזען אינדיע אַ באַפרייטע דורך גוואַלדטאַט, איידער אין קייטן געשמידט ווי אַ שקלאַף צו פרעמדע אונטערדריקער". און ווייטער: „ווו נאָר עס איז אַ פראַגע צווישן פּחדות און גוואַלדטאַט, ראַט איך גוואַלדטאַט... איך קולטיוויר דעם רואיקן קוראַזש פון שטארבן ניט הרגנ'דיק. ווער עס האָט אָבער ניט דעם דאָזיקן קוראזש, רעקאָמענדיר איך אים דעם קוראַזש פון הרג'נען און ווערן געהרגעט ליבערשט, איידער צו אַנטלויפן פון געפאַר אויף אַ שאַנדהאַפטיקן אופן".

און צוליב דעם, וואָס גהאַנדי באַטאָנט שטאַרקער פאַר טאָל־סטאָיען דעם קאַמף און די אַקטיווע זייט פון דעם ווידערשטאַנד און אויך צוליב דעם, וואָס גהאַנדי פירט דורך אין זיין אייגענעם לעבן זיינע קאַטעגאָרישע אימפּעראַטיוון, באַטראַכט אים ראמאַן ראָלאַן פאַר אַ גרעסערער פערזענלעכקייט און פאַר איינעם, וואָס איז נענטער פון טאָלסטאָיִן צו דעם נביא־גייסט.

דער דראַנג פון אַקטיוויטעט, וואָס רייסט זיך פון דער מאָדערנער וועלט צו דער דורכפירונג פון געפילן און ווילן, דריקט זיך אויך אויס אין די ווערטער פון ראמאַן ראָלאַן אין זיין בוך וועגן גהאַנדי: „מיר באַקעמפן ניט", זאָגט ער, „די גוואַלדטאַט אַזוי שטאַרק ווי די שוואַכקייט; אַ זאַך וואָס איז ניט שטאַרק, איז קיין זאַך ניט ווערט, מעג זי זיין גוט אָדער שלעכט. אַבסאָלוטע שלעכטקייט איז ווערט מער איידער צע־שוואומענע גוטסקייט."

מיר זעען, אַלזאָ, פאַר זיך אַ געאייניקטן פראַנט אויף דער לאָזונג פון קאַמף; עס הערשט אָבער ניט קיין ברעקל איינשטימיקייט בנוגע דער פראַגע: יאָ אָדער ניט גוואַלדטאַט, יאָ אָדער ניט פיזישע מאַכט?

דאָס וואָס גוואַלדטאַט קאָן ניט פירן צו דער געווינטשטער בע־פרייאונג, איז ניט קיין אַרגומענט קעגן גוואַלדטאַט; ערשטנס, דערפאַר, וואָס קיינער קאָן קיינמאָל ניט באַווייזן צו וואָס אַ געוויסע טאַט קאָן יאָ אָדער ניט פירן, וואָסערע רעזולטאַטן זי קאָן יאָ אָדער ניט ברענגען; און, צווייטנס, קוים מאַכן מיר נאָר איין־און־איינציקן טריט אין דער ריכטונג פון נוצן אַנשטאָט ווערטן, קוים פרעגן מיר נאָר איין־און־איינציקס מאָל די פראַגע: לוינט עס זיך יאָ אָדער לוינט עס זיך ניט, פאַלט אינגאַנצן אַוועק די מאָראַל. דער פּאַסיווער ווידערשטאַנד ווערט דעמאָלט פון אַן עטישן שטאַנדפּונקט אַ גלייכער מיוחת מיט דעם אַגרעסיוון ווידערשטאַנד; מחמת ביידע ווערן זיי דעמאָלט אונטערוואָרפן דער מאַטעמאַטישער אויסגערעכנטקייט פון ניצלעכקייט און ווירקזאַמקייט, וועלכע גייען אינגאַנצן ניט אַריין אין דער קאַטעגאָריע פון מאָראַל.

צו דער זעלבער פאַרפלאָנטערטקייט פירט אויך ראָמאַן ראָלאַנ׳ס קאַמף קעגן גוואַלדטאַט אין מאָמענט, ווען ער געפינט פאַר נויטיק צו אונטערשטרייכן, אַז דאָס איז אַ קאַמף קעגן שוואַכקייט מער איידער קעגן גוואַלדטאַט. דער זין פון עטיק און פון אַלע עטישע אידעאַלן באַשטייט אין דעם, וואָס די עטיק און אַלעס וואָס גייט אונטער איר נאָמען, טאָר ניט דינען קיין אַנדער זאַך, קיינע אַנדערע צילן און צוועקן אַ חוץ אירע אייגענע. איך בין ציל און צוועק אַן און פאַר זיך; דער גאַנצער זין און די פולסטע ווערט ליגט איינגעשלאָסן אינעווייניק אין מיר און ניט אויסערהאַלב פון מיר — דאָס איז די לאָזונג פון דער עטיק; אין דער דאָזיקער לאָזונג ליגט איר העכסטער באַדייט און איר אויסשליסלעכער אַרגומענט.

פאַר די, אַלזאָ, וואָס שטעלן זיך אויף דעם שטאַנדפּונקט פון קאַמף און פאַר די, וואָס ווילן אין דער אייגענער צייט אָנפירן דעם קאַמף נאָר אין ליכט פון מאָראַל; פאַר די, וואָס קאָנען אַנדערש ניט ווי זען אין דעם מענטשלעכן קאַמף אַן אויסדרוק פון קאָסמישער אָנגעשטרענגטקייט און קאָנצענטרירטקייט, פאַר זיי איז די פראַגע: „וואָס דאַרפן זיין די וועגן און מיטלען פון קאַמף?״ — איינע פון די שאַרפסטע און פאַרוויקלסטע פראַגן, מיט וועלכע דער מענטשלעכער געדאַנק שטויסט זיך אָן היינט צו טאָג.

די טראַגעדיע פון דעם מהר״ל איז אין יעדן זין די טראַגעדיע פון יעדן איינעם, וואָס איז אַנטשלאָסן ניט אַנדערש ווי נאָר אינ׳ם ליכט

פון מאַראַל אָנצופירן אַ קאַמף אויף לעבן און טויט קעגן אונטער־דריקונג אין אַלע אירע פאָרמען און קעגן עקספּלואַטאַציע אין אַלע אירע אויסדרוקן.

דער „גולם", סאָציאַל דערבליקט, פאַרשאַרפט און פאַרטיפט די פּראָבלעם פון די שייכותן צווישן פיזישער און גייסטיקער מאַכט אינעם קאַמף פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון אַן אידעע.

דער מהר"ל שטייט פנים אל פנים מיט טאַדעאוש'ן, וועלכער איז באַרייט אין נאָמען פון קריסטוסעס הייליקער ליבע צו פאַרגיסן בלוט אָן אויפהער.

טאַדעאוש זאָגט צום מאָנאַך:

בלוט איז ליבשאַפט, בלוט פון קינדער,
ווייל ער איז אויך געווען אַ קינד... און יעדער מעסער
פון דעמאָלסט אָן געוואָרן איז געבענטשט
און קיינמאָל וועלן זיי די קרייציגער ניט קאָנען צונעמען,
אָוועקרויבן פון אונדז די הייליקייט פון מעסער.
ווייל קיינמאָל טאָר נישט אויפהערן צו גיסן זיך
דאָס בלוט פון די, וואָס האָבן ניט געקאָנט דערזען
דעם שטילן שיין פון זיין פאַרמאַכטער ברעם...

פאַר די אויגן פון מהר"ל שטייט אָבער בולט די פיגור פון משיח. ער איז דורכגעדרונגען מיט דעם משיח־געדאַנק, אַז אין אַ געוויסן טאָג, אין אַ באַשטימטער צייט וועט די וועלט אויסגעלייזט ווערן דורך אַ ריין־גייסטיקער קראַפט. ער פילט מיט אַלע פיבערן פון זיין נשמה, אַז די צייט פון אמת'ער דערלייזונג איז נאָך ניט געקומען. דערפאַר וויל ער נאָך ניט אין קאַמף מיט אַלץ, וואָס איז נידערטרעכטיק, אַרויסרופן גייסטיקע כחות. אין דער אייגענער צייט וויל ער אָבער אויך ניט בויגן דעם קאָפּ אונטער דער שווערד פון דעם בלוטדורשטיקן טיראַן. ער וויל געבן אַ ממשות'דיקן אויסדרוק צו זיין דיינקען, פילן און וועלן. ער וויל דורך טאָט לאָזן אַנדערע דערפילן זיין האַס און כעס, זיין שטאָלץ און ווערדע, זיין שרעקלאָזיקייט און זעלבסטשטענדיקייט.

דער מהר"ל פילט און שפירט מיט אַלע זיינע אברים, אַז עס איז פאַראַן אַ געוויסע מאָראַלישע הויכקייט, אַ געוויסער הייליקער ציטער פון גערעכטיקייט אין דעם ריר פון דעם פינגער, וואָס זאָל אַרויפוואַרפן

אַן אימה אויף די אַנגרייפער. די ווירבלדיקע קאַמף־שטורעמס רייצן די שטאַרקייט פון זיין ווילן און דעם שטאָלץ פון זיין פערזענלעכקייט.

די דאָזיקע געפילן און שפּירונגען האָבן עס געטריבן דעם מהר״ל אויסצוטיילן, אַזוי צו זאָגן, פון זיין טיפערן זעלבסט דעם מענטש מיט דער פויסט, און שאַפן אין זיך, אָדער פון זיך, איינעם, וואָס זאָל קאָנען, ווען נויטיק, הויבן אַ האַק קעגן אַ האַק. דער מהר״ל ווייסט די גאַנצע צייט, וואָס ער שאַפט און אפּערירט מיטן גולם, אַז דער גולם, וועלכער איז אַ נויטיקער ענטפער אויף דעם שלעכטס, וואָס ווערט געטאָן, פאַרענטפערט אָבער ניט די פּראָבלעם פון שלעכטס. דאָס שלעכטס דאַרף און וועט פאַרשווינדן ווערן אויף אַ מאָל מיט דעם אָנקום פון משיחן, מיט דער פּלוצמדיקער פאַרווירקלעכונג פון דער אידעע, וועלכע איז ריינער גייסט. צווישן דעם גולם און משיחן ווערט דעם מהר״לס נשמה אויף שטיקער צעריסן. און ער בעט זיך דערפאַר ביים אַלטן בעטלער, אַז ער זאָל אַוועקנעמען משיחן.

ער מוז אַוועק. ער טאָר זיך ניט געפינען
אין אונדזער גבול. צי קאָן ער זיינע פינגער
צונויפקלאַמערן אין פויסטן אייזערנע
און שלאָגן מיט רציחה איבער קאָפּ?

. . . . . . . . . . . . . . .

ער קאָן ניט. אויב ער וויל עס קאָנען,
וויל א י ך ניט. ער דאַרף זיין דער לעצטער...
און ווי וועט זיין צו אים, אויב ער וויל קומען
זיך איינשטעלן פאַר אונדז מיט געוואַלט...

דער מהר״ל פילט, אַז די גערעכטיקייט פאָדערט, אַז מען זאָל איצט די פינגער אין אייזערנע הענט צונויפקלאַמערן און אויפמאָנען צאָן פאַר צאָן, אויג פאַר אויג און קאָפּ פאַר קאָפּ. ער, אָבער, וועלכער לעבט אין דער אידעע פון אַ באַשטימטן אויסלייזונגס־מאָמענט, קאָן זיך ניט פאַרשטעלן, אַז דער דאָזיקער הייליקער מאָמענט זאָל שלאָגן אין אַ צייט, ווען אַלע וועגן זיינען פול מיט הרוגים, און ווען אַלע טרעטן אויפן שאַרף פון אַ שפּיז, און ווען דאָס בלוט איז נאָך פריש אויף די הענט פון די רוצחים.

ניין, טענה׳ט דער מהר״ל — משיח, דאָס הייסט, די פאַרווירקלעכונג פון אידעאַל, קאָן ניט געמאָלט זיין אין אַ צייט, ווען מענטשן

זיינען נאָך אין דער בחינה פון בייזע חיות. דער ריינער גייסט קאָן נאָך דאַמאָלט ניט אפּערירן. צו ענטפערן ווידער אויף חיה׳שקייט מיט מענטשלעכקייט דערלאָזט ניט דער יושר־געפיל, און דערפאַר שרייט אויס דער מהר״ל:

> הזורשטיקן זאָל ער טיף די בענקעניש...
> איך האָב אַ צווייטן אונטער מיין רשות.
> דער איינציקער, וואָס מעג זיין פינצטער,
> וואָס מעג פאַרגיסן בלוט פאַר בלוט.

איינער מעג זיין פינצטער, דער אַנדער טאָר עס ניט זיין.

איינער מעג פאַרגיסן בלוט אויס נקמה פאַר בלוט; דער אַנדערער טאָר ניט, אונטער קיינע אומשטענדן, פאַרגיסן בלוט; אַמאָל וועט מען עס טאָקע ניט טאָרן טאָן, אָבער היינט מעג מען עס יאָ; אַמאָל וועט אַזאַ האַנדלונג יאָ זיין מעגלעך;היינט אָבער איז אַזאַ האַנדלונג ניט מעגלעך, מעג זי זיין ווי שיין און ווינטשנסווערט — דאָס זיינען אַלע מאָל געווען, און דאָס זיינע אויך היינט צו־טאָג, ווערטער פון די, וואָס אַרבעטן אונטער דעם באַגריף פון פרעדעטערמיניזם. דאָס איז די שטע־לונג פון די, וואָס זיינען באַהערשט פון דער אילוזיע, אַז עס איז פאַראַן אַ געוויסע צייט, ווען געוויסע צילן און צוועקן דאַרפן דערפילט ווערן, ווען געוויסע אידעאַלן דאַרפן רעאַליזירט ווערן, צוליב דער פאַראויס־באַשטימטקייט, וועלכע איז פאַרוואַרצלט אין די וועלט קרעפטן, אָדער אין דעם איין און איינציקן וועלט־כח.

הערן מיר דען ניט היינט אויף שריט און טריט טענות וועגן דער איבערגאַנגס־עפּאָכע, וועגן דער עפּאָכע, הייסט עס, וואָס האָט אויבדז פון דעם אַלטן אַרויסגעריסן און אין דעם נייעם נאָך ניט אַריינ־געוואָרפן. וואָרפט מען דען ניט אַרויף אויף די שולטערן פון דער איבערגאַנגס־צייט די שולדן פאַר דעספּאָטישע האַנדלונגען און מער־דערישע בלוט־פאַרגיסונגען? ווערט דען ניט אָט די דאָזיקע נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע איבערגאַנגס־עפּאָכע אָנגעגעבן אַלס אַ תירוץ אויף אַזעלכע פראַגן, למשל, ווי: פאַרוואָס פירט איר ניט איין די פרייהייט, פאַר וועלכער טייכן בלוט זיינען פאַרגאָסן געוואָרן? פאַרוואָס פירט איר ניט אַריין אין לעבן די גלייכקייט, נאָך וועלכער די מענטש־לעכע נשמה לעכצט? פאַרוואָס לאָזט איר ניט דעם גייסט, אין וועמענס נאָמען איר האָט אָנגעפירט דעם קאַמף, קומען צו זיין פולסטן אויסדרוק?

פאַרוואָס דערשטיקט איר אים, פאַרוואָס פאַרטרייבט איר אים אַ מינוט נאָך דעם קאַמף?

ווערט דען ניט אויף די דאָזיקע אַלע פראַגן געגעבן איין־און־איינציקער ענטפער: די צייט איז נאָך ניט געקומען פאַר דעם? און זיינען דען ניט פאַראַנען צווישן די יעניקע, וואָס גיבן דעם דאָזיקן ענטפער אַ סך, וואָס מיט אַ ווייטאָג אין האַרצן באַנוצן זיי זיך מיט די ברוטאַלסטע און אוממאַראַלישסטע מיטלען אין דער אַזוי אַנגערופענער איבערגאַנגס־צייט, נאָר בכדי צו פאַרשנעלערן, ווי זיי דענקען, דעם אָנקום פון דער אמת'ער צייט, פון דער צייט, ווען ובא לציון גואל? מיט אַ ווייטאָג אין דער נשמה, מיט אַ שרעקלעכער האַרצרייסעניש פאַריאָגט דער מהר״ל דעם יונגן בעטלער, משיח'ן, הייסט עס, און ער קלאָגט אויף דעם:

ניט צו זען מער
זיין געשטאַלט
ניט פאַר יונג
און ניט פאַר אַלט.

און אַ צוזאַמענגעבראָכענער שרייט ער אויס:

א, א,
זיי זיינען שוין נישטאָ...
. . . . . . . .
נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ...

דעם עכאָ פון דעם געשריי: נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ, דערהערט דער גולם.

ער זאָגט:

. . . איך אַליין
בין אויפגעשפרונגען פון מיין שלאָף, דערהערנדיק
דעם טרויעריקן אויסגעשריי: נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ,
און געלאָזט אים אָניאָגן, צוריקקערן...

דער גולם דאָס איז די קראַפט אין מהר״ל, וואָס דאַרף באַטראַכט ווערן פאַרן מיטל, וואָס זאָל פירן צום הייליקן ציל. דער גולם איז עס דער יעניקער, וואָס דאַרף צוגרייטן די צייט פאַרן אָנקום פון דעם ריין גייסטיקן הייליקן משיח.

דער גולם איז דער צווייטער „איך", פון איינעם און דעם אייגענעם מהר"ל זעלבסט — דער איך פון דעם באַלדיקן און פאַרגייענדיקן מאָמענט. געוויסע פעדעם ציען זיך צווישן דעם גולם — דעם צווייטן „איך" פון דעם מהר"לס „זעלבסט" און דעם משיח — דעם ערשטן איך פון דעם מהר"לס „זעלבסט". משיח איז ניט אינגאַנצן צופרידן, וואָס די אויסלייזונג ווערט איבערגעגעבן צום פויסט און האַק פון גולם. אַ טיפער טרויער קלינגט אַרויס פון זיינע ווערטער:

. . . . . . . . . . .
מיר זיינען שטומע עדות
פון סכנות, מאָרד און טויט;
שטומע עדות, בלינדע סודות
אין דער פינצטערניש צעשפּרייט...

דעם גולם ווידער ציט עס מאָמענטנוויז צום משיח. ער שפּירט זיין גרויסקייט, זיין דערהויבונגג, זיין קדושה. ער וואָלט געוואָלט זיין אַרום אים, נעבן אים. ער שפּירט, אַז ערגעץ־ווו האָבן זיי איין־און־איינציקן מקור; ערגעץ־ווו ווערן זיי אַרומגענומען פון איין־און־איינציקן ציל און צוועק, פון איין־און־איינציקן אויפטו און אויספיר, און דערפאַר זאָגט דער גולם:

אַך, ווי שטאַרק איך האָב געוואָלט אים נאָכלויפן,
פאַרלויפן אים דעם וועג און דריישן זיך,
און לייגן זיך צו זיינע פיס און זיין זיין שאָטן...
נאָר ווי האָב איך געקאָנט, אַז אין מיין האַרץ האָט זיך
צעברענט די בענקשאַפט...

דאָס איז די בענקשאַפט, וואָס ברענט אין דעם מהר"לס נשמה נאָך אַן אַקטיוון ענטפער אויף די באַלדיקע רדיפות און רציחות, אויף די באַלדיקע אויסדרוקן פון אַלערליי אומגערעכטיקייטן.

פון אונטער דער ערד שרייט די שטים פון די אויפגעברויזטע בלוט־שטראָמען צום מהר"ל און וועקט ביי אים די אַנטשלאָסנקייט צו באַפאָלמעכטיקן די פויסט און די האַק צו טאָן זייערס אויף דער זייט פון פאַרטיידיקונג. דער געפיל פון גערעכטיקייט רופט די קאַמפס־לוסטיקע און ווילנס שטאַרקע מענטשן צו אַקטיוון און אַגרעסיוון ווידערשטאַנד.

דער מהר״ל זאָגט צום גולם:

און הער דאָס וואָרט, וואָס איך וועל דיר אָנטפּלעקן;
פאַרנעם אים גוט, דערזע זיין רויטקייט,
דורכשפּיר זיין וואַרעמקייט, זיין ציטער און זיין שאַרפקייט.
דאָס וואָרט הייסט — בלוט.

געהייליקט ווערט אויף אַזאַ אופן דאָס בלוט און געגרויסט ווערט דורך דעם אויף איין מאָמענט, אמווייניקסטן, דער גולם — די פאַרקערפּערונג פון דער פיזישער מאַכט.

מיר האָבן שוין געזען, אַז די, וואָס שטעלן זיך אויפן שטאַנד־פונקט פון קראַפט, קאָנען בשום אופן ניט זען אין דער פיזישער קראַפט און מאַכט בלויז אומווירדיקייט און גולמ׳דיקעס. דער מענטש פון טאַט; דער מענטש, אין וועמען עס קאָכן און ברויזן די גערעכטיקייט־געפילן, קאָן ניט אויסשליסן אַלץ וואָס איז מענטשלעך און עטיש פון דער פיזישער מאַכט און גוואַלדטאַט. זיי קאָנען ניט אַזוי לייכט פּועל׳ן ביי זיך צו דערקלערן, אַז אונטער קיינע אומשטענדן זאָלסטו זיך ניט באַנוצן מיט גוואַלדטאַט און מיט פיזישער מאַכט אין קאַמף פאַר דעם וואָס איז שיין און דערהויבן, אָדער אין ווידערשטאַנד קעגן אומגע־רעכטיקייטן און פיזישע אָנגריפן.

די גוואַלדטאַט קאָן, אַלזאָ, ניט אינגאַנצן אָפּגעזונדערט ווערן פון דער גערעכטיקייט, און דעריבער וועט די שווערד אויף אַזאַ אָדער אַנ׳אַנדער אופן גלאָריפיצירט ווערן, כל זמן די אומגערעכטיקייט וועט ניט אויפהערן צו געוועלטיקן. די אומגערעכטיקייט אָדער די באַדינ־גונגען, וועלכע פאַראורזאַכן זי, וועלן מוזן פאַרשווינדן פריער איידער די שווערדן וועלן, ווי דער נביא ישעיה האָט פאָראויסגעזאָגט, אין אַקעראייזנס פאַרוואַנדלט ווערן. צווישן דעם הייליקן קעמפער און דער פיזישער מאַכט פון גוואַלד איז אַ הייליקער בונד געשלאָסן געוואָרן ביז צו דער צייט, ווען עס וועט דאַרפן געקעמפט ווערן פאַר גע־רעכטיקייט.

די דאָזיקע געפילן, די דאָזיקע שייכותן און צונויפגאַנגספּונקטן צווישן דער פיזישער מאַכט און גייסטיקער קראַפט, דערקלערן די „אַנטפּלעקונגען״ אין גולם. אין אַזעלכע מאָמענטן פילט ער, און מיט אים פילט אויך דער מהר״ל, אַז עס איז פאַראַן אַן אינטימע און אייגנע

פאַרבינדונג צווישן דער פיזישער און גייסטיקער מאַכט, צווישן דעם גולם און משיח; זיי גייען זיך ערגעץ ווו צונויף, פונקט ווי דער היינט גייט זיך צונויף מיטן מאָרגן.

און פאַרוואָס זאָל טאַקע יעדע איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג ניט קאָנען סינטעזירן אין זיך גייסטיקע קראַפט און פיזישע מאַכט, רחמים און צאָרן, גרעכעטיקייט און ליבע?

אין אַזעלכע מאָמענטן, אין די מאָמענטן, ווען דער אונטער־באַוווּסטזיין לאָזט הערן זיין שטילע שטים, זאָגט דער גולם:

איך גיי אַהין, ווו פעלדער שפּרייטן זיך,
וווּהין עס איז נאָך ניט דערגאַנגען
דער טרויער אויסגעשריי: „נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ";
איך גיי צו מזרח־זייט,
פון צפון און פון דרום...
איך גיי צו אַלע עקן פון דער וועלט,
ווייל אַלע רופן אין איין צייט,
און אַלע לויפן נאָך די טריט פון יידע בעטלער
און רופן: קומט צוריק, צוריק, צוריק...

אין די דאָזיקע ווערטער ווערט אויסגעדריקט אַ גוואַלדיק שטאַרקע בענקשאַפט פון מהר״ל זעלבסט נאָך צונויפשמעלצונג פון דער פיזישער און גייסטיקער מאַכט. דעם גולם ווילט זיך זייער שטאַרק צו גיין אַהין, ווו עס הערט זיך ניט דעם מהר״לס אויסגעשריי: „נישטאָ, נישטאָ" — וואָס איז געקומען נאָכדעם, ווי ער האָט פאַר־טריבן די בעטלער.

אין זיינע דערוואַכונגס־מאָמענטן טרוימט דער גולם וועגן אַן אינאיינעם־זיין מיט משיח׳ן. פאַנטאַזירנדיק וועגן אַ נאָענטן באַריר מיט משיח׳ן, דערפילט דער גולם דעם מוט אין זיך צו זאָגן:

די פינצטערניש צעשפּרייט זיך אין אַ ליכטיקייט פאַר מיר,
און אַלץ צו וואָס איך ריר זיך צו, ווערט דורכזיכטיק,
ווערט לויטער. מיינע הענט, ווען אויסגעשטרעקט,
דערגרייכן פון איין עק וועלט צום צווייטן...

.4

דער חלום האַלט אָבער לאַנג ניט אָן. דער באַוווּסטזיין האַלט דעם מהר״ל שטאַרק געפֿאַנגען אין די נעצן פֿון פּרעדעטערמיניזם. ער איז אונטער דער שליטה פֿון באַגריף, אַז דער גולם איז אַ מיטל פֿאַר דער קומענדיקער פֿאַרווירקלעכונג פֿון דעם גרויסן אידעאַל — דעם אָנקום פֿון משיח׳ן, ווען די וועלט וועט זיין כולו זכאי אָדער כולו חייב. און מיט אַן אַנטשלאָסנקייט, וואָס קומט נאָך אַ שווערן אינערלעכן ויתרוצצו, באַפֿעלט ער, ווי מיר האָבן עס פֿריער געזען, דעם גולם צו גיין מיט אים אין די טיפֿעַנישן פֿון פֿינצטערן טורעם. דאָרט אַנטפּלעקט ער פֿאַר אים דאָס וואָרט: בלוט.

גערעטעוועט האָט דער מהר״ל די יידן פֿון אַ בלוט־בלבול, אָבער בלוט, הייס רויט בלוט פֿון אַן אומשולדיק קינד האָט זיך געגאָסן. געגאָסן האָט זיך דאָס בלוט ניט חלילה דורך די הענט פֿון אַ פּראָ־פֿעסיאָנעלן רוצח, נאָר דווקא דורך די הענט פֿון אַן אמת גלויביקן; דורך די הענט פֿון איינעם, וואָס פֿילט זיך רואיק און גליקלעך, ווען ער זעט ווי זיין גולם (אין דעם פֿאַל איז דאָס געווען דער מאָנאַך) גיסט אָן די פֿלעשלעך מיט דעם בלוט פֿון אומשולדיקן קינד, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געשאָכטן. רואיק און גליקלעך איז ער דערפֿאַר, וואָס ער גלויבט, אַז אַזוי איז דאָס באַשטימט געוואָרן אויף אייביק פֿון דעם האַר פֿון דער וועלט אין מאָמענט, ווען „קריסטוסעס פֿאַרמאַכטע ברעם האָט שטיל אַ שיין געטאָן״.

כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַזאַ סאָרט בלוט פֿאַרגיסונג איז דאָס, וואָס די אַקטועלע טאַט פֿון קוילענען ווערט באַגאַנגען ניט פֿון דעם העלד אַליין, ניט פֿון דעם אַליין, וואָס גלויבט אין די דאָזיקע מיטלען, ווייל ער דיינקט, אַז דער ציל הייליקט זיי. ניין, דאָס בלוט ווערט פֿאַר־גאָסן אויף אַ ריין מעכאַנישן און פּראָפֿעסיאָנעלן אופֿן, פֿון איינעם, וואָס פֿירט בלויז אויס דעם באַפֿעל פֿון אַ העכערן בעאַמטן.

די ווערטער וואָס טאַדעאוש רעדט צום מאָנאַך, זיינען כאַראַקטע־ריסטיש פֿאַר אַלע טעראָר־מעשים, וואָס ווערן באַגאַנגען אין נאָמען פֿון אידעאַל; דער עיקר דעמאָלט, ווען זיי האָבן שוין הינטער זיך די סאַנקציאָנירונג פֿון די נאָרוואָס אין מאַכט אַריינגעקומענע געזעצן, וועלכע זיינען דיקטירט געוואָרן פֿון די זיגרייכע קעמפֿער פֿאַר אַן אידעאַל.

טאַדעאוש זאָגט צום מאָנאַך:

ווער האָט געשאַרפֿט דאָס מעסער, איך צי דו?
און ווער האָט מער אַריינגעזאַפּט די הייסע וואַרעמקייט,
כאַטש איך בין פֿון דער זייט געשטאַנען, איך צי דו?
געטאָן האָב איך, נישט דו, און וואַקלען זיך
האָב איך באַדאַרפֿט, ווייל דו האָסט גאָרנישט ניט געטאָן —
אַ פּיר נאָר מיטן שאַרף גיגעבן —

און אָט אין דעם טאַקע, וואָס דעם פּיר מיט דער שאַרף האָט גיגעבן דער, וואָס איז אין דער טאָט ניט געווען גייסטיק אָדער גע־דאַנקלעך פֿאַראינטערעסירט; אין דעם, וואָס פֿאַר דער לעצטער אויס־פֿירונג ווערט, אַזוי צו זאָגן, אַ גולם געשאַפֿן, ליגט די גרעסטע ברו־טאַליטעט, די מוראָ׳דיקסטע אוממענטשלעכקייט. שרעקלעך איז פֿאַר־גיסונג פֿון בלוט — דער תמצית פֿון לעבן בכלל; נאָך שרעקלעכער אָבער איז דאָס בלוט, וואָס גיסט זיך דורך איינעם, וואָס פֿירט מיטן שאַרף איבער דעם האַלדז פֿון קרבן אויפֿן באַפֿעל בלויז פֿון אַן אַנדערן, אויפֿן באַפֿעל, למשל, פֿון אַן אויסדערוויילטן אָדער זעלבסט־געקרוינטן.

און ווער ווייסט? אפֿשר ליגט גאָר די גאַנצע שרעק, די גאַנצע ברוטאַליטעט און איבערהויפּט די גאַנצע אוממאָראַלישקייט נישט אין דער בלוט פֿאַרגיסונג, ניט אין דער גוואַלדטאַט פֿער סע, נאָר בלויז אין דעם אופֿן, ווי אַזוי און ווער עס פֿאַרגיסט דאָס בלוט, ווי אַזוי און ווער עס באַגייט די גוואַלדטאַט.

שוין אין דעם אַליין, למשל, וואָס דער קרבן פֿון דעם גזלן ווערט דערמאָרדעט אויף אַ ספּאָנטאַנעם און אומדערוואַרטעטן אופֿן, בעת דער מערדער אין די הענט פֿון געזעץ לעבט דורך שעה׳ן, טעג און חדשים פֿון אומבאַשרייבלעכער אַגאָניע, וואַרטנדיק אויף דער מינוט, ווען דער שטריק וועט פֿאַרצויגן ווערן אַרום זיין האַלדז — שוין אין דעם אַליין ליגט גוואַלטיקע אומגערעכטיקייט; שוין דאָס אַליין גיט צו דעם גע־זעצלעכן מאָרד מער ברוטאַליטעט, מער אוממענטשלעכקייט איידער דעם מאָרד, אויסער דעם געזעץ.

דאָס הרג׳נען אויף אַ געזעצלעכן אופֿן טראָגט אין זיך אַן אומ־מאָראַלישע עקלהאַפֿטיקייט, אויך דערפֿאַר, וואָס דער, וואָס פּסק׳נט, אַז דער אָדער יענער זאָל שטאַרבן, איז ניט דערזעלביקער וואָס וועט אויספֿירן דעם פּסק. דער אויספֿירער פֿון פּסק, דער תליון, איז

אַן אויסדרוק פון דער ריינסטער, פון דער טרוקנסטער און העכסטער מעכאַנישער קאַלטבלוטיקייט. דער תליון איז טאַקע דערפאַר ווייניקער מענטש, פאַר דעם ערגסטן גזלן אין דער וועלט.

דער וועג צו דער אמת'ער גערעכטיקייט פירט אפשר ניט אַזוי דירעקט צו דער אָפּשאַפונג פון טויט־שטראָף און גוואַלדטאַט, ווי צו דעם, אַז יעדער מיטגליד אין דער געזעלשאַפט זאָל זיין געצוווּנגען, ווען נאָר דער גורל וועט אויף אים פאַלן, מקיים־צו־זיין די „הייליקע מצוה" פון העלפן דער געזעלשאַפט איינצופירן מער אָרדנונג, מער מענטשלעכקייט און מער גערעכטיקייט. און אויב עס איז קעגן דער מאָראַל און קעגן דער גערעכטיקייט צו צווינגען ווּעמען עס איז צו פאַרגיסן יענעמס בלוט, וועט די אַבסאָלוטע, סאָציאַלע גלייכקייט ממילא פירן דערצו, אַז טויט־שטראָף זאָל אָפּגעשאַפט ווערן. דאָס זעלביקע, נאַטירלעך, איז מיט דער געזעצלעכער גוואַלדטאַט.

די ניט־געזעצלעכע גוואַלדטאַט איז שוין גאָר אָבער פון אַן אַנדער כאַראַקטער.

די גוואַלדטאַט אין קאַמף איז אינגאַנצן אַנדערש ווי די גוואַלדטאַט וואָס די זיגער אין קאַמף באַגייען נאָכדעם, ווי דער קאַמף איז פאַריבער. אָט פאַרוואָס דער טעראָריסטישער אַקט פון דעם, וועלכער גייט בשעת מעשה אַליין אויף אַ זיכערן טויט, האָט אין זיך אַן צווייפל אַ סך שיינ־קייט און דערהויבונג. ער רופט אַרויס רעספּעקט צו זיך, אַפילו פון די, וואָס גלויבן ניט אין זיין ווירקזאַמקייט און אין זיין מאָראַלער באַ־רעכטיקונג. דער טעראָר, ווידער, פון די, וואָס זיינען, בעת זיי טעראָ־ריזירן אַנדערע, מיט זייערע אייגענע לעבנס געזיכערט, האָט אין זיך ניט קיין זאַך אַ חוץ אוממענטשלעכקייט און עקלהאַפטיקייט. די אומ־מענטשלעכקייט און אוממאָראַלישקייט נעמט זיך דאָ הויפּטזעכלעך דערפון, וואָס די אַלע אַקטן ווערן געוויינטלעך דורכגעפירט אויף אַ פּראָפעסיאָנעלן אופן, דאָס הייסט פון מענטשן, וואָס ווערן ספּע־ציעל פאַר דער דאָזיקער אַרבעט באַשטימט. די בלוט פאַרגיסונג מוז שוין דורך דעם טראָגן אין זיך אַ קאַלטבלוטיקייט און אַ מעכאַ־נישקייט. און ווו מעכאַניק קומט אַריין, דאָרט פאַרשווינדט גייסט און נשמה, און די בעסטיע אין מענטשן צעעפנט איר מויל. אין דעם שאַרפן פון דעם שווערד און דעם לערנען זיך מיט דעם שווערד צו פעכטן, ליגט מער ברוטאַליטעט און בעסטיאַליטעט, ווי אין דעם ספּאָנטאַנעם און כעס'דיקן שטעכן מיט דעם שווערד. איינע פון די פילע מענטש־

לעכקייט־פּאַראַליזירנדיקע פּועל יוצא׳ס פון דער ציוויליזאַציע איז דאָס, וואָס זי האָט אַוועקגענומען יעדער ברעקל ספּאָנטאַנקייט פון דער בלוט־פאַרגיסונג. זי האָט מעכאַניזירט דעם פּראָצעס פון גוואַלדטאַט; פאַר־נאַנדערגעטיילט די פיזישע מאַכט פון דער גייסטיקער קראַפט. זי גיט ניט קיין מעגלעכקייט דעם קרבן צו הערן דאָס קלאַפּן פון אַ מענטשלעך האַרץ אַרום אים און צו שפּירן איבער אים דאָס פאָכן פון די פליגלען פון אַ מענטשלעכער נשמה.

קיינע צילן און צוועקן, קיינע אידעאַלן און שטרעבונגען קאָנען ניט הייליקן דאָס בלוט, וואָס ווערט מיט קאַלטקייט און מעכאַנישקייט פאַרגאָסן.

דאָס בלוט אַרום וועלכן לייוויק זעצט אַוועק אין אַבסאָלוטער הילפלאָזיקייט משיח׳ן, קריסטוסן און גולם, איז אַ בלוט פון אַזאַ סאָרט. דאָס בלוט אין די פלעשער איז דער סימבאָל פון פּראָפעסיאָנעלער גוואַלדטאַט.

.5

דאָס בלוט אין די פלעשער, דאָס בלוט פון אַן אומשולדיק קינד, פאַרגאָסן אויף אַ קאַלטבלוטיקן אופן אין נאָמען פון אַן אידעאַל, זאָגט עדות אויף דעם באַנקראָט פון משיח׳ן, דעם אידעאַל פון אַ ריין־גייסטיקן אויסלייזער, וואָס זיין קומען פון ערגעץ ווו אויסנוועניק פון דער וועלט איז פאָראויס־באַשטימט. ניט בעסער האַלט עס מיטן אידעאַל פון קריסטוס׳ן, דעם אידעאַל פון שטעלן דעם טראָפּ אויף ליבע ווי אויפן העכסטן אויסדרוק פון גייסט. עס באַנקראָטירט אויך דער אידעאַל פון מאַכט, וואָס זאָל זיין אינגאַנצן אָפּגעשיידט און אָפּגעטיילט פון גייסט. דעם גייסט, דיינקען די מהר״לס, טאָר מען זיך ניט לאָזן גראַבלען אין שמוץ פון גריבער און זוכן אברים, אש און ביינער. דאָס דאַרף זיין די אַרבעט בלויז פון גולם. הילפלאָזיקייט פון גולם ווערט דערפאַר אַזוי גרויס, ווי די הילפלאָזיקייט פון משיח׳ן אין דער אנוועזנהייט פון די פלעשער בלוט.

דער אינו נראה זאָגט צום גולם:

דו ביסט געקומען זען דעם טאַנץ פון אומזין;
דו האָסט געזען דעם אָנפאַנג ערשט ניט לאַנג,

און איך וועל דיר אַנטפּלעקן אויך דעם סוף,
דעם גאַנצן אומזין... האלסט אין האַנט אַ האַק, אַ רידל,
דו דאַרפסט זיי נישט... די פלאַשן שטייען אנגעגרייט.
שטרעק אויס די האַנט און ווייטער גאַרנישט.

**און די הייל־רוחות אין אַ טאַנץ, וואָס ווערט אַלץ שווינדלדיקער און שווינדלדיקער, זאָגן צו די אַלע דריי — משיח, קריסטוס און דעם גולם:**

ענדלעך זיך אָהער דערשלאָגן,
ענדלעך רוט...
אייער יאָך האָט איר הערטראָגן,
און וואָס קענט איר מיר נאָך ברייגען?
זיצט און קוקט, ווי מיר פאַרהיינגען,
מיר צעגיסן, מיר צעטראָגן
טויטע בלוט.

. . . . . . . . . . . . . .

נעמט, באַזאָלבט די קעפּ, דערלייזטע,
זיך אַליין.
בוקט זיך צו דער ערד געגרויסטע;
דריקט ביז אָנמאַכט זיך די שלייפן,
ביז אַ פייער וועט פאַרלויפן
אייער קרוין.

**דעם באַנקראָט פון גולם האָט אייגנטלעך דער מהר״ל געפילט מער אָדער ווייניקער די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט מיט אים אָפּערירט. זיין אַרבעט אויסצונוצן דעם גולם ווי אַ מיטל פאַר דעם צוועק, האָט ער קיינמאָל אייגנטלעך נישט געטאָן מיטן גאַנצן האַרצן.**

**זאָגט ער דאָך קוקנדיק איינמאָל אויף דעם גולם:**

אַזוי פיל אומרו אין דיין האַרץ,
אַזוי פיל שנאה,
אַזוי פיל שוואַרצע תאווה, קאַלטע בייזקייט
און אומבעהאָלפנקייט אין דיינע אָדערן
פליסט אום...
זאָלסטו שולדיק זיין אין דעם?

קיין מוטער׳ס אָטעם
האָט נישט געשפּרייט זיך איבער דיר
אין קינדעריאָרן,
קיין מלאכ׳ס פליגל האָט נישט אָנגערירט
דיין וויג...

אָט אין די דאָזיקע לעצטע ווערטער: „קיין מלאכ׳ס פליגל האָט נישט אָנגערירט דיין וויג" ליגט דער סוד פון גאַנצן באַנקראָט פון דער פיזישער מאַכט און גוואַלדטאַט, און פון דעם אַלץ, וואָס גייט אונטער דעם נאָמען דיקטאַטור. די פיזישע מאַכט און די דיקטאַטור, אין נאָמען פון אַן אידעאַל, זיינען ווי דער גולם אויסגעטיילט געוואָרן, אָפּגעשיידט און אָפּגעזונדערט געוואָרן פון גייסט. לעגאַליזירטע און קריסטאַליזירטע, אינגאַנצן אָפּגעריסענע פון ציל און צוועק, זיינען זיי דורכגעפירט געוואָרן איבעראַל און אומעטום אַן אַ פאַרוואָס און צוליב וואָס. ניט געבליבן דעריבער איז אין זיי מער לעבן און גייסט ווי אין אַ מומיע. ערגעץ ווייט אין דער צוקונפט ווערט אָוועקגעשטעלט אַ געוויסער פאַרויס־באַשטימטער ציל. די פיזישע מאַכט, די גוואַלד־טאַט, דער טעראָר „אָן אַ מוטער׳ס אָטעם איבער זיי און אָן דעם ריר פון אַ מלאכ׳ס פליגל", ווערן אין זייערע סקעלעטישע פאָרמען אַריינ־געזעצט אין היינט, אין איצטיקן באַלדיקן מאָמענט, וועלכער הייסט איבערגאַנגס־צייט, אַז זיי זאָלן דינען ווי מיטלען בלויז פאַרן ציל, וואָס וועט אַמאָל פאַרווירקלעכט ווערן.

דער מהר"ל פרעגט דעם גולם, פונקט ווי גאָר פיל פרעגן איצט און וועלן אין זין פון „אייביקן היינט" אַלעמאָל פרעגן:

. . . וואָס איז פון דעם,
וואָס עפּעס האָסטו יאָ באַגריפן, יאָ פאַרנומען,
אַז אַלץ וואָס האָט זיך פאַר דיין אויג אַנטפּלעקט,
האָט אויף אַ האָר דיין לעבן נישט געלייטערט, ניט געשטילט
דיין אומרו; אויף דיין מויל קיין שמייכל נישט געבאָרן?

די לעצטע פראַגע דערקלערט, פאַר וואָס דער גולם, אין די מאָמענטן פון אַנטפּלעקונג, האָט זיך אַזוי שטאַרק געריסן צו משיח׳ן. אין יענע מאָמענטן, זעט אויס, האָט ער דערשפּירט, אַז אים פעלט אַ באַהעפטונג, כדי געלייטערט צו ווערן און זיין אומרו איינצושטילן.

עפעס אַ שפּירונג פון דער נויטיקייט פון אַזאַ באַהעפטונג האָט אויך דער מהר״ל געהאַט, ווען ער האָט דעם באַשאַף פון גולם פאַר־טראַכט.

באַטראַכטענדיק דעם גוף פון גולם, וואָס ער האָט נאָרוואָס אויסגעקנאָטן, הויבט דער מהר״ל דעם קאָפּ צו דער הויך און זאָגט:

ווער בין איך דען צו זאָגן, אַז איך באַהעפט?
כ׳בין בלינד געווען און דו האָסט זעענדיק געמאַכט מיך,
פון הימל־הויך אַ ווײַ־געטאָן אויף מײַנע ברעמען
און מיר אַנטפּלעקט דעם שלאָפנדיקן גוף.
ער שלאָפט שוין דאָ ווער ווייסט פון וויפיל דורות...
און ערגעץ וואַנדערט זײַן נשמה אום פאַרבײַנקטערהייט.
צי האָט פון דורות׳דיקן וואַנדער די נשמה
צום שלאָפנדיקן גוף צוריק דעם וועג פאַרגעסן,
צי אפשר שלאָפט זי אויך אין ערגעץ־ווו באַזונדער
און וואַרט אויך, ווי דער גוף, דו זאָלסט אַ צווייטן מאָל
צעעפענען מיר מײַנע ברעמען און אַנטפּלעקן...

די דאָזיקע, צום צווייטן מאָל אַנטפּלעקונג, וועלכע איז צום מהר״ל נאָך נישט געקומען, קומט צו דער מענטשהייט איצט.

די גרעסטע רעוואָלוציע, וואָס קומט פאַר איצט אין דעם מענטש־לעכן דענקען, באַשטייט אין דעם, וואָס דער מענטשלעכער געדאַנק ברעכט איצט פאַנאַנדער אַלע מחיצות, וואָס זײַנען ביז איצט אַוועקגע־שטעלט געוואָרן צווישן דער וועלט, וואָס איז אויסנווייניק פון מענטשן, און דער וועלט, וואָס איז אינווייניק אין מענטשן. אין דער אינווייניק־סטער וועלט גופא, ווערן מיט די וואָרצלען אַרויסגעריסן אַלע קינסט־לעך־אויפגעשטעלטע גרעניצן צווישן די פאַרשיידענע אויסדרוקן פון גייסט, ווי געפיל, ווילן און דענקען.

די אויסנווייניקסטע וועלט, די וועלט פון שטאָף און קראַפט, ווערט צעשמאָלצן אין פסיכיק און ספּירישואַליטעט. דער שטאָף און דאָס וואָס ווערט געדענקט וועגן דעם שטאָף, ווערט צוריקגעבראַכט צו איין־און־איינציקן מקור — צו פסיכישער אָדער גייסטיקער ענערגיע. צו דער זעלבער גייסטיקער ענערגיע ווערט צוריקגעבראַכט די קראַפט און אַלץ וואָס מיר פילן וועגן דער קראַפט. דערמיט, וואָס די מאַטעריע ווערט אויפגעלייזט אין גייסט, ווערט שוין ממילא די גאַנצע אויסנ־

ווייניקסטע וועלט אויפגעלייזט אין דער אינוווייניקסטער וועלט.

געגאַנגען איז אייגנטלעך דאָס מענטשלעכע דענקען אין דער דאָזיקער ריכטונג זינט דער מענטש האָט בכלל אָנגעהויבן צו דענקען. פון צייט צו צייט זיינען אָבער זיג־זאַגן געמאַכט געוואָרן, פאַר אַ ווייל האָט זיך געדוכט, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אויסצוטייטשן גייסט אין די טערמינען פון מאַטעריע. אַן אַנדערשמאָל האָט זיך דעם מענטשן פאַרוואָלט לאָזן דעם גייסט לויפן פאַראַלעל צו דער מאַטעריע. מיד ווערנדיק, צייטנווייז פון אַלערליי מעטאַפיזישע ספעקולאַציעס, האָט דער מענטשלעכער געדאַנק זיך גאָר געוואָלט אָפּשטעלן ביי דעם אַגנאָ־סטיציזם, וועלכער האָט מיט אַ צופרידנקייט געענטפערט: איך ווייס נישט — אויף אַלע פראַגן וואָס גייען אַרויס פון די גרעניצן פון דער זינלעכער דערפאַרונג.

די פּאָעמע „דער גולם" איז אַ שיינער און שטאַרקער אויסדרוק פון די שטימונגען, וואָס זיינען באַפאַלן דעם מענטשן, אַ דאַנק דעם, וואָס ער האָט זיך און די וועלט נישט געקאָנט פאַראייניקן אין איין־און־איינציקער גרויסער ספּיריטועלער איינהייט.

און אויף דעם קלאָגט טאַקע דער יונגער בעטלער־משיח:

דִי וועלט — באַזונדער, מיר — באַזונדער,
קיינער נישט אין מיטן —
דער אומזין פון די לעצטע, לעצטע וואונדער
וועט אונדז היטן —

דער חלל, די שרעקלעכע פוסטקייט, צווישן דעם מענטשן און דער וועלט האָט געמוזט פירן צו אַן אומזין.

די זעלבע גאָרנישטקייט אָדער דער זעלבער קיינער־נישט איז אויך אָוועקגעשטעלט געוואָרן צווישן דער צוקונפט און דער קעגנוואַרט און צווישן דער קעגנוואַרט און פאַרגאַנגענהייט. אַ גאָרנישט־זאָגנדיקע און גאָרנישט־מיינענדיקע איבערגאַנגס־עפּאָכע איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן צווישן דעם נעכטן און דעם היינט, ווי אויך צווישן דעם היינט און דעם מאָרגן. דאָס האָט געפירט צו די באַגריפן פון אויסלייזונגס־מאָמענטן, וועלכע זיינען פאַרקערפּערט אין די באַגריפן פון אַ משיח. די דערוואַרטונגען אויף געוויסע פאַראויסבאַשטימטע מאָמענטן האָבן נאַטירלעך געמוזט אָוועקנעמען איניציאַטיוו און חשק צו אַקטיוויטעט, און קומען האָט געמוזט אומזין און אַנטוישונג. און גערעכט איז דער

גולם, ווען ער טענהט, אַז פון זיי, פון משיחן און קריסטוסן שמעקט פון איינעם — מיט טויטקייט, פון אַנדערן — מיט פוילקייט.

דערפאַר טאַקע באַשטייט איצט אַזוי שטאַרק די פילאָסאָפיע, אַז עס זאָלן אָפּגעווישט ווערן די גרעניצן צווישן טעאָריע און פּראַקטיק. יעדע האַנדלונג טראָגט און דאַרף טראָגן אין זיך אַ דערקענטניש; יעדע דערקענטניש דאַרף ווען־עס־איז באַצוועקן אַ האַנדלונג. אין די אמת־וויכטיקע און אמת־מענטשלעכע האַנדלונגען דאַרפן אַלע אויס־דרוקן פון קולטור זיך צונויפטרעפן. יעדער האַנדלונג אַזאַ פירט צו דער צונויפגיסונג פון דער וועלט מיטן מענטשן און צו דער באַהעפטונג פון מענטשן מיט גאָט.

אַזאַ בליק פון אַבסאָלוטער אוניווערסאַלער, ספּיריטועלער איינהייט, וועלכע זעצט זיך דורך איצט און כאַפּט אַרום דאָס מענטשלעכע דענקען, וועט מוזן טרייבן אויך צום אָפּוויש פון גרעניצן צווישן אַקטיוון און פּאַסיוון ווידערשטאַנד, צווישן פיזישער מאַכט און גייסטיקער מאַכט.

יעדע אמת־מענטשלעכע טאָט מוז זיין אַ סינטעז פון גייסטיקער און פיזישער קראַפט און מאַכט. פיזישע מאַכט באַזונדער — ווי זי איז, למשל, — ווען זי ווערט לעגאַליזירט, האָט נישט אין זיך קיין ספּאָנ־טאַנוּיטעט, טראָגט נישט אין זיך די ריזיקע צו פאַרלירן דעם אייגענעם לעבן צוליב עפּעס, וואָס שטייט העכער פון לעבן. אַזאַ מאַכט איז העסלעך און בעסטיאַל, אַזאַ מאַכט קאָן פון קיין אידעאַל נישט געהייליקט ווערן; אַזאַ מאַכט קאָן אויך נישט פירן צו דער פאַרווירקלעכונג פון אידעאַלן.

נישט אומזיסט פילט דער מהר״ל, ווי דער גוף, אין וועלכן ער וויל אַריינבלאָזן אַ לעבן, בעט זיך, אַז מען זאָל אים צום לעבן נישט ברענגען. ער וויל ליבערשט אינגאַנצן נישט זיין אויף דער וועלט, אײדער צו זיין אָן אַ נשמה, וועלכע האָט „פון דורות׳דיקן ווונדער צום שלאָפנדיקן גוף צוריק דעם וועג פאַרגעסן״.

אין די טיפענישן פון זיין נשמה שפּירט דער מהר״ל, אַז פון יעדן אויג וואָס וועט אַ קוק טאָן אויף זיין גוף אָן אַ נשמה, וועט אויס־געלאָשן ווערן יעדער שיין. ווו נאָר די פוס פון אַזאַ גוף וועט אַ טראָט געבן, וועט אויף יענעם אָרט בלייבן פאַרוויסטונג; צו וואָס ער וועט נאָר צולייגן אַ האַנט, וועט עס אויף שטויב און אַש צעשאָסן ווערן.

אַזוי איז דאָס געווען, אַזוי איז דאָס איצט, און אַזוי וועט זיין מיט יעדער פיזישער מאַכט, וועלכע איז אָפּגעזונדערט פון גייסטיקער קראַפט. גייסטיקע מאַכט אָן פיזישער, איז ווי טעאָריע אָן פּראַקטיק, ווי

ריינע פאַרנונפט אָן פּראַקטישן, ווי גוף, ווידער, אָן אַ נשמה. דאָס שפּירט דער יונגער בעטלער ווען ער זאָגט:

רעד נישט, רעד נישט. קום וואָס שנעלער,
נעם אין מדבר מיך צוריק,
וואָס די נאַכט ווערט שטילער, העלער,
אַלץ דערשראָקענער מיין בליק.
הענט נאָך הענט, איך זע, פאַרבראָכן,
אויגן פּלאַצן, רינען אויס,
אָפּגעהאַקטע קעפּ און קנאָכן,
פלאַם און רויך אין יעדער הויז.
ביי די טירן פון די הייזער
שטייען צוויי און קוקן צו
אויף די זייגערס, ווי די ווייזערס
קריכן, קריכן — איך און דו.

און צום סוף זאָגט ער:

איך גיי אַוועק, שוין אָפּשלאָפן וועל איך אין מדבר
פאַר אַלע נישט דערשלאָפענע געיאָגטע נעכט,
און — פרייד צו דיר און יעדן פון אייך...

טראַכטן מיר זיך אַריין אין די ווערטער פון יונגן בעטלער, וועלכן דער מהר״ל וויל האַלטן אָפּגעזונדערט פון דער רויער פיזישער מאַכט, הויבן מיר אָן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס גהאַנדי קאָן זיך נישט אונטערשרייבן אונטער דעם פּאַסיוון ווידערשטאַנד ווי טאָלסטאָי האָט אים פאָרמולירט. ער האָט מורא פאַר דער פאַרגליווערונג און פוילקייט, וועלכע ליגן איינגעוויקלט אין יעדן קנייטשל פון רייך־גייסטיקער פּאַסיוויטעט.

פאַרן אַקטיוון ווידערשטאַנד, ווידער, שרעקט ער זיך זייער שטאַרק, ווייל ער קאָן זיך אים אַנדערש נישט מאָלן, ווי אין דער פאָרם פון ריינער פיזישער מאַכט, וועלכע איז אָפּשטויסנדיק. די מעג־לעכקייט פון סינטעז האָבן זיי נאָך נישט דערזען. זייערע נשמות ווערן דערייבער ווי די נשמה פון מהר״ל אויף צוויי צעריסן.

זיינע טריט אומצוקערן טאָר איך נישט — זאָגט דער מהר״ל — אָבער באַלד נאָכדעם ברעכט ער צוזאַמען און שרייט — אַ, אַ, זיי זיינען שוין נישטאָ...

די אַרבעט איצט, אַזוי דענקט דער מהר״ל, דאַרף געטאָן ווערן פון גולם און בלויז פון גולם. זייער צייט — זאָגט ער צום גולם — איז נאָך נישט געקומען, איצט איז דיין צייט.

אָבער, ווי זאָגט דאָרט תנחום?:

אָפּגענאַרט תנחומ׳ן, אָפּגענאַרט תנחומ׳ן,
און תנחום האָט זיך נאַרן געלאָזט,
און ווער איז דער אָפּנאַרער? ווער?
אַ גולם האָט אָפּגענאַרט תנחומ׳ן...

און אָפּגענאַרט האָט דער גולם נישט נאָר תנחומ׳ן, נאָר אויך דעם מהר״ל. דער באַנקראָט פון גולם אַזוי גוט ווי פון משיח, וועלכע האָבן געאַרבעט איינע אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע, ווערט אַם־שטאַרקסטן אויסגעדריקט אין די ווערטער פון די אונטערדריקטע:

ערשטער:

טוט אויף אַלע ליכט אַ שפּיי
און פאַרלאָזט די שטומע דריי...

אַלע:

שפּייען וועלן מיר נישט דאַרפן
ווייל דער פלאַם אַליין פאַרגייט.

און דאָ דערמאָנען מיר זיך ווידער אין דער פראַגע, וואָס האָט אָן עגבער געטאָן דעם מהר״לס מוח בעת ער האָט דעם גולם באַשאַפן. הויבנדיק דעם קאָפּ צו דער הויך, האָט ער געפרעגט:

צי אפשר שלאָפט זי (די נשמה) אויך ערגעץ־ווו באַזונדער און וואַרט אויך, ווי דער גוף, דו זאָלסט אַ צווייטן מאָל צעעפענען מיר מיינע ברעמען און אַנטפּלעקן?...

איבערצייגט האָט זיך דער מהר״ל, אַז די אַרבעט פון גוף באַזונדער טויג נישט. זיינע לעצטע ווערטער צום גולם זיינען:

כ׳בין גוזן: זאָלן דיינע הענט און פיס, דיין קאָפּ,
דיין גוף, מיט אַלע זיינע אברים, גידים
זיך אומקערן צו זייער רו!
הויך־אויס דיין לעצטן אָטעם. אמן.

די נשמה אָן דעם גוף אויף דער וועלט קאָן אויך נישט אַרבעטן. ווי זאָגט פּרץ׳ס ר׳ שכנא (אַ שמועס), ווען דער רבונו של עולם זאָל וועלן נשמות אָן גופים, וואָלט ער קיין וועלט נישט באַשאַפן. בלייבט איין אויסוועג: אַ סינטעז פון נשמה און גוף אויף דער גאַנצער ברייט, לייגנג און טיף פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש. אַ סינטעז, וואָס זאָל געמאַכט ווערן אין ליכט פון אַן אַבסאָלוטן קאָסמישן ספּיריטואַליזם. אַזאַ סינטעז וואַרפט אַ גאַנץ ניי ליכט אויף דער פּראָבלעם פון קאַמף, טעראָר און גוואַלדטאַט, וואָס דאַרף אין אַלע איינצלהייטן סאָציאָל־פילאָסאָפיש דורכגעגנומען ווערן.

די מעגלעכקייט פון אַ נייעם ענטפער אויף דער דאָזיקער אַלטער און אַלע מאָל נייער פּראָבלעם רופט אַרויס אין זכרון תנחום׳ס ווערטער:

קיינער קאָן נישט אָפּשטעלן מיין רייטוואָגן,
. . . . . . . . . . . .
ווייל קיינער איז נאָך אין אים נישט געזעסן,
און געברענט זיך אין זיין פייער...

# פיאדאר דאסטאיעווסקי׳ס

# „ברידער קאראמאזאוו“

(די דריי מיסטעריעס)

.1

# פיאָדאָר און אַליאָשאַ.

## א.

„די אויגן פון כאַאָס, וואָס לייכטן דורכן שלייער פון דער אָרד־נונג" — זיינען נאָוואַליסעס ווערטער, וואָס ראָמען ראָלאַנס העלד זשאַן קריסטאָף ווענדט אָן אויף זיינע שאַפּונגען, וואָס אין זיי האָט ער געגעבן אויסדרוק צום שרעקלעכן כאַאָס פון זיין נשמה.

די דאָזיקע ווערטער: „אויגן פון כאַאָס, וואָס לייכטן דורכן שלייער פון דער אָרדנונג", קאָנען אָנגעווענדט ווערן ווי אַ דעפיניציע פאַר קונסט בכלל, און פאַר דאָסטאָיעווסקיס קונסט בפרט. צווישן אַלע דאָ־סטאָיעווסקי ווערק איז „ברידער קאַראַמאַזאָוו" דאָס ווערק, וואָס צייכנט זיך אויס אי מיט כאַאָס, וואָס אים לאָזט דאָסטאָיעווסקי אַרויסשלאָגן פון די אונטערגרונטן פון די נשמות פון זיינע העלדן; אי מיט אָרדנונג, וואָס אין איר לאָזט דאָסטאָיעווסקי די תוהו־ובוהיקייט זיך אַנטוויקלען און זיך אויפלייזן, און באַלד פונסניי אויפשטייגן און זיך אויפלייזן אויף אַ טיפערן און מוראדיקערן אופן.

פון שטאַנדפּונקט פון כאַאָס און קאָסמאָס זיינען די וויכטיקסטע העלדן אין דעמדאָזיקן ווערק די צוויי ברידער, דמיטרי און איוואַן, און די צוויי נישט־שוועסטער — גרושענקאַ און קאַטיאַ. אין ליכט פון קאָסמישקייט בלויז, איז פון גרויס וויכטיקייט אַליאָשאַ — דער שאָטן פון דעם בעסערן זעלבסט אין די דאָזיקע העלדן. דאָס סימבאָלישע געשטאַלט אַליאָשאַ איז די געשטאַלטיקייט פון יעדן מענטש אין די דערהויבנסטע מאָמענטן פון זיין לעבן. דאָס איז אַ געשטאַלט, נאָך וועלכן דער מענטש גלוסט און בענקט, ליבט און האַסט, ציט זיך דערצו און שרעקט זיך דערפאַר אין די שטורעם־ און דראַנג־מאָמענטן פון זיין לעבן.

די סימבאָליש־אידעאַלע געשטאַלטן אין דער ליטעראַטור, ווי

די לעגענדאַריש־אידעאַלע געשטאַלטן אין דער געשיכטע, זיינען ווי די זון, די לבנה און די שטערן: ווי ווייט מיר זיינען פון זיי, ווי הויך זיי זיינען איבער אונז, גענים מיר אָבער שטענדיק פון זייער ליכט און שיין, זייער פּראַכט און גלאַנץ. אין די אויגן פון קינד, וואָס פאַר־געסט אָפּט די ווייטקייט און הויכקייט פון די „ליכטער אין דעם אויס־שפּרייט פון הימל“, פאַרלירן דידאַקטישע ליכטער אַ סך פון זייער פּראַכט און גלאַנץ; עס פאַלט אַוועק אַ סך פון זייער עסטעטישקייט דורך דעם קינדס אויסדוכט, אַז אַן אויסשטרעק פון אַן אמת לאַנגער האַנט וועט זיי דערגרייכן. אַזוי אויך פאַרלירן די סימבאָלישע געשטאַלטן אין דער ליטעראַטור און די לעגנדאַרישע געשטאַלטן אין דער געשיכטע גאָר אַ סך פון זייער פּראַכט און גלאַנץ און פון זייער טיפערער און שענערער ווירקונג און איינפלוס, ווען מען דערזעט נישט אָדער ווען מען פאַר־געסט אָן זייער סימבאָלישקייט און לעגענדאַרישקייט.

צו קאָנקרעטיזירן סימבאָלן און סימבאָליזירן קאָנקרעטע גע־שטאַלטן איז איינע פון די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דעם קינסט־לער דאָסטאָיעווסקי. אַליאָשאַ קאַראַמאַזאָוו וואָלט קינסטלעריש שטאַרק געליטן, ווען מיר זאָלן אים נישט אויפנעמען מער סימבאָליש ווי קאָנקרעט. דאָסטאָיעווסקיס המצאה צו קאָנקרעטיזירן דעם סימבאָל און צו סימבאָליזירן די קאָנקרעטקייט האָט מעגלעך געמאַכט פאַר אים צו בלייבן קינסטלער אַפילו דאָרט, וואו עס האָט אַרויסגערעט פון אים דער מאָראַל־און־רעליגיע פּריידיקער.

דאָסטאָיעווסקי צייכנט זיך אויס מיט דער זעלטענער פעיקייט צו מערקן דאָס אויסערגעוויינלעכסטע און אומדערוואַרטעסטע אין די סאַמע געוויינלעכסטע און דערוואַרטעסטע געשעענישן און פאָרקומע־נישן אין לעבן. ער דערפירט דערפאַר זיינע קאָנקרעט לעבעדיקע געשטאַלטן דורך די מינדסטע קלייניקייטן און אומבאַדייטלעכקייטן צו דערפאַרונגען, וואָס זענען אויס אַזוי אויסטערליש און אוממעגלעך, אַז מיט דעם גאַנצן גלויבן, וואָס ער צווינגט אַרויף אויף אונדז מיט זיין קינסטלערישער עכטקייט, וואָלט אונדזער פאַנטאַזיע נישט אויסגע־האַלטן, ווען ער טוט נישט מיט אַמאָל אַ פּיר אַריין אין דער ממשלה פון דער סימבאָליק.

די איבעראינדיווידועלע דערפאַרונגען ראַטעווען זיך און בלייבן לעבן אינם סימבאָל, ווי די איבערגעשיכטלעכע דערפאַרונגען פאַר־אייביקן זיך אין דער לעגענדע.

פֿאַראַן אַ קאַפּיטל אין „ברידער קאַראַמאַזאָוו", וואָס טראָגט אויף זיך דאָס קעפּל „די ציבעלקע". דאָס קאַפּיטל הייסט „ציבעלקע" דערפֿאַר, וואָס דערין דערציילט גרושענקאַ אַליאָשאַן אַ מעשהלע, וואָס זי האָט נאָך אַלס קינד געהערט פֿון איר מאַטרענאַ. די מעשה איז אַזאַ: אַמאָל האָט געלעבט אַן אַלטע באַבע, אַ בייזע ווי בייז קאָן נאָר זיין, און איז געשטאָרבן. נישט איבערגעלאָזט האָט זי נאָך זיך קיין סימן פֿון וועלכע עס איז מעשים־טובים. געכאַפּט האָבן זי די שדים און אַריינגעוואָרפֿן זי אין אַ פֿייערדיקן גרוב. שטייט דער מלאך, איר שומר, און טראַכט: וואָס עפּעס פֿאַר אַ מעשה־טובה וואָלט איך געקאָנט דערמאָנען, אַז איך זאָל גאָט דערציילן. און ער האָט זיך דערמאָנט און זאָגט צו גאָט: זי האָט אַמאָל אַ ציבעלקעלע אויסגעריסן אין איר גאָרטן און האָט עס געגעבן אַ בעטלערקע. און גאָט ענטפֿערט אים: נעם־זשע, זאָגט ער, די זעלביקע ציבעלע און האַלט זי פֿאַר איר גרוב. זאָל זי זיך אָנכאַפּן און שלעפּן. וועסטו זי אַרויסשלעפּן פֿון גרוב, זאָל זי גיין אין גן־עדן, וועט זיך איבעררייסן די ציבעלקע, מוז זי בלייבן וואו זי איז. אַוועקגעלאָפֿן דער מלאך צו דער באַבע, דערלאַנגט איר דאָס ציבעלקעלע. „נאַ, זאָגט ער, דאָס ציבעלקעלע, כאַפּ זיך אָן דעם און איך וועל דיך שלעפּן". און פֿאָרזיכטיק האָט ער אָנגעהויבן זי שלעפּן, און האָט זי שוין באַלד אַרויסגעשלעפּט. איז ווען אָבער די איבעריקע זינדיקע אין גרוב האָבן דערזעען, אַז מען שלעפּט זי, האָבן זיי אַלע אָנגעהויבן זיך אָנכאַפּן אין איר, כדי מען זאָל זיי אינאיינעם מיט איר אַרויסציען. איז דאָך אָבער די באַבע געווען אַ שלעכטע און אַ בייזע, האָט זי אָנגעהויבן זיי דריגען מיט די פֿיס און שרייען: ס'טייטש, מיך שלעפּט מען און נישט אייך, עס איז מיין ציבעלקע און נישט אייערע! און אַזוי שנעל, ווי זי האָט אַרויסגעזאָגט אָט דידאָזיקע ווערטער, האָט זיך די ציבעלקע איבערגעריסן, און אַריינגעפֿאַלן איז די באַבע צוריק אין גרוב אַריין און ברענט דאָרט ביז אויף היינטיקן טאָג.

און ווען אַליאָשאַ הערט שפּעטער אין חלום די רייד צו אים פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם הייליקן פֿאָטער זאָסימאַ, איז צווישן דידאָזיקע רייד הערט איר אים אויך רעדן וועגן דער ציבעלקע. „און אַ סך דאָ — זאָגט זאָסימאַ — האָבן געגעבן צו ציבעלקעלעך — איין קליין ציבעלקעלע".

ווי דעם גוטן מלאך פֿון דער באַבע, אַזוי אויך זיינען דאָסטאָ־יעווסקין געקומען אויפֿן זכרון און אין דער אינטויציע אַלערליי שאָטי־

רונגען און נואַנסן, אויסדרוקן און איינדרוקן פון דער מענטשלעכער נשמה, וואָס זיינען אויסנווייניק און אויבנאויפיק גענומען פון נישט קיין גרעסערן באַטייט ווי אַ ציבעלקע; דאָך פאַרמאָגן זיי אין זיך כוחות, וואָס שלעפן דעם מענטש פון די אונטערגרונטן צו די הימלען און שליידערן אים פון די הימלען אין די אונטערגרונטן.

ב.

דאָסטאָיעווסקיס פאַנטאַזיע לאָזט געוויסע געפילן, עמאָציעס פון דער מענטשלעכער נשמה, אָפט פון דער נשמה אַפילו פון דעם פשוטסטן מענטש, ווערן אַזוי ברויזנדיק און אַלץ פאַרכאַפנדיק, אַז אונדזער פאַנטאַזיע קאָן זיך זיי נישט מער פאָרשטעלן ווי עמאָציעס און אויס־דרוקן פון איין נשמה, נאָר ווי פון אַלע נשמות אינאיינעם געגומען. זיי הייבן אָן סימבאָליזירן פאַר אונדז דעם שטורם און דראַנג פון דער וועלט־נשמה, פון דעם וועלט־גייסט. איינער פון אַזעלכע סימבאָלישע געשטאַלטן אינם ווערק „ברידער קאַראַמאַזאָוו״ איז דער טאַטע זייערער פיאָדאָר פאַוולאָוויטש קאַראַמאַזאָוו.

אַזוי פיל תאווה, אַזוי פיל מעכטיקן און קרעפטיקן אויסברוך פון ליידנשאַפט, אַזוי פיל אומגעצוימטקייט אין גאַרענישן, אַז וואָלט ער זיך אויסגעשטאַלטעט אין אונדזער פאַנטאַזיע ריין קאָנקרעט, וואָלט ער נישט געהאַט פאַר אונדז קיין ברעקל קינסטלערישע רעגונג. אָבער פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו ווערט פון דאָסטאָיעווסקין פאַרגעשטעלט פאַר אונדז קודם־כל, ווי אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, מיט אַ גאַנץ טיפן בליק אויף זאַכן און אַריינבליק אין זאַכן. ער פאַרמאָגט עטוואָס אין זיך פון דעם, וואָס קאָן פאַרצייכנט ווערן אַלס פערזענלעכקייט.

פערזענלעכקייט לאָזט זיך מער דערפילן ווי דעפינירן. אַ פער־זענלעכקייט ווערט דערפילט, און רופט אַרויס רעספּעקט און אָפּשיי אַפילו פון די וואָס קאָנען ניט זאָגן, וואָס אַזעלכעס איז פערזענלעכקייט, און וואָס מאַכט איינעם יאָ דערפילט ווערן ווי אַ פערזענלעכקייט און דעם אַנדערן נישט. פון יעדן וואָרט, וואָס אַ פערזענלעכקייט רעדט אַרויס דערפילט זיך אַ שטאַרקייט און קרעפטיקייט, אַ מאַכט און אַ ווילן איינצושטעלן זיך פאַר דעם זין און מיין פון דעם אַרויסגעזאָגטן וואָרט. דאָס איז דערפאַר, וואָס פערזענלעכקייט פילט שטאַרק זיין אייגענע זעלבסטקייט און זיין אָנקניפּ אָן דעם אַלהעכסטן זעלבסט. ער

שפּירט אין זיין ווילן אַן אויסדרוק פונם קאָסמישן ווילן. אין זיין אַנטשלאָסנקייט צו פאַרוואַנדלען ווילן אין טאַט, וויזיע אין רעאַליטעט, דערקענט ער אַן אַלוועלטלעכן אימפּעראַטיוו. דאָס דערקלערט פיאָדאָר קאַראַמאַזאָווס שטאַרקע פאַראינטערעסירטקייט צו וויסן צי עס איז יאָ אָדער נישט פאַראַן אַ פּערזענלעכקייט איבער אַלע פּערזענלעכקייטן אין דער וועלט, צי עס איז יאָ אָדער נישט פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. פון דעמדאָזיקן שטאַרקן מענטשן מיט אַ היפּשן אָנווונק אויף פּערזענלעכקייט, לאָזט דאָסטאָיעווסקי אַרויסשלאָגן, ווי די לאַווע פונם וועזוויוס פּלאַמפּייערדיקע ליידנשאַפטן, וואָס ווערן נישט אויסגעלאָשן אויף איין מאָמענט אין זיין לעבן. די ליידנשאַפטן שלאָגן פון אים אַרויס מיט אַזאַ מאַכט און קראַפט, מיט אַזאַ ברען און אימפּעט, אַז ער הייבט אָן ביסלעכווייז פאַרלירן אין אונדזערע אויגן די קאָנקרעטקייט פון געשטאַלט פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו. ער ווערט פאַר אונדז, אויב נישט אין אַלע הינזיכטן, איז אין אַ געוויסער הינזיכט, אַ סימבאָליש געשטאַלט. ער הייבט אָן סימבאָליזירן פאַר אונדז אַן עפּאָכע, אַ פאָלק אָדער יעדן מענטש בכלל, ווען די מעכטיקע וואַסערן פון דער ליידנשאַפט טועז אים אַ רייס אויף און אַ טראָג איבער זיך, ווי אַ שפּענדעלע אויף די מעכטיקע כוואַליעס פון אַן אויפגעברויזטן ים.

אַז דאָסטאָיעווסקי אַליין האָט ביז צו אַ גרויסן גראַד אין זינען געהאַט די סימבאָלישקייט פון דעם פאָטער פיאָדאָר אַזוי גוט ווי פון די זין זיינע, וואָס אַלע איניינעם שטעלן זיי צונויף די פאַמיליע קאַראַמאַזאָוו, זעען מיר פון די ווערטער, וואָס דאָסטאָיעווסקי לאָזט פאַלן דורך דעם פּראָקוראָר.

„אינדעראמתן — פרעגט דער פּראָקוראָר — וואָס איז אַזעלכעס אָט די פאַמיליע קאַראַמאַזאָוו, וואָס איז פּלוצלינג אויף אַ טרויעריקן אופן באַוווסט געוואָרן איבער גאַנץ רוסלאַנד אַפילו?“ און ער ענטפערט: „עס קאָן זיין, אַז איך טרייב איבער, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז אין דעם בילד פון דעמדאָזיקן פאַמיליעלע, שפּיגלען זיך אָפּ די סודותדיקע עלעמענטן פון אונדזער איצטיקער אינטעליגענטער געזעלשאַפט“.

און רעדנדיק אַלץ מער און מער וועגן די קאַראַמאַזאָווס בלשון מיר, מיינענדיק מיר רוסן, און דאָ און דאָרט — אויך מיר מענטשן, זאָגט דער פּראָקוראָר: „מיר זיינען ברייטע נאַטורן — קאַראַמאַזאָווישע נאַטורן, — וואָס זיינען פעיִק אַריינצונעמען אין זיך אַלערליי מעגלעכע ווידערשפּרוכן און אין איינער אין דער זעלביקער צייט אַריינצוקוקן

איןביידע תהומען, דעם תהום איבער אונדז, דעם תהום פון די העכסטע אידעאַלן, און דעם תהום אונטער אונדז, דעם תהום פון דער נידעריק־סטער און העכסטער געפאַלנקייט — — — צוויי אַפּגרונטן, צוויי אַפּגרונטן, מיינע הערן, אין איינעם און דעם זעלביקן מאָמענט — אָן דעם זיינען מיר אומגליקלעכע און אומצופרידענע, אונדזער עקזיסטענץ איז נישט קיין גאַנצע. מיר זיינען ברייט, ברייט ווי אונזער גאַנצע מאַטושקאַ ראָסיאַ, מיר ווען אַלץ אַריינעמען און מיט אַלץ זיך איינלעבן".

סיי אַלזאָ וועגן דעם אַלטן פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, סיי וועגן זיינע זין לאָזט דאָסטאָיעווסקי דעם פּראָקוראָר רעדן וועגן זיי, ווי וועגן אייניקע וואָס סימבאַליזירן מענטש, לאַנד און עפּאָכע. אויסרעכענענדיק איינע נאָך די אַנדערע אַלע מיאוסע טאַטן און האַנדלונגען פון פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, וועלכע זיינען געוואָרן אַ שם־דבר, זאָגט דער פּראָקוראָר ווייטער: נו, גענוג, גענוג וועגן דעם דאָזיקן אומגליקלעכן אַלטן. ער האָט שוין געקראָגן, וואָס אים איז געקומען. זאָלן מיר אָבער געדענקען, אַז דערדאָזיקער פאָטער איז איינער פון די היינטיקע פאָטערס. וועל איך באַליידיקן די געזעלשאַפט, ווען איך וועל זאָגן, אַז ער איז איינער אַפילו פון אַ סך פון די היינטיקע פאָטערס? אָ, אַזוי פיל פון די היינ־טיקע פאָטערס זאָגן זיך בלויז נישט אַרויס אַזוי ציניש, ווי ער, ווייל זיי זיינען בעסער דערצויגן, בעסער געבילדעט, אָבער איגדעראמתן כמעט פון דערזעלבער פילאָסאָפיע, ווי ער".

רעדנדיק אויך וועגן דמיטריען זאָגט דער פּראָקוראָר: „להיפוך צו דער „איראָפּעיִשקייט" און „פּאָלקפרימיטיווקייט" פון זיינע ברידער, שטעלט ער מיט זיך פאָר דאָס אוממיטלבאַרע רוסלאַנד! אָ, נישט די גאַנצע, נישט די גאַנצע, זאָל גאָט אויסהיטן, אַז עס זאָל זיין די גאַנצע, און פונדעסטוועגן איז דאָ פאַראַן אונדזער „ראַססייאושקאַ", עס שמעקט מיט איר, עס הערט זיך אונדזער מאַטושקאַ!"

פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו, און מיט אים דאָסטאָיעווסקי אַליין, קוקט אויף ליידנשאַפטלעכע פאַרפלייצונגען ווי אויף אַ פּראָטעסט קעגן די פיל אומזיניקע און אומבאַרעכטיקטע אונטערדריקונגען פון מענטש־לעכע גלוסטענישן, און גאַרענישן מצד דער רעליגיע, ווי אויך מצד דער געזעלשאַפט. די רעליגיע, דורך איר פאַרשימלטקייט און פאַר־גליווערטקייט לאָזט דער רעליגיעזיטעט דעם קאָפּ נישט אויפהייבן. די געזעלשאַפט קלאַמערט זיך אין די טראַדיציעס, וואָס זיי איז שוין

אויסגעגאַנגען דאָס לעבן, און אָפּגעטון האָט זיך פון זיי די נשמה.
דאָסטאָיעווסקי לאָזט דעריבער קומען דערצו, אַז אָט דער צע־לאָזענער און אויסגעלאַסענער פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו זאָל בקול רם אויף אַן עכט פּאַרנונפטיקן און גערעכטן אופן פּאַרטיידיקן קריסטוסן אַקעגן קריסטנטום, און די געפילן און די בליקן פון דעם לעגענדאַרישן קריסטוסן אַקעגן דעם, וואָס איז אין זיין נאָמען געוואָרן צו שאַנד און צו שפּאָט. צו די מאָנאַכן פון קלויסטער שרייט אויס פיאָדאָר קאַראַ־מאַזאָוו: „יענע באַשעפעניש, יענע „זיך נישט אנשטענדיק־אויפ־פירנדיקע פרוי" איז אפשר הייליקער פאַר אייך, איר קלויסטער־פרושים, וואָס זוכן רעטונג פון זינד! זי איז אפשר געפאַלן אין איר יוגנט, רואינירט פון איר סביבה. זי האָט אָבער אַ סך געליבט, און קריסטוס אַליין האָט מוחל געווען דער פרוי, וואָס האָט אַ סך געליבט".
ווען איינער פון די מאָנאַכן ענטפערט אויף דעם: „נישט פאַר אַזאַ ליבע האָט קריסטוס מוחל געווען", ענטפערט אויף דעם צוריק מיט כעס פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו: „יאָ, פאר אזאַ, פאר אזא, מאנאכן! איר ראטעוועט אייערע נשמות דאָ, עסנדיק קרויט און איר דענקט, אַז איר זיינט צדיקים, איר עסט אַ גרונדלינג אַ טאָג, און איר דענקט, אַז איר קויפט אונטער גאָט מיט אַ גרונדלינג!"
אויסגעלאַסן און זינדיק איז געווען דער אַלטער קאַראַמאַזאָוו, אָבער נאָך אַלץ נישט ביז צו דער מדרגה פון נישט פילן, אין געוויסע מאָמענטן, זיין געפאַלנקייט. אין יענע מאָמענטן האָט ער געביינקט נאָך דער ריינקייט און גוטסקייט פון דער טוגנט און זיך געשראָקן פאַר דעם אומבאקאנטן און אומזעבארן ערגעץ־ווו אין דער וועלט. ער האָט געליבט דעם צדיק און געביינקט נאָך אים. ער האָט אָבער מיט אַלע פיברן פון זיין נשמה געפילט, אַז ניט צווישן די ווענט פון רעליגיע־אינסטיטוציעס, וועלכע דערלאָזן נישט צו זיך דאָס לעבן, קאָן זיך געפינען דער, וואָס דאַרף זיין אַ סינטעז פון טוגנט און ריינקייט און פון דער פולסטער דינאַמישער לעבהאַפטיקייט אין דער זעלביקער צייט. עס איז דידאַזיקע בענקעניש אין אים נאָך עמעצן, וועלכער איז בעסער און ריינער פאַר אים און די שרעק פאַר דעם עמעצן, וועלכער וועט אפשר משפטן, וואָס האָט אים געמאַכט מיט ליבע אויפנעמען זיין זון אַליאָשאַ, און טאַקע אויך עפּעס לערנען פון אים.
„אַליאָשאַ — שרייבט דאָסטאָיעווסקי — האָט גערירט ביז גאָר זיין האַרץ דערמיט, וואָס ער האָט געלעבט מיט אים, אַלץ געזען און

אין קיין שום זאַך נישט באַשולדיקט. נאָך מער, ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ זאַך, וואָס איז נאָך נישט געווען: „אַ לחלוטינדיקע אפּוועזנהייט פון פאַראַכטונג צו אים; אַ שטענדיקע צערטלעכקייט, אַ פולקאָמענע נאַטירלעכע, אָפנהאַרציקע צוגעבונדנקייט צו אים, וועלכער האָט זי אַזוי ווייניק פאַרדינט. דאָס אַלץ איז געווען אַ לחלוטנדיקער סורפּריז פאַרן אַלטן קאַראַמאַזאָוו, וועלכער האָט שוין פאַרלוירן דעם חוש פון בושה און איז נישט געווען געבונדן מיט קיינע פאַמיליע־פעדעם. עס איז געווען אַ נייע און אומדערוואַרטעטע דערפאַרונג פאַר אים, וועלכער האָט ביז דעמאָלט ליב געהאַט נאָר שלעכטס. נאָכדעם ווי אַליאָשאַ איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער זיך מודה געווען צו זיך אַליין, אַז ער האָט פאַרשטאַנען עפּעס, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געוואָלט פאַרשטיין".

שוין די דאָזיקע ווערטער גופא פון דאָסטאָיעווסקין וועגן אַליאָשאַס באַציונג צום פאָטער און זיין איינפלוס אויף אים, וואָלטן געווען ריינער פריידיקט, ריינע כוונה צום לערנען דעם מענטשן צו זיין ווויל און גוט, מאָראַליש און רעליגיעז. זיי וואָלטן אָבער געווען ווייט פון קונסט, ווען אלאָשאַ זאָל אין דעם דאָזיקן ווערק געגעבן ווערן נאָר ווי דער זון פון אַ ליידנשאַפטלעך זינדיקן טאַטן און אַן אמת־צניעות־דיקער מאַמע. די דאָזיקע ווערטער וואָלטן נישט געווען קיין קונסט דערפאַר, וואָס אַ בלוט־און־פלייש־מענטש קאָן נישט קיין איינאונאיינציקן מאָל אין זיין לעבן זיין פריי פון פאַראַכטונג, פון פאַרדרוס אויף אַ טאַטן, וואָס איז פונקט דער היפּוך וואָס דער זון איז — דער היפּוך אין אַלץ צום ערגערן, צום שלעכטסטן און צום מיאוסטן.

מיר קאָנען זיך נישט פאָרשטעלן אַ זון, וואָס זאָל אויף אַ נאַטירלעך־האַרציקן אופן זיין איבערגעגעבן צו אַ טאַטן, וועלכער האָט עס אַזוי ווייניק פאַרדינט, ווי דאָס האָט פיאָדאָר קאַראַמאַזאָוו. מען קאָן אַלץ אין דער וועלט טון מיט אַזאַ טאַטן — פון הרגענען אים, ווי דאָס האָט פאַרטראַכט דמיטרי, ווי דאָס האָט געוואָלט אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין איוואַן און ווי דאָס האָט אָן חכמות געטון דער האַלב־אידיאָטישער נישט לעגיטימער זון סמערדיאַקאָוו — ביז לאָזן אים אינגאַנצן צורו, באַפרייענדיק זיך פון די פאָטער געפילן, ווי ער האָט זיך באַפרייט פון די קינדער געפילן. מען קאָן אַלץ טון, אַחוץ ליב האָבן דעם, וואָס האָט אַחוץ שלעכטס קיין זאַך נישט באַגערט, און ווען מען זאָל עס קאָנען, דאַרף מען נישט און מען זאָל עס נישט טון, מחמת אַזאַ ליבע וואָלט אויסגעוואָרצלט פון דער וועלט יעדן סטימול,

# י. ל. פּרץ׳ס

# „ביינאכט אויפן אַלטן מאַרק“

(א פּתרון צום חלום).

„ביינאכט אויפן אלטן מארק" — איז א „טרוים פון אַ פיבער־נאכט". אזוי לאנג ווי נאכט וועט פינצטערן, און עס וועלן זיך געפינען מענטשן, וואָס וועלן פיבערן אין איר פינצטערניש, אזוי לאנג וועט דער חלום וועגן אלטן מארק זיי אָנרעגן צו פאַרטייטשן זיינע פלאָנ־טערנישן און פארוויקלונגען. יעדע פארטייטשונג, וואָס וועט קומען צו די פיבערנדיקע מענטשן, וועט פירן צו שיינע און טיפע חלומות, וואָס וועלן מאכן דאס לעבן שענער און טיפער.

פארן באשייד פון חלום איז ניט וויכטיק דאָס באשטימטע יאָר, וואס אין אים האָט געפינסטערט די האַרבסט־נאַכט, אין וועלכער דער דיכטער האָט אויסגעחלומ׳ט זיין חלום. פאַרן באטייט פון חלום און זיינע רמזים זיינען אויך ניט וויכטיק די נעמען פון שטעטל און זיין מארק, די נעמען פון די געשטאלטן און פערזאָנען, וואָס וועגן זיי טרוימט־אין־דיכטונג דער שאפער פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק". אין דער דאזיקער דראמע פיגורירט ספעציפישקייט נאר אויף אַזויפיל, וויפיל עס פאָדערט די פאָרם פון דראמע און די עקספּאָזיציע פון קונסט. ווי דער טרוים, סימבאָליזירט די פאנטאזיע פון דיכטער, די נאַכט — די פינסטערניש אין אלע אירע אויסדרוקן, אזוי איז אויך דער מארק א סימבאָל פון עפּעס, וואָס גייט ארויס פון די גרענעצן פון אָרט, אין וועלכן דער מארק געפינט זיך, און פון צייט, וואָס אין איר האָט דער דיכטער געשאפן. די נאַכט מיט איר פינסטערניש, דער מארק מיט זיין אלטקייט, דאָס שטעטעלע מיט זיין באגרענעצטקייט, און דער דיכטער מיט זיין טרוים — ווערן אוניווערסאל.

די מענטשהייט ווי א קאָלעקטיוו און דער מענטש ווי א יחיד האָבן אלעמאָל געשטרעבט און וועלן ניט אויפהערן שטרעבן צו אַ מאָרגן, וואָס זאָל זיין אנדערש פונם היינט. דער מענטש האָט געזוכט און וועט זוכן אינם נעכטן א דערמוטיקונג פאַרן היינט און פון צייט צו צייט וועלן קומען מענטשן, וואָס דאָס שטרעבן צום מאָרגן און די בענקעניש נאָכן נעכטן וועלן זיי באוועלטיקן און זיי וועלן געפינען זייער טייערסטן חבר אין דיכטער־העלד פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק", וועלכער זינגט:

שאָטן פון פארגאנגענעם
קוים איבערגעלעבטע קוואלן...

און שטראלן
ווערן אַריינגעהאַפּטן
פֿון נאָך אין נעץ ניט געפֿאַנגענעם,
פֿון קוים געהאַפּטן.
פֿרעגט דאָס האַרץ אין שטילער פּיין:
„געווען", „וועט קומען", ווו איז זיין?
ווען קומט זיין פֿאָדעם אַריין אין געפּלעכט?

**
*

צוליב דער סימבאָלישקייט, מיט וועלכער די דראַמע איז דורכגעדרונגען, איז פֿאַר אונדז וויכטיק זיך צו באַקענען מיטן גענויעם אויסלייג פֿון שטעטל.

מיר זעען: — די שול — אַ נידעריקע, אַלטע, גרויע מויער, האַלב־קיילעכדיקע פֿענצטער מיט אויסגעשלאָגענע שויבן, אונטער אַן אויסגעקרומטן דאַך מיט אַ וועטער־פֿענדל אויפֿן שפּיץ, אין געשטאַלט פֿון אַ בלעכענעם האָן מיט אויסגעצופּטע פֿליגל. נאָכדעם קומט דאָס שול־געסל. נאָכן שול־געסל קומט די קלויז, און נאָך איר — די חורבה.

מיר זעען אויך אַ שענק, מיט אַ שילד פֿון ברענענדיקע לעמפּלעך: „ביז צום לעצטן גראָשן"; דאָס קלויסטער געסל; אין אַ הינטער גאַס — דעם קלויסטער: אַ מאַרמאָרנער טורעם מיט אַ גאָלדענעם קרייץ, דערביי — אַ גלאָק־טורעם.ביידע טורעמס הויבן זיך איבערן מאַרק, וואַרפֿן זייער צוזאַמענגעגאָסענעם שאָטן איבער אים ביז צום אַריינגאַנג פֿון שול. רעכטס, אויף ביידע זייטן פֿון גלאָק־טורעם — דאָס פֿאַבריקל, וואָס הויבט זיך מיטן רויטן פֿול־קוימענדיקן דאַך איבערן מאַרק. לינקס — דאָס מאַגיסטראַט מיט אַ זייגער־טורעם. אין די נישן פֿון דער מאַגיסטראַט מויער — שטיינבילדער פֿון אַלט־פּוילישע ריטער און גייסטלעכע, אַנגעשפּאַרט אָן זייגער־טורעם. אַ בישאָף מיט קרייץ און שווערד, וואָס קוקט שטענדיק שטרענג אַראָפּ צום מאַרק.

אין מיטן מאַרק — אַן אַלטער האַלב־פֿאַרשאָטענער ברונעם, פֿריש אַרומגעצאַמט. דערביי אַ ברונעם־געץ: אַן אַלטער פֿאַרגרינטער שטיין, וואָס שטעלט פֿאָר אַן אומגעהייער — האַלב מאַן און האַלב פֿרוי — מיט איין האָרן אויף דער מענלעכער זייט. דער בית־עלמין איז הינטערן גרונט־געסל פֿון שטעטל.

א שטעטל אלזא פון שטעטל־לאנד, אפשר גאר „זאמאשטש" — פרצ'ס געבורט־שטעטל.

ווען מיר גייען אריבער פון דער באשרייבונג פון שטעטל צום קינסטלערישן מאלן פון די דארטיקע פאסירונגען, טוט זיך דאס שטעטל פלוצלונג א הויב פאר אונדזערע אויגן ווי אויף פליגלען, און עס וואקסט זיך פאנאנדער אין דער ברייט און אין דער טיף. פון שטעטל ווערט שטאט, פון שטאט — שטעט, פון שטאט און שטעט — לאנד און לענדער, און פון זיי אלע — וועלט. וועלט איצט, וועלט אמאל, וועלט אלעמאל. די וועלט פון מארגן וועט דאך קיינמאל ניט זיין קיין באפרייטע פונם היינט וואס ווערט א נעכטן, און פונעם נעכטן וואס איז געווען א היינט. פון „איז" און פון „געווען" שלאגט ארויס דאס „וועט זיין". דאס „וועט זיין" טראגט אין זיך אי דאס, וואס איז געווען, אי דאס וואס איז.

די גרויסע פערזענלעכקייט, ווען זי איז דערצו אויך א גרויסער קינסטלער, קאן, דעריבער, מאלנדיק דאס לעבן ארום איר ביז צו אלע טיפענישן, ארומנעמען דאס לעבן אין זיין אוניווערסאלער געשטאלט. צייכנענדיק פאר אונדז אויף א סימבאלישן אופן דאס לעבן פון זיין שטעטעלע, האט פרץ אויפגעלעבט גאר א סך פון דעם, וואס איז אלעמאל געווען און וואס וועט זיין, ווו נאר מענטשן וועלן זיין.

---

פארן לעצטן פארהאנג־פאל אין זיין דראמע „ביינאכט אויפן אלטן מארק", לאזט פרץ דאס פאבריקל אין שטעטל אנהויבן פייפן מיט א פייף, וואס פארטויבט דעם בדחן און דעם לעקטאר, דעם פרוש און דעם וואנדערער, דעם רעזשיסאר און דעם דיכטער. דאס פאבריקל ווערט אזוי געגעבן, אז עס קאן אין אונדזער פאנטאזיע בשום אופן ניט אנהאלטן זיין באגרענעצטקייט אין ארט און אין צייט. דאס פייפן, וואס שרייט איבער אלעס און אלעמען ארום — מאכט פון פאבריקל א צייכן פון אלע פאבריקן און פון דער גאנצער וועלט־פאבריקאציע. דאס פאבריקל טוט אין שטעטל דאס זעלביקע, וואס עס טוען אלע פאבריקן אין יעדער שטאט, און אין יעדן לאנד, ווי גרויס אדער קליין זיי זאלן ניט זיין. די פאבריק דא, דארט און אומעטום פארטויבט מיט איר פייפן אלעס און אלעמען. דאס מאכט דאס פאבריקל פון שטעטל ווי אלע פאבריקן אינאיינעם גענומען פאר דעם אויסדרוק פון דער ציוויליזאציע, וועלכע, איצט מער ווי אלע־מאל, שטארקט זיך

און געווענדטיקט איבער דער קולטור און דראָט איר מיט געפאר פון פארניכטונג.

ווי מיטן פאבריקל, אזוי מיט דער שול. א שול דאכט זיך ווי אלע שולן אין א קליין־שטעטל:

קוקט אויף צעשלאָגענע שפּאָקולן,
אן אלטער מויער
איינגעהילט אין טרויער,
אויסגענעצט פון טרערן.
אונטערן אייגענעם דאך, דעם שווערן
געדריקט . . .

אָבער דער לעקטאָר, וועלכער באשרייבט פאַרן עולם די שול, שטעלט זיך דאָ ניט אָפּ. ער רעדט ווייטער און זאָגט:

. . . און קוקט צעשראָקן
צום קלויסטער: זע, איך פארנעם א בראָקן
אָן פארבן, אָן קלאנגען,
טרעפ אַראָפּ ווערט צו מיר געגאנגען...
דו זיי גרויס! זיי בליצנדיק און העל,
נאָר נעם דיין שאָטן צו פון מיין שוועל;
ער ציט מיר די נשמה ארויס . . . . . .

דער דאָזיקער קוק פון שול אויפן קלויסטער איז אַ קוק ניט פון א שול אין דעם אָדער יענעם שטעטל אויף א קלויסטער אינם זעלביקן שטעטל, נאר פון שול בכלל אויף קלויסטער בכלל. שול באדייט דא יידנטום און קלויסטער — קריסטנטום. דער דאָזיקער קוק איז מרמז אויף אַ בליק פון דער יידישער רעליגיע אויף דער קריסטלעכער און אויף אלע ניט־יידישע רעליגיעס.

די יידישע רעליגיע האָט קיינמאָל ניט געוואָלט זיין גרויס און מעכטיק. זי האָט געוואָלט ליבערשט זיין טיף און דערהויבן, און גע־גרויסט ווערן אין די אויגן פון אלע אנדערע פעלקער מיט איר קדושה וואס קומט פון גאָט־אויסדערוויילונג. גאָט, וואָס איז איינער, און פאַר־טראָגט ניט קיין שום אנדערן אחוץ זיך. ער איז איין־און־איינציק. א גאָט וואָס איז ניט איין־און־איינציק און ניט אנטפלעקבאר צום גייסט אויף א רוחניות׳דיקן אופן, איז קיין גאָט ניט. ווי אן איין־און־איינציקער

און אנטפּלעקטבאַרער, וועט ער מוזן סוף־כּל־סוף אַנדערקענט ווערן פון דער גאַנצער וועלט — און דעמאָלט וועט אויך אָנדערקענט ווערן די יידישע רעליגיע, וועלכע איז געווען די ערשטע צו אָנדערקענען גאָט׳ס איין־און־איינציקייט. די וועלט מוז קומען צו דער יידישער רעליגיע. זי טאָר ניט גיין צו דער וועלט. און קומען וועט די וועלט צו איר בכל לבבה ובכל נפשה ובכל מאודה. די וועלט מוז לייב און לעבן שטעלן אין קאָן פאַר איר. פון דער גרייטקייט צו מסירת־נפש פאַר דער רעליגיע הענגט אָפּ דעם מענטשנ׳ס אייביקער שיקזאַל.

דער וועג פון פאָלק ישראל איז געווען און דאַרף אויך ווייטער זיין: גיין אויף זיין אייגענעם וועג, און לערנען אויך אַנדערע פעלקער ווי אַזוי צו גיין אויף אייגענע וועגן. יעדער — צו זיין גאָט, און היות ווי גאָט איז איינער, וועלן במילא אַלע וועגן, אַלע קולטורן, אַלע לשונות פירן און ברענגען צום זעלביקן גאָט: צום גייסט פון יעדן איינציקן פון זיי וועט אַנטפּלעקט ווערן, ווי דער נביא „עמוס״ האָט געזאָגט — „דער זעלביקער משפּט ווי וואַסער, און די זעלביקע גערעכטיקייט אַזוי ווי אַ שטאַרקער טייך״. און זאָל קיינעמ׳ס שאָטן מיט גוואַלד ניט גע־וואָרפן ווערן צו דער שוועל פון אַנדערן, און ווען ער ווערט יאָ געוואָרפן, זאָל ער מיט אַלע כּחות צוריקגעשטויסן ווערן.

דאָס איז דער זין פון די ווערטער:

דו — זיי גרויס! זיי בליצנדיק און העל,
נאָר נעם דיין שאָטן צו פון מיין שוועל,
ער ציט מיר די נשמה אַרויס.

ווי מיט דער פאַבריק, שול און קלויסטער, אַזוי אויך מיטן ברונעם־געץ און בלעכענעם האָן פון די ניט־לעבעדיקע זאַכן, און — מיטן בדחן, דיכטער און וואַנדערער — פון די לעבעדיקע באַשעפענישן. דאָס זעלביקע מיט די אַלערליי מתים, די לאַנג־פאַרשטאָרבענע, נאָר־וואָס־פאַרשטאָרבענע און די עולם־התוהו׳דיקע — אַלץ איז סימבאָל — אַלץ איז אָנוווּנק אויף עפּעס אַנדערש, אויף עפּעס מער, אויף עפּעס, וואָס איז ניט נאָר איצט, ניט נאָר דאָ, נאָר אַלע מאָל און אומעטום. אַלץ לאָזט זיך אַרויסנעמען פון אָרט, צייט, און איינציקייט, און אריינ־געטראָגן ווערן אין אַלרוים, אַלצייט און אַלוועלט — און פון דאָרט אויף־דאָס־ניי ווערן געאָרטיקט, געצייטיקט און אינדיווידואַליזירט.

דאָס סימבאָלישע, דאָס טרוימערישע און לעגענדאַרישע וועפּט

זיך קיינמאָל ניט אויס. עס טראָגט אין זיך דאָס אייביקע און אוני־ווערסאַלע, און דער, וואָס פילט זיך ווי אַן אריינגעוועבטער אין אייביקן און אוניווערסאלן — דער קאָן סימבאָליזירן, טרוימען און שאפן לעגענדעס. אין דער געדענקעניש פון דעם, וואָס איז געווען, און אין דער האָפענונג פון דעם, וואָס וועט זיין, ווערט אויפגעלעבט דאָס וואָס איז: דאָס סימבאָלישע ווערט קאָנקרעט, דאָס איבער־רעאַלע — רעאַל, דער הימל נידערט אַראָפּ צו דער ערד, און די ערד דערהויבט זיך צום הימל.

(3)

די איוב־שטים פון שול ארויס, וואָס קומט ווי אַן ענטפער אויף די איוב־פראגעס, וואָס דער בדחן שטעלט, איז אויך אַ שטים פון אַלע שולן, ניט נאָר פון דער שול אין שטעטל. און ניט נאָר פון די שולן, נאָר אויך פון דעם אינהאַלט פון וועלכן די שול איז די פאָרם, פונעם קערנדל, פון וועלכן די שול איז די שאָל. דורך איר שטים קלינגט ארויס די רעליגיעזיטעט, וואָס מאַניפעסטירט זיך דורך אלערליי רע־ליגיעס.

דער בדחן פרעגט:

און ער, וואָס האָט ער דערמיט געמיינט?
דער, וואָס האָט אייך אויסגעוויילט?
איז עס געווען זיין שטראָף?
האָבן אים וווּנדער פארפעלט?
פאר וואָס זאָגט ער ניט: האלט!?

אַ שטים פון שול ארויס ענטפערט:

און גאָט דעם הימל שפּאַלט!
ענטפערט ארויס פון געוויטער:
מאַן,
וואָס דיין וועג איז אַ שפּאַן!
דיין צייט — אַ ברעמען־ציטער!
און גארטלסט אונטער דיינע לענדן,
זיך צו מיר צו ווענדן,

מיך צו פרעגן און צו פריפן,
דו ווילסט מיינע צייכן לעזן?

קאָנסטו דעם אָפּגרונט דעם טיפן?
ווּ ביסטו, מאַן, געווען,
ווען מיין מעכטיקע האַנט
האָט דעם הימל געשאַפן?

דאָס אומענדלעכע און אייביקע, וואָס זיינען סיבה און פועל־יוצא פון דער מיסטעריעזער רעליגיעזיטעט, האָבן אַלעמאָל, אָדער ניט דערלאָזט, אָדער געמאַכט אַ סוף צו אַלע פּרעגענישן, צו יעדן סטייטש און פּאַרוואָס — געווענדעט צום אורקוואַל פון אלע קוואלן. ניט אַנדערש וועט עס זיין לעולם ועד — ביז צו דער אייביקייט, צו וועלכער מיר ווערן געפירט פון אונדזער פאַנטאַזיע. וואָרים מיט יעדן אריינדרינג פון מענטשן אין די טיפענישן פון דעם ענדלעכן, ווערן אַלץ מער פאַנאַנדערגעצויגן די ספערן פונם אומענדלעכן. נאָר א ריינע באַוווּנדערונג, נאָר א הכנעה׳דיקע צונויפגיסונג און צונויפמישונג מיט דער העכסטער וועלט־קראַפט פירט צו דער אויפלייזונג פון אלע שאלות און קשיות, פון אַלע מטושטושקייטן און סתירות.

די צונויפגיסונג מיטן אבסאָלוטן, וועלכע, אויף א מאָמענט, לייזט אויס פון סתירות, איז אַ סינטעז, וואָס ווי אַלע סינטעזן צעפאַלט זיך באַלד אויף טעזן און אַנטיטעזן. מיט דער צעפאַלונג פון סינטעז אויף צוויי אַנטקעגנגעזעצטע מאָמענטן פון טעזע און אנטיטעזע, אַנטשטייען תיכף מעגלעכקייטן פאַר אַן אַ שיר אפּפרעגענישן און ספיקות, וואָס פירן צו אַלערליי קוועלענישן אין דער מענטשלעכער נשמה. עס ווערן אויפגעשטעלט פאַרשיידענע מחיצות צווישן גייסטיקן און פיזישן אין מענטשן גופא, ווי אויך צווישן אים און דער העכסט־גייסטיקער קראַפט אין דער וועלט, וואָס הייסט ג אָ ט. דער מענטש ווערט אריינגעשלעפּט אין פאַרכישופטן קרייז פון „סטייטשן״ און „פאַרוואָסן״, וואָס קאָנען ניט פאַרענטפערט ווערן, און וואָס ברענגען מיט זיך פלאָנטערס און וואקלענישן. דער כאַאָס האַלט אַן ביז צום מאָמענט פון א נייעם סינטעז, וואָס צעררייסט דעם פאַרכישופטן קרייז, און דער מענטש דערפילט זיך איינס מיט זיך, מיט וועלט און מיט גאָט.

די לעגענדע פאַרציילט: —

— איר גלויבט אזוי גערן!
מענטשן, פון לעבן געקוועלט,
ניט שטאַרק, ניט דרייסט
זיך צו שיצן און צו ווערן,
אָ, די אלע זוכן אין איר זייער טרייסט!
ווילן — (די געפאר איז גרויס!)
אין איר שאָטנדיקן שויס
די קעפּ באהאלטן...

אַלע, — זאָגט אונדז דער לעקטאָר — וועלכע זיינען פון לעבן געקוועלט, זוכן א טרייסט אין לעגענדע. — איז דען אָבער פאראן א מענטש, וואָס איז ניט ווען־עס־איז פון לעבן געקוועלט? וועלכער מענטש קאָן עס אין א מיסטעריעזער וועלט זיין אלע מאָל שטאַרק און דרייסט? וועלכער מענטש האָט עס ניט מאָמענטן אין לעבן, ווען ער פילט, אז די איינציקע רעטונג, איז רעזיגנאַציע?

דערצו איז נאָך אויך אמת, אז דער שאָטנדיקער שוים פון דער לעגענדע איז ניט נאָר אויף צו באהאלטן די קעפּ פון די, וואָס זוכן שוץ און טרייסט. לעגענדע סימבאָליזירט מיט זיך עפּעס מער. הינטער דער לעגענדע, ווי הינטער דעם חלום, ליגט — דאָס איראַציאָנעלע, וואָס איז אינטואיטיוו־פארנינפט־קער פאר דעם אינטעלעקטועל־ראַציאָנעלן, און איז מער רעאל ווי דאָס געוויינטלעך רעאַלע, ווייל עס איז איבער־רעאל, און דערפאר איז דאָס פארציילן פון דער לעגענדע — א זאך ניט פון איצט און פון פריער, נאָר פון א ל ע מ א ל. די לעגענדע פארציילט אלעמאָל. דער נוסח אנ׳אנדערער, תוכן אנ׳אנדערער — אבער לעגענדע בלייבט לעגענדע, ווי חלום בלייבט חלום. מענטשן וועלן אלעמאָל פארציילן. דאָס, וואָס די לעגענדע פון לעקטאָר פארציילט, גייט פאר אונדזער דור, ווי אויך פאר די ק ו מ ע נ ד י ק ע דורות.

(4)

די לעגענדע, וואָס פארציילט!
און וואָס זי פארציילט, הערט:

אַלץ צעשמעטערט און צושטערט,
זעעלן ביז צום וואנזין געקוועלט!

לייבער מיט גיפטיקע שלאנגען געדראָשן!
און אויבן, אויף דער העכסטער הייך,
גייט אויס, בלייכט אויס, ווערט פאַרלאָשן,
דאָס טיר מיט די גאָלד־שטראַליקע האָר,
מיט אויגן — קלאָר,
ווי די קלאָרסטע שטערן!
מיט דער אויפשריפט אויפן שטערן:
„וואָר״!
וועלקט, פארבלייכט,
ווערט ווי אין נעבל צערשטרייט...
און פון אָפּגרונט ארויף ציט
איר פארבייט —
א גראָ־וואָלקן — ושווערער לייב —
אויף זיין נאכטיקן שטערן גליט
די אויפשריפט: „גלייב״!
אין פינצטערניש פון נאכט
די לעגענדע וואכט . . .
דער טויט דערוואכט!

דער פארבייט פון „וואָר״ אויף „גלויבן״ ציט זיך איצט און וועט זיך אלע מאָל ציען ארויפצו פון אָפּגרונט. אזוי וועט עס זיין ניט נאָר אין פינצטערניש פון דער נאַכט, נאָר אויך אין ליכטיקייט פון טאָג. דער קאמף צווישן שכל און געפיל, צווישן ראציאָנעלען און איראציאָנעלן, — דער קאמף צווישן דעם וואָס ליגט אונטער די גרונטן פון באוווסטזיין מיט דעם וואָס ליגט אויף זיינע גרונטן וועט קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט ווערן. עס איז ניט מעגלעך זיך פאָרצושטעלן א סוף צום קאַמף צווישן פאָרם און אינהאַלט פון גלויבן, צווישן קוואליקן און פארגליווערטן גלויבן. דער קאמף צווישן סטאטישן און דינאמישן, צווישן אלטן און נייעם, צווישן דעם, וואָס שטארבט אָפּ און דעם, וואָס קומט צום לעבן, מוז און וועט אָנגיין.

צוליב דעם לאַנגדויער פון קאמף און צוליב דער סימבאָליזירונג פון די העלדן פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק״, וועלן די ווערטער, וואס פאלן צווישן דעם בדחן און די מתים, אלעמאל רעגן צו א טיפער קוואלנדיקן און שטארקער ברויזנדיקן לעבן.
בדחן:

(צאַרנדיק)

ווייניק נאָך אין קברים געליטן ?
ניט פארביינקט זיך נאָך צום לעבן ?
זאָל ער אייערע קברים פארשיטן,
נייע נשמות אייך געבן —
א ניט זאָל ווערן געשטריטן !
א ניט זאָל ווערן געטריצט !
ווילט איר — און אייער אויג נאָך בליצט !
ווילט נאָר, האָט איר בלוט ווי שטאָל !
ניט אלע ביינער זיינען גאָל.
לעבן נעמט מען מיט גוואלט !
פון קראפט
בארויבט אייכן און צעדער אין וואלד,
זויגט און זאמלט צוזאמען
פון אלע גראָזן דעם זאַפט . . .
נעמט ביי דער זון די פלאמען !
ביי ליליען — וויס, ביי רויזן — רויט !

מתים (פארצווייפלט)

מיר זיינען דאָך טויט !

בדחן

פון א נארישן גלויבן פארפירט !
אין וואָס מען גלויבט, עקזיסטירט !
וואָס פארגייט איז רויך און ווינט !
פארלייקנט דעם טויט, אין לעבן גלויבט
פעסט און — בלייבט !
עס קאָן אייך קיינער ניט שטערן !

אויב ניט אין אלע ווערטער פון בדחן איז זיכער אין זיינע לעצטע ווערטער פארבאהאלטן אן אמת, וואָס וועט ניט ווערן אויס אמת, כל זמן דער מענטש וועט ניט ווערן אויס מענטש. גלויבן און באַוואוסטזיין, זיינען אלעמאָל בלייבן די לעצטע און אוממיטלבארסטע שטויסן און אָנרעגונגען צו טאָט און אויפטואונג.

די פאָדערונגען און ווערטער פון בדחן, וועלכע אנטהאלטן ניט קיין אמת אין זיך, וועלן מיר ברענגען, ווען מיר וועלן פרווון ענטפערן אויף דער פראגע: וואָס פאר אַ סאָרט לעבן האָט זיך עס דער בדחן פאָרגעשטעלט, ווען ער האָט אונטערגענומען דעם קאַמף? צוליב וואָס האָט ער עס געדארפט די קראפט פון אייכן און צעדערביימער, די זאפט פון אלע גראָזן, די פלאמען פון דער זון, דאָס ווייס פון די ליליען און דאָס רויט פון די רויזן? די דאָזיקע פראגע איז שוין אויך גורם די פראגע: וואָס האָט פרץ אונדז געוואָלט לאָזן הערן מיט דער גאַנצער געשטאַלט פון בדחן?

## קאפיטל צוויי

ווער און וואָס איז דער בדחן אויף דער חתונה? וועמען און וואָס שטעלט ער מיט זיך פאָר?

בדחן אין „ביינאכט אויפן אלטן מארק" איז דער וועקער און אָנרעגער צו אן אינטענסיווערן און פולערן לעבן.

חתונה איז דאָך — די פארבינדונג און צונויפגוס פון ע ר און ז י, דער פאָרשפיל און קאטעגאָרישער באדינג פון לעבנס־פראָצעס אויף דער ערד. און אויב מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט דער „רמבן", (רבנו משה בן נחמן) א באגייסטערטער תורה־מפרש, געקאָנט אַרויסברענגען זיינע אן איבערצייגונג, אז אין געשלעכטלעכן פארקער, אין דער ווילן־דערקלערונג צו שאפן ניי לעבן און צו באנייען אומ־דערמידלעך דעם מענטשלעכן שטאם — ליגט דער ווונדערבארער סוד, וואס אנטפלעקט גאָט'ס גלאנץ און גרויסקייט; אויב ער האָט אין י ע נ ע צ י י ט ן געקאָנט האָבן דעם מוט צו שרייבן: „איבער דעם געלעגער פון מאן און ווייב — שוועבט די הייליקע שכינה" (1), (2), האָט פרץ

(1) ז'ר. צינבערג'ס „געשיכטע פון דער ליטעראַטור ביי יידן" ב, ז. 32.

(2) קורצע אנמערקונג פון נפתלי קראַוויץ:

דער רעיון וואָס ווערט דאָ אויסגעדריקט פון רמב"ן, ווערט ניט געבראַכט אַלס חידוש גמור, נאָר אַלס א י ל ו ס ט ר אַ צ י ע. נאָך פון קדמונים אָן, סיי אין תורת משה, סיי אין דער שפּעטערער תלמודישער ליטעראַטור, האָט יידנטום אנדערקענט דעם געטלעכן קערן פון הזדווגות האיש והאשה, סובלימירנדיק דעם געשלעכטלעכן פאַרקער צו דער מדרגה פון באַטייליקן־זיך טיילווייז אין יצירה און מעשה־בראשית, ווי עס קאָן לייכט באַוויזן ווערן פו אַ צאָל שטעל אין אונדזער אַלטער ליטע־ראַטור, שוין ניט־רעדנדיק פון אַ סך קבלה־ספרים, ווי דער „זוהר", „פרדס רימונים", „עץ חיים" א.א.וו. דער רמב"ן איז, אגב, געווען, חוץ א פוסק און מפרש, אויך איינער פון די ערשטע און באַטייטפולסטע מקובלים.

אין אונדזער צייט זיכער געמעגט אנטקעגנשטעלן דעם בדחן צו דעם פּרוש. דער בדחן פאָדערט פון מענטש אַן אָנגורט און אָנשטרענג זיך אויסצולעבן. דער פּרוש זוכט אַ זין אינעם צוריקציִ פון וועלט און לעבן, איבערלאָזנדיק די איבעראַנדערשונג פון גאַנג פון וועלט און לעבן צום ווילן און צו דער חכמה פון בורא עולם און מחיה מתים.

בדחן (צום גאַניק אַרויף, זיך בעטנדיק):

זאָל זיין שטיל, איין רגע שטיל.
ס'איז דאָך אַזוי נויטיק;
און ס'איז דאָך אַ ווייטאָג!

(צום פּרוש):

עס איז דאָך פאַרט
פאַראַן אַזא וואָרט
אַלץ איבערצומאַכן, איבער־צוקערן —

פּרוש (מיט דער האַנט צום הימל):

זיין ווערק!

(קעגנזייטיקער איינגעשפּאַרטער אויגן־שפּיל ביז צו קעגנזייטי־קער סוגעסטיע, ביז ביידע ווערן אויף זייערע ערטער ווי פאַרגליווערטע).

אַלץ איבערצומאַכן, אַלץ איבערצוקערן! אַזוי וויל דער בדחן. פאַרוואָס? ווייל דאָס לעבן ווי עס איז, איז קיין לעבן ניט, עס איז מער ענלעך צום טויט ווי צום לעבן. ווילט זיך אים דעריבער אויסוואַרצלען די פאַרגליווערטקייט און טויטקייט פון לעבן און עס לאָזן גיין מיט מער אימפּעט און שווונג.

דעם לעבן און גייסט פון מענטש מוזן געגעבן ווערן פולערע אויסדרוק מעגלעכקייטן. די פאַרשיידענע ווערטן פון קולטור־אויסדרוקן מוזן אויסגעגליכן און באַלאַנסירט ווערן. זיי מוזן דורכמאַכן אַן איבער־שאַצונג, זיי מוזן אָנהויבן אַזוי געשאַצט ווערן, אַז זיי זאָלן מיט דער צייט קריגן אַנדערקענונג פון אַלעמען ווי גלייכווערטיקע צווייגן, אויף איינעם און דעמזעלביקן בוים, וואָס הייסט קולטור.

די דראַנגען פון לעבן און גייסט, פון נשמה און קערפּער, וואָס זוכן זיך צו רעאַליזירן, מוזן באַפרייט ווערן פון אימפּעראַטיוון און פאַרבאָטן פון מצוות־עשה און מצוות לא־תעשה, וואָס זיינען מיט רעכט

און אומרעכט, צוליב אזעלכע און אנדערע אומשטענדן, ארויפגעלייגט געוואָרן אויף זיי. די פול מיט לעבן זיך צאַפּלענדיקע קינדערלעך, וועלכע זיינען אין משך פון הונדערטער יאָרן ארויסגעוואָרפן געוואָרן אינאיינעם מיט די שמוציקע וואסערן פון די מולטערס, און מיט זיי — די מולטערס גופא — מוזן געזאמלט און צום לעבן געבראַכט ווערן כדי צו פארשענערן און באַרייכערן דאָס לעבן, כדי צו מאַכן עס מער פילזייטיק און פילפארביק, מער דינאַמיש און אינהאַלטספול.

דער קאַמף פון יידנטום און קריסטנטום קעגן גריכנטום, דער קאַמף צווישן גאָט און געץ און צווישן איין גאָט און פיל געטער האָט געהאַט אַמאָל אַ גרויסן זין, און איז געווען פון גרויס ווערט. מיר טאָרן, אָבער, ניט פארגעסן, אז דער געץ האָט אויף אַ פאַרפירערישן אופן געשפילט די ראָל פון אַ גאָט, און געגלויבט האָט מען — אַ גלויבן אַ פרימיטיווער און אַ פאַלשער — אין אים מיט ברען און פייער, מיט אַ התלהבות, וואָס האָט גאַנץ אָפט געשטויסן דעם ווּזן מענטש צו שיינע און טיפע באַגריפן, צו וויכטיקע טואונגען און אויפטואונגען. די פולקייט פון לעבן און די פרייהייט פון גייסט ווי פון קערפער — די הויכשאַצונג און גלייכשאַצונג פון נאַטור און קולטור, האָבן פארשטאַרקט און געגעבן שווונג צו אויסערגעוויינלעכער דערהויבונג און פאַרטיפונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט. אויך איצט, נאָך אַלע קאַמפן און ראַנג־לענישן, וועט דער מענטש — אויף זיין וועג צו טיפערער און פולקאָ־מענערער פערזענלעכקייט — מוזן מאַכן אַ גרינדלעכע איבערשאַצונג פון ווערטן.

דעם בדחן גייט ניט אָן אזוי שטאַרק, אין וועמענס נאָמען עס ווערט געזאָגט — אין נאָמען פון גאָט אָדער אין נאָמען פון געץ, אזוי לאַנג נאָר, ווי דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ווערט אוועקגעשטעלט אין ליכט פון ווערן, אין ליכט פון דינאַמיק, און ווערט אויף אזאַ אופן באַהויכט מיטן גייסט פון אַ לעבן, וואָס הערט ניט אויף זיך באַנייען, אלץ וואָס אָטעמט מיט מער לעבן, מיט אַ שטאַרקערן און העכערן, מיט אַ שענערן און טיפערן לעבן, דאַרף אַריינגענומען ווערן אין דער קולטור, אין גייסט פון מענטש און פאָלק.

די שול אָבער ווי דער קלויסטער, דער קלויסטער ווי יעדער אנדער אינסטיטוציע, רעליגיעזע אָדער פאָליטישע, איז אַלעמאָל גע־שטאַנען און וועט שטיין — פאַר פאַרגליווערטקייט, פאַר סטאַטיק. די שול אָדער דער קלויסטער, ווי אָפּזאַצן פון דעם אוממאויפהערלעך

פליסנדיקן שטראָם פון רעליגיעזיטעט, מוזן צאַמען און דריקן, און קאָנען ניט דערלויבן קיין פרייהייט, און אָן פרייהייט קאָן ניט זיין קיין לעבן, קיין אנטוויקלונג, ניט פון גייסט און ניט פון קולטור.

דאָס וועטער־פענדל אויפן שפּיץ פונעם שווערן אויסגעקרומטן דאַך פון שול, אין געשטאַלט פון א בלעכענעם האָן מיט אויסגעצופּטע פליגל, זאָגט אָן מיט זיין קוקעריקו דעם אָנקום פון העלקייט און די ארויסשטראַלונג פון טאָג. די טאָג־שטראַלן דאַרפן עס רעגירן אלע ווילדע נשמה אויסדרוקן און מטושטוש'קייטן, אין וועלכע עס ליגן פאַרבאָרגן די זאפטן פון לעבן. דער האָן, וועלכער דאַרף עס פאַרטרייבן די, וואָס פילן זיך ווי מתים, סימבאָליזירט די צאַם און דעם דרוק קעגן וועלכן מען דאַרף קעמפן: דאָס איז א קאַמף פון דער דינאַמיק קעגן דער סטאַטיק; פון דעם וואָס ו ו ע ר ט קעגן דעם, וואָס איז ג ע ו ו ע ן; פון גייסט אין זיין איצטיקער שאַפנדיקער פּאַזע קעגן דעם, וואָס ער האָט געשאַפן אין א פריערדיקער. דער זעלביקער גייסט, וואָס שאַפט אינסטיטוציעס, געזעצן אין איין מאָמענט פון זיין אנט־וויקלונג, שאַפט מיט זיין דראַנג פאַר באַנייאונג די נויטווענדיקייט פאַר צעשטערונג און איבערבויאונג פון אלץ, וואָס קאָן ניט דורכגענומען ווערן מיט דער דערפרישונג פון לעבן און דער התלהבותדיקייט פון גייסט.

„דער גייסט" — זאָגט גוסטאַוו לאַנדויער — „שאַפט געזעצן, אָבער ווען די געזעצן בלייבן און דער גייסט איז פאַרשוווּנדן, דעמאָלט קאָנען די געזעצן ניט שאַפן און ניט פאַרבייטן דעם גייסט" *).

אויף וויפיל געצענדינעריי האָט געשאַצט דעם פרייען אויסדרוק פון מענטש און דעם עסטעטישן אויסדרוק פון דער מענטשלעכער פּער־זענלעכקייט, אויף אזוי פיל לאָזט פרץ דעם געץ ביים ברונעם רעפּרע־זענטירן אָט די פרייהייט, וואָס אין איר נאָמען מוז געקעמפט ווערן סיי אנטקעגן דעם קוקורעקו פון בלעכענעם האָן, סיי אַנטקעגן דעם בים־באַם פון קלויסטער גלאָק. דאָס איז א קאַמף פאַר א פולערן און אינטענ־סיווערן אויסלעבן זיך פון דער מענטשלעכער אינדיווידואַליטעט.

דער לעקטאָר, דער דירעקטאָר און דער רעזשיסער זאָגן וועגן ברונעם און דעם געץ נעבן אים:

פון פאַר שול און קלויסטער
א לאַנג פאַרגעסענער גאָט . . .

---

*) „די רעוואָלוציע".

און וועט זיך וועקן און גיסן . . .
און פון די אויגן וועט
שטראלן א צויבער קרייז
א רויטלעך גיריק ליכט ארום
ווי דער דיכטער וויל . . .
נאכט !
פון זינען אראָפּ אַ לץ
ער איינער וואַכט !
וועט כשופ׳ן דער אלטער געץ
אין זיין לאנג פארגעסענער פּראַכט !

(און דער בדחן רופט צום געץ):

עה, דו אלטע גרויל !
עפן די אויגן, עפן ס׳מויל !
דיין גיריק ליכט פליס —
דיין וואַסער גיס . . .
דער הימל פאַרמאַכט !
עס איז אונדזער נאַכט ! אונדזער נאַכט !

( 3 )

דער בדחן איז אין דער דאָזיקער נאַכט אנטשלאָסן אָנצופירן אן אנטשיידענעם קאמף פאר דער אויפלעבונג פון די לעבעדיקע מתים. ער וויל אריינגעבן לעבן אין די, וואָס גייען ארום אויף גאָט׳ס ערד ווי טויטע. מחמת סיי צו דעם וואָס זיי טוען יאָ, סיי צו דעם וואָס זיי טוען ניט, ווערן זיי געפירט ניט פון אן אינערלעכן גייסט, נאָר פון א קראפט וואָס ליגט ערגעץ ווו מחוץ פון זיי. דער בדחן וויל, ווי ער זאָגט, דורכ־פירן אין דער דאָזיקער נאכט אלץ וואָס „עמיץ״ הייסט.

„עמיץ״ — דער איינער אָן א נאָמען — וואָס מיינט אפשר דער יעניקער, וואָס איז נאָך ניט פאַראַן, נאָר וואָס דאַרף און וועט ערשט קומען — איז דער איינציקער העלד אין „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, וואָס פילט א שייכות צווישן בלוט, וואָס רינט אין זיין קערפּער, און דעם גייסט וואָס שוועבט איבער אים. ער פילט עס דערפאַר, וואָס ער קאָן אויפנעמען דאָס אומענדלעכע אין דעם ענדלעכן, און דערפילן

אייביקייט אין איין אויגנבליק. ער ווייסט, אז באווירקט ווערן פון דעם אומענדלעכן, דעם אייביקן און זעליקן קאָן מען נאָר דעמאָלט, ווען מען באטראכט די אומענדלעכקייט ווי עפעס, וואָס איז ניט פון יענער זייט פון צייט און צייטווייליקייט. ער ווייסט, אז אָן די אינסטינקטן און געפילן, אַז דיליידנשאַפטן און עמאָציעס קאָנען ניט געעפנט ווערן פאר דעם מין מענטש די קוואלן פון קדושה און נחת־רוח. גאָר א סך פון דעם, וואָס „עמעץ" האָט געוווסט, האָט פּרץ אַליין געוווסט און געוואָלט, אַז אויך מיר זאָלן עס וויסן. ער האָט געוווסט, אַז אָן דער אינטענ־סיוויטעט פון די געפילן און עמאָציעס איז דאָס דענקען וויסט און ליידיק, און דער וויסן דאַר און קוואַר. די געפילן און עמאָציעס ווידער אָן דענקען און אָן וויסן זיינען געגליכן צו אַ שטורם־ווינט אין מדבר, וואָס בערגלט צונויף און בערגלט פאנאנדער זאַמד פון איין אָרט אויפן אַנדערן.

אין זיין מעשהלע „אַ שמועס" לאָזט פּרץ ר' שכנאן זאָגט: „ווען דער רבונו של עולם זאָל וועלן נשמות אָן גופים, וואָלט ער קיין וועלט ניט באשאפן! און דעריבער האָט דער גוף אויך זיינע זכיות'ן . . . „כל היושב בתענית נקרא חוטא" (דער, וואָס פאַסט א סך, הייסט א זינדיקער) — דער גוף דארף עסן! ווער עס וויל פאָרן, מוז שפייזן דאָס פערד! קומט ווייטער א יום טוב, א יומא דפגרא, — פריי דיך אויך! נעם אַ קאפּ בראָנפן, פריי דיך, גוף, אויך! און די נשמה האָט הנאה, און דער גוף האָט הנאה: די נשמה — פון דער ברכה, דער גוף — פונעם קאפּ! פּסח, זמן חרותנו — קום אהער, גוף, כאַפּ אַ קניידל! און ער ווערט דאדורך געהויבן, נתעלה! ער קומט צו שמחת מצוה — אויס קניידלעך, ברודער, לאָך ניט!..."

און אין זיינע „שטומע נשמות" זאָגט פּרץ תורה בזה לשון: — „נתעלה — על פּי דרך הטבע ווערט געהויכט און געהויבן אַ מענטש נאָר דורך דעם שכל — צו אַ גאַנץ הויכער מדרגה קאָן אָבער אויך קומען א מענטש דורכן האַרץ — און אשרי — ווייל איז טאקע דעם מענטש, וואָס גייט אויףביידע דרכים, וואָס עפנט דעם הימל מיט ביידע שליסלען, וואָרום ער איז זוכה אי צו דער גרויסער השגה, אי צו דער גרויסער ליבשאַפט".

פּרץ האָט געהערט צו די, וואָס זעען די מעגלעכקייט פון דער אנטוויקלונג פון א העכערן מין מענטש ניט אין דער אונטערדריקונג פון די עמאָציעס נאָר אין זייער סובלימירונג. די אונטערדריקונג

פארוואנדלט די מענטשן אין לעבעדיקע מתים. אין אזעלכע מתים וויל עס פרצ׳ס בדחן אריינגעבן א רוח־חיים. דער בדחן פילט ווי נויטיק עס איז צו רעאליזירן די מענטשלעכע עמאָציעס. ער איז אָבער ניט, ווי מיר וועלן זען צום סוף פון „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, דער־גאנגען צו דער סובלימירונג. אליין ניט איבערלעבנדיק, ווי „עמיץ״ האָט איבערגעלעבט די אייביקייט אין די אויגנבליקלעכע רעאליזי־רונגען, האָט ער ניט געקאָנט פארשטיין ווי געהעריק דעם רוף פון „עמיץ״ פאר דער „אויפערשטעאונג״. אָבער די נויט פון באפרייען זיך פון דריקנדיקער טויטקייט און פון א גוסס׳דיקן לעבן פילט דער בדחן שטארקער נאָך פאר „עמיץ״. דער בדחן איז זיכער, אז די אונ־טערדריקונג פון די עמאָציעס פארשמעלערט דאָס לעבן, ליידיקט עס אויס פון לעבנס־זאַפטן, און דערפירט דעריבער צו עפּעס, וואָס איז ערגער פון טויט. די דאָזיקע זיכערקייט שטויסט אים צו א קאמף פאר א מער אינטענסיוון, מער זאפטיקן לעבן. ער נעמט אויף דעם קאמף פאר אויפערשטייאונג, צו וועלכע „עמיץ״ רופט, ניט גריבלנדיק זיך אין דעם וואָס און ווי אזוי „עמיץ״ פארשטייט די אויפערשטייאונג.

דער בדחן הערט „עמיץ״ זאָגן:

„איך האָב געהערט אייער שרעקיק ברומען,
איך בין געקומען
צו אייך שרעקיקע און טריבע,
אויף די פליגל פון דער ליבע!
איך האָב א הייליק לייב פארצערט.
גליקזעליקייט געטרונקען,
געטלעכע צויבער־פונקען
פון נאכט־שווארצע אויגן!
כ׳קום צו אייך, ווי אן אָדלער געפלויגן!
נאכט און נעפל פליען פאר מיין בליק,
זונען פארזונקענע רוף איך צוריק,
זומערן פאַרוועלקטע — בליען!
פעלזן וועל איך אויף בייטן צעאקערן,
מאָנען פלאַמענדיקע גליען!
ליליען — שטראַלן, רויזן פלאקערן
אויפן וויסטן פעלדער גאָל!

כ׳וועל פארשיכורן בארג און טאָל
מיט געדרוך און צויבער קלאַנג
מיט געטלעכן געזאַנג!
וואונדער, וואונדער וועל איך אייך מאכן!
הער מזרח, מערב, צפון, דרום!
זאָלן זיך עפענען קברים!
זאָלן די טויטע ערוואַכן!
אויפערשטען, אויפערשטען!

**באלד נאָך דעם הערט דער בדחן דעם פרוש זאָגן און פרעגן:**

לינד
הויבט מיך אויף פון גאָט א ווינד
און טראָגט מיך צו אַ טאָל!
און דער טאָל איז פול מיט ביינער,
די ביינער זענען — טרוקן, גאָל . . .
עס באווייזט זיך מיר ניט קיינער.
דאָך איבער מיר פליגל שוועבן . . .
און א שטים פון פידל ריינער
פרעגט צי קאָן דאָס לעבן?״

**אויף דעם ענטפערט דער בדחן:**

אלץ איז מעגלעך
ווען איך וויל וואָס „עמיץ״ הייסט!

**דעם אמתן זין און ציל פון קאמף, וואָס דער בדחן פירט אָן אין נאָמען פון „געץ״ פארשטייט נאָר „עמיץ״, וועלכער באווייזט זיך שוין ניט מער אין דער דראמע, נאָכדעם ווי ער לאָזט ארויס דעם רוף. דער דאָזיקער קאמף, ווי „עמיץ״ האָט אים פארשטאַנען, דארף זיין א קאמף, ניט פאר דעם אראָפּלאָז פון די הימלען צו דער ערד, נאָר פאר א דער־הויבונג פון דער ערד צום הימל, פון קערפער צום גייסט, און פון דער נ א ט ו ר צו דער ק ו ל ט ו ר.**

**דער קאמף פון נאכט קעגן טאָג, דער קאמף פון שטיינערנעם געץ קעגן בלעכענעם האָן אונטער דער פירערשאפט פון בדחן, מיינט, אייגנטלעך, קאמף פאר דער אָנדערקענונג פון דער גרויסער ראָל פון הארץ און ווילן אין מענטשן.**

**דער לעקטאָר זאָגט: —**

וועט זיין א שפּיל פון שאָטן־שפּריצן
פון פיבער־קראנקע אויגן־בליצן
טויט צושראָקן איז דאָס האַרץ!
די נאַכט איז וויסט.
און פון ערגעץ קיין הילף אין דער נויט!
ערגעץ אמאָל רויזן געבליט
זיי וועלקן
ליליען און וועלקן —
טויט!

**און דער בדחן, נאָכדעם ווי ער באפעלט דער אלטער גרויל צו עפענען דאָס מויל און די אויגן און צו לאָזן פליסן איר גיריק ליכט, טוט א בלאָז מיטן פייפל צו אלע פיר זייטן אין דער לופט אריין און טוט א זאָג צום הימל ארויף: —**

מאָרגן קענסטו שטראָפן!
נאָר כל זמן דו וועסט שלאָפן
בין איך דאָ פעלד מארשל
און איך וועל פירן!
אלץ, וואָס טויט און גלייבט עס לעבט...
געזונט זייט מיר און שטארק
קומט צום אַלטן מארק, צום אלטן מארק!
קומט, איך וועל קאָמאנדירן
גאָט׳ס וועלט וועל איך פירן!

**און ווען עס דערהערן זיך אנגסט שטימען: —**

ווע, דער מאָרגן שטערן לאַכט
ווע, עס טאָגט!

**טוט א באפעל דער בדחן: —**

געטאנצט זאָלן ווערן, געטאנצט!
ווער האָט אין אייך שרעק פארפלאנצט?
וואָס ציטערט איר פאר מאָרגן גרוי?
וואַשט די קעפּ אין פרישן טוי!

באָדט אייך אין פרימאָרגן גלאַנץ
און טאַנצט אַריין דעם גרויסן טאַנץ
אין גרויסן טאָג!

„פריש" — „פרימאָרגן" — „גלאַנץ" — „טאַנץ" — „גרויסער טאָג" — אַלץ ווערטער, וואָס אָטעמען מיט לעבן, און א לעבן, וואָס מען נעמט עס, ווי „עמיץ" האָט עס גענומען, געפינט מען מיט „עמיץ" אַז: —

„אין זיין פאַרבאָרגענער שוים
בליט, פלאַמט די מיסטישע רויז —
אייביק אין אויגנבליק!"

דאָס איז א לעבן, וואָס זאָגט: — ווען איך וויל און טרייב די לעבנס־קראַפט און דעם לעבנס־אימפּעט ביז צו אַלע מעגלעכסטע די־מענסיעס, ווער איך דורכגעדרונגען מיט דער קאָסמישער אייביקייט און דעמאָלט:

איז ער פאַרטריבן,
איז ער אָפּגעשאַפט,
איז פון היינט קיין טויט ניטאָ!

דאָס איז א קאַמף, וואָס זיין ציל איז צו צעברעכן סוף־כל־סוף די מחיצות, צווישן נאַכט און טאָג, ערד און הימל, גוף און נשמה. דאָס איז א קאַמף פאַר א מער האַרמאָנישן און פולזייטיקן לעבן, פאַר א לעבן וואָס אָטעמט מיט דער אַנדערקענונג פון דער גלייכווערטיקייט פון אַלע גייסט־ און קולטור־אויסדרוקן; פאַר א לעבן וואָס איז פול מיט מער און מער מעגלעכקייטן פאַר א גרעסערער און גרעסערער רעאַליזירונג פון די דאָזיקע אויסדרוקן. דאָס איז א דראַנג צו דער פאַרטרייבונג און אָפּשאַף פון טויט דורך דעם אַריינוועבן זיך אין פאַרלויף פון לעבן אין דעם אייביקן און אומענדלעכן.

אין אָט־דעם קאַמף ליגט דער שליסל צו דער גאַנצער דראַמע — „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", און צו אַ ל ץ כ מ ע ט וואָס פּרץ האָט געשאַפן.

## קאַפּיטל דריי

אין פּאַרשפּיל פון דער דראַמע באַקענען מיר זיך מיטן רעזשי־סער, דירעקטאָר און לעקטאָר. דער לעקטאָר לאָזט אונדז וויסן, אַז

יועגן סוזשעט וועט רעדן דער פּאַרפּאַסער — דער דיכטער:

א בלאַסער,
פלעמעלעך אין אויגן שוואַרץ,
די רעכטע האַנט איבערן האַרץ...

די רייד פונעם דיכטער קומען ארויס פון האַרץ און באַציען זיך אויף האַרץ. דעם דיכטער׳ס האַרץ ליידט פון שרעק און פּיין. צוליב די חלומות וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, האָפענונגען אויף דער צוקונפט, און באַגערן וואָס קאָנען ניט דערפילט ווערן אין דער קעגנוואַרט, קלאַפּט זיין האַרץ שטאַרקער ווי אַ האַרץ דאַרף קלאַפּן. די אוממעגלעכקייט פאַר זייער רעאַליזירונג נעמט זיך דערפון, וואָס די הערצער פון די מענטשן אַרום, קלאַפּן קיינמאָל ניט שטאַרקער און קיינמאָל ניט שוואַכער. די פאַרגאַנגענהייט ווערט ניט איבערגעלעבט, די צוקונפט ניט געטרוימט, די קעגנוואַרט שטעלט צופרידן. דאָס זיינען הערצער, וואָס וואַכן ניט ביינאַכט. דעם דיכטער׳ס האַרץ וואַכט דעריבער אין זיין טרוים: —

א טרוים פון א פיבער־נאַכט —
אויף אַ זומפּ, וואָס וויל ניט טראָגן,
שטייט דאָס קראַנקע בעט,
עס וואַכט,
דאָס צעשראָקענע האַרץ...

און ווען מען איז אויף א גייסטיקן זומפּ, איז נאַטירלעך, אז מען זאָל הערן:

פון ערגעץ העט,
פון סטעפּן שוואַרץ,
פון נאַכט באַגאָסענע פעלדער
און וועלדער
קומען
טענער ווילדע געשווומען...
ווילדע, בלוט־דורשטיקע חיות ברומען
טייוועלס־געלעכטער, מתים־געשפּעט...

און אז מען זאָל זען:

א הימל בלייך
טויב־שטום אויסגעצויגן...
אַן א שימער, אַן אַ ליכטיקן צאַפּל
אַן א שווארצן אפל,
א ווייסל פון בלינדע אויגן.
קיינער וואַכט, א טויב שטומע פיבער נאַכט,
און א וואנזיניקער לץ
פלעכט צופוסנס אַן אלטן נעץ
א נעץ
פון שאָטן און שטראַלן.

די שאָטנס זיינען פון פארגאנגענעם, די שטראַלן — פון דעם נייעם ניט געפונענעם. פון דער קעגנוואַרט איז קיין סימן ניטאָ, ווען דאָס האַרץ פרעגט אין שטילער פּיין:

וועןקומט זיין פּאָדעם אריין אין געפלעכט?
ענטפערט ווער אין פיבער־נאַכט?

און דאָס ברומען פון שאַקאַל און פון דער היענע, איז דער ענטפער. דעם דיכטער סטייעט ניט, וויזט אויס, קיין כוחות מער צו ריידן. ער קומט צו צו א ווינקל און גייט אומגעריכט אוועק אין א זייט. וואָס עס וואָלט ווייטער פּאסירט מיטן דיכטער, ווייסן מיר ניט, ווי מיר ווייסן אויך ניט די איינצלהייטן פון חלום. אפשר וואָלט שוין גאָר מער קיין שפּיל נאָכן פאַרשפּיל ניט געקומען, ווען ניט דער פּלוצלונג זיך באוויזנדיקער „וואַנדערער".

דער לעקטאָר שטעלט אים פּאָר:

טרעט,
פּיקסירט די לופט, די לערע!
רוק־זאק, וועגס־קליידער שווערע...
דער שטאָק מיט וועלקטע רויזן געצירט,
גייט און פארלירט
די בלעטלעך אינעם גאַנג...
די ליפּן פארביסן...

---

ארום זיי דער שמייכל־קראנק

יונגע אויגן קוקן באנג
פון אונטערן געראנצלטן שטערן...

עפעס רעדט ער, לאָמיר הערן!

(2)

ווען מיר הערן זיך איין אין די רייד פון וואַנדערער, געפינען מיר — אַן ענטפער אויפן דיכטער׳ס פראַגע: „ווו איז ז י י ן, ווען קומט זיין פאַדעם אריין אין געפלעכט?״

דער ענטפער פון וואַנדערער איז: „ז י י ן א י ז א ו מ ע ט ו ם א ו ן א ל ע מ אָ ל״. פונעם היינט זיינען געפלאָכטן די נעכטנס און די מאָרגנס. ווי ווייט אונדזער פאַנטאַזיע זאָל זיך ניט אריינלעבן אין דער פארגאנגענהייט און זיך געשיכטלעך פארזעצן אין איר, וועלן מיר זיך אַלץ אָנשלאָגן אויף אַן עבר, וואָס איז פאר די וואָס האָבן אין אים געלעבט געווען א הוה, ווי דער איצטיקער איז פאר אונדז. זייער היינט האָט, פונקט ווי אונזערער, געהאַט א נעכטן. דאָס זעלביקע איז ווען מיר טוען זיך אַ טראַג אויף די פליגלען פונעם כח־הדמיון אין דער צוקונפט. אויך די צוקונפט וועט זיין א היינט פאר די וואָס וועלן לעבן אין איר. אונדזער היינט וועט זיין פאר זיי א נעכטן ווי דער היינט פון די אמאָליקע איז איצט פאר אונדז. און די מענטשן, וואָס וועלן לעבן אין דער צוקונפט וואס וועט זיין זייער קעגנווארט, וועלן זיין אזוי אומצופרידן מיט איר ווי מיר זיינען מיט אונדזערער.

אָט דעם געדאנק פון אַן אייביקן זיך אומאויפהערלעך געשטאַל־טנדיקן היינט פאָרמולירט לאנדויער אין אַ געזעץ, וואָס וואַרפט אַ ליכט אויפן באַדייט פון רעוואָלוציע, וועלכע איז פאַר אים אַן איני־טעגראַלער טייל פון מענטשלעכן לעבן.

„אונטער אוטאָפּיע, — שרייבט גוסטאַוו לאנדויער — פארשטייען מיר א סכום פון א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע שטרעבונגען און ווילנס־טענדענצן, וועלכע אנטוויקלען זיך שטענדיק איינצל און אומאָפּהענ־גיק איינער פון אנדערן. זיי פאַראייניקן און אָרגאַניזירן זיך אָבער אין א מאָמענט פון א קריזיס, א דאנק דער באַגייסטערונג פאר א נייער פאָרם פון צוזאַמענלעבן; א דאנק דעם ווילן צו שאפן א נייע פול־קאָמענע אוטאָפּיע, וועלכע זאָל ניט אנטהאלטן מער אין זיך קיין שום

פעלערן און אומגערעכטיקייט. נאָך דער אוטאָפּיע קומט אויף א טאָפּיע, וועלכע אונטערשיידט זיך טאַקע פון דער פריערדיקער אין ממשותדיקע פונקטן, אָבער בלייבט אין תוך ווידעראַמאָל אַ טאָפּיע. אזוי ארום קאָן מען פאָרמולירן דאָס ערשטע געזעץ: נאָך יעדער טאָפּיע פאָלגט אן אוטאָפּיע, נאָך איר ווידעראַמאָל א טאָפּיע, און אַזוי ווייטער.

„מיט רעוואָלוציע ווערן מיר באַצייכענען יענעם צייט־שטח, בעת וועלכן די אַלטע טאָפּיע באַשטייט שוין ניט מער, און די נייע באַשטייט נאָך ניט. רעוואָלוציע איז אַלזאָ דער וועג, וועלכער פירט פון איין טאָפּיע צו דער אנדערער, פון איין רעלאַטיווער סטאַבילקייט צו אַן אנדערער.

אוטאָפּיע ווערט טאָפּיע איז דער טייטש: — דער מאָרגן ווערט היינט, די צוקונפט — קעגנוואַרט. צו דער איבערלעבונג פון דעם, וואָס איז געווען, ווי אויך צום טרוים פאַר דעם „וועט־זיין”, ווערט מענטש געטריבן פון דער אייביקער אומצופרידנקייט מיטן אייביקן היינט. ער שאַפט עס די צוקונפט, שאַפט איבער די פאַרגאַנגענהייט, אַסימילירט און פאַרוואַנדלט זיי אין אן אומענדלעך אויסגעצויגענער היינטיקייט.

ווי אייביק עס איז די קעגנוואַרט, אזוי איז די אומצופרינקייט מיט איר. די דאָזיקע אומצופרידנקייט וואָלט געמאַכט אומדערטרעגלעך דאָס מענטשלעכע לעבן, ווען ניט דער גייסטיקער גענוס פון די איבער־לעבונגען פון דער פאַרגאַנגענהייט און די העלקייט פון די טרוימען וועגן דער צוקונפט, וואָס פירן צו גאַרונגען און שטרייטן פאַר אַן איבעראַנדערשונג פון דעם היינט. די דאָזיקע ראַנגלענישן שאַפן פאַר די טרוימער און קעמפער א נייע אַטמאָספער פאַרן איצטיקן לעבן. אויף קאָנפליקטן אַליין, אָבער, אויף שפּיל פון דער אנטקעגנגעזעצט־קייט פון געפילן און שטימונגען, וואָס וואַרפן אריין אין א צושטאַנד פון צערודערטקייט און זיגזאַגישקייט, וואָלט דעם מענטשנס זיין אויף דער וועלט ניט געקאָנט לאַנג דויערן. דער מענטש נויטיקט זיך אויך אין מאָמענטן פון נשמה־רו, און די מענטשהייט, אויף איר אנט־וויקלונגס וועג צו א העכערן און טיפערן לעבן, פאָדערט א גרעסערע צאָל מענטשן מיט אן אלץ גרעסערער קאַפּאַציטעט פאַר גייסט און נשמה־מנוחה. אַזאַ רויִקייט קומט צום מענטשן נאָר דורך דעם געפיל און איבערלעבונג פון זעליקייט. פון דעם דערוווּסט זיך דער מענטש,

ווען ער לאָזט זיך ארונטער פון דער שפרינג־ברעט פון צייט און באַ־גרענעצקייט אין די וואסערן פון אומענדלעכקייט און אייביקייט. דאָס איז דער צושטאנד, אין וועלכן מענטש ווערט באהערשט פון דער שטילקייט, וואָס וועגן איר זינגט דער דיכטער:

שטילקייט רעדט מיט אומעטום,
שטילקייט רעדט מיט אלע מאָל.
שטילקייט דאָ — איז אלע וויטן;
שטילקייט איצט — איז אלע צייטן.
שטילקייט איז פארנומען נאָכאנאנד מיט אייביקייט.

שטילקייט לערנט אויסנוויינינק
דאָס געזאנג פון „אָן א סוף״

שטילקייט ציט די קייט פון „תמיד״
פון כסדר צו אומענדלעך.

אין שטילקייט איז ניטאָ געשטאָרבן —
טויטע לעבן אין פארבאָרגן.

(א. לוצקי)

אין דער דאָזיקער שטילקייט דערפילט זיך דער מענטש אומ־אָפּהענגיק פון צייט און צייטווייליקייט, וועלט און וועלטלעכקייט. ער פילט דעמאָלט, אז ווען ער איז אין וועלט, איז ער אויך אין איבער־וועלט, אין צייט — איז ער אויך אין איבער־צייט, אין דער ענדלעכקייט — איז ער אומענדלעך, אין אָנגעזיכט פון שטערבלעכקייט — בלייבט ער אומשטערבלעך. דאָס איז דער צושטאנד, וואָס דערוועקט זעאונגען און וויזיעס פון לעבן און גייסט אין אלע קעמערלעך פון וועלט, נאַטור, און קאָסמאָס.

צו די דאָזיקע געמיט־שטימונגען געבן אויסדרוק דעם וואנ־דערערס זינגנדיקע ווערטער:

איך קום, פרעג ניט פון וואַנען...
און איידער דיין שאָטן צערינט
גיי איך פון דאנען.

וווּ־אַהין? ניט פרעג...
אפשר ווייסט ווער אין דער הייך...
איך פון מיין לאַנגן וועג
בין עלטער געוואָרן, ניט קליגער...
איך גיי שוין לאַנג, זייער לאַנג,
מיט דער זון, פון אויף־ביז־אונטערגאַנג...
אין ערגעץ קיין פרעמדער און קיין היגער,
געטריבן פון אומבאַקאַנטן יעגער,
וואָס טרייבט אַלע, און מיך נאָך שנעלער...
רו איך, טרוים איך אויף אַ פרעמדן געלעגער,
און ווערט עטוואָס העלער,
פון בעט אַרויס!...

**בייטאָג צי ביינאַכט, דאָ אָדער דאָרט, נאָענט צי ווייט, אַלעמאָל און אומעטום איז דער וואַנדערער לעבעדיק און אַקטיוו: — ווען ניט אין בעט, גייט ער, און ווען אין בעט, טרוימט ער. דאָס גיין, דאָס באַוועגן זיך גיט אינהאַלט דעם טרוים, און דער טרוים רעגט און סטימולירט, גיט פאַרב און גלאַנץ דעם גיין. דאָס ערשטע, וואָס ער באַמערקט, אָנקומענדיק אַהער איז:**

דער זעלבער הימל, די זעלבע שטערן
די זעלבע ערד...

**אָבער אינעם זעלביקן־זעלבן פילט ער, אַ דאַנק זיינע באַוועגונגען און טרוימען, די אַנדערשקייט און די פאַרשיידנאַרטיקייט, דערפאַר קאָן ער זינגען: —**

און דאָס אויער הערט
און ווערט ניט פול פון הערן
דאָס אויג — פון זען ניט זאַט
ניט ליניען און פאַרבן מיד.

**דער וואַנדערער ווייסט, אַז אין דעם פלוס פון אומעטום קריסטאַליזירן זיך אומאויפהערלעך אַרויס נאָענטן און ווייטן:**

דאָס נאָענטע טרייבט, דאָס ווייטע ציט
אַלץ מער און מער...

דאָס נאָענטע טרייבט מיט דער אומדערשעפּלעכער רעגונג פון אומצופרידנקייט, וואָס דאָס שוין דערגרייכטע פאַרמאָגט אין זיך. דאָס ווייטע, ווידער, איז ווי דער מאַרגן, ווי דאָס וואָס „וועט זיין". עס ציט און ווען מען דערציט זיך צום ווייטן, ווערט עס נאָענט און טרייבט צו אנדערע ווייטן, און אזוי ביז צום אין־סוף.

וועןֿ פיס ווערן מאַט...
דער רוקן־זאַק שווער...
און עס דריקן די געווענדער
מיטן שטויב פון וועגן און לענדער
אין די נעט — אין געוועב

בעט מען אויף דעם אָנקום פון דער נאַכט. ווען מ'זעט און מ'פילט די נאַכט, ווי דעם טאָג, אין ליכט פון אייביקן ווערן, שרעקט זי דעמאָלט ניט. דעריבער בעט זיך דער וואנדערער:

שוועב צו, נאַכט, שוועב!
דיין שאָטן איז ווייך,
דיין אָטעם איז לינד...
נאַכט, לאָז רוען אין דיין שויס!

און ווייל דער וואנדערער וויל און דארף איצט האָבן די רו, כדי אריבערצוגיין פון באַוועגונג אין טרוים, וויל ער דעריבער ניט אָנקוקן די שטאָט. די שטאָט מיט איר טומל לאָזט ניט רוען און ניט טרוימען, זי נעמט אוועק פאַרב און גלאַנץ, זין און ווערט פון יעדער באַוועגונג. דער וואנדערער בעט זיך: —

איך וויל ניט אריין אין שטאָט...
איך קען זי; דאָ איז דיין גנאָד
שפּין א טרוים מיר אויס,
שטיל פאַרוויג דאָס מידע האַרץ...

ווי עס ארט ניט דעם וואנדערער פון וואנען ער קומט און וווהין ער גייט, אזוי לאַנג ווי דאָס אויער הערט און ווערט ניט פול פון הערן, דאָס אויג פון זען ניט זאַט, און פון ליניען און פארבן ניט מיד. אים גייט ניט אָן אזא צי אנאנדער חלום, אזא אדער אנאנדער אינהאלט. ער ווייסט אז מיטן טרוימען וועלן שוין קומען די אינהאלטן, און מיט

**די אינהאַלטן וועלן שוין קומען נייע חלומות. זיי וועלן שטויסן אָן אַן אויפהער פון נאָענטן צום ווייטן, און פון ווייטן צום נאָך ווייטערן. דערפאַר וויל דער וואַנדערער פון דעם יעגער וואָס טרייבט אַלע און אים נאָך שנעלער, אַז ער זאָל דורכאַנאַנד שפּינען.**

שפּין גרוי, שפּין שוואַרץ,
שפּין רויט...
קאָנסט אויך די פאַרבן מישן
צוזאַמען וועבן...
נאָר שפּין, שפּין פון לעבן
שפּין פון טויט און פון צווישן...

**מיטן שפּינען פון פּרץ׳ס וואַנדערער איז ווי מיטן פליסן פון „וואַסערפאַל״: עס איז אַ שפּינען און פליסן פון דעם אייביקן. עס איז אַ שפּילן מיט אַ זין פון דעם**

ווידער ענדער
ווידער אַנדער.
ווידער וווּנדער — נאָכאַנאַנדער
מיטאַנאַנדער — דורכאַנאַנדער
פון אַן אַנדער צו אַן אַנדער
אַנדערש.

**עס איז:**

אַ געלויף פון אייביקן פליסן,
אַ געפּליס פון וועלן וויסן,
וועלן וויסן צו דערוויסן.
אינם פליסן איז געניסן
אינם זוכן איז דאָס וויסן.

(א. לוצקי).

**די דינאַמיק פון דעם וואַנדערער, וועלכער שאַפט אַן אַטמאָספער פון שוועבן, שפּינען און פליסן, פאַרכאַפּט דעם דיכטער־פאַרפאַסער. אין פלוצלונגן אויפלויכט זאָגט ער אַנטשיידן:**

האָב איך, הייסט עס, איינעם
פון זיינע חלומות געזעען,
און דעם וועט מען שפּילן.

## קאפיטל פיר

דער ערשטער אקט פון „ביינאכט אויפן אלטן מארק" איז אימ־פרעסיאָניסטיש: אַ שטריך דאָ, אַ שטריך דאָרט. די שטריכן זיינען אָבער אזוי געגעבן, אז הינטער יעדן שטריך און שטריכעלע, דורך וועלכן איר דערקענט דאָס שטעטל, טורעמט זיך פאנאנדער די גרויס־שטאָט, הינטער איר — לאנד און לענדער, און פון הינטער זיי — וועלט.

זיכער האָט עס געקאָנט פאסירן, אז צו די אויערן פון די דורכגייער אין א קליין שטעטל, זאָלן זיך דערטראָגן שטימען פון קלויז, ווי:

הני מילי — א מוכת עץ

און שטימען פון שיינק:

טרינק — פאָדליעץ;

און פון א באלקאָן שטימען פון בונדיסטישע רעדנער:

ס'איז אייזערן געזעץ!

און דערצו אויך שטימען פון קרעמער, ווייבלעך און מיידלעך און פון א פארבייגייענדיקן פאָרל.

די אלע ווערטער, וואָס זיי ריידן, ווערטער גאנצע און איבער־געהאַקטע, כאראקטעריזירן דאָס קליין שטעטל אין פרץ'ס צייטן אין דער מדינת פוילן. לאָזן מיר אָבער אויף איין מאָמענט ארויס פון אויג דאָס שטעטל מיט איר קלויז, שיינק, קרעמער, בונדיסטישע אגי־טאַטאָרן און אלע אנדערע פארשוינען דאָרט, און טוען א טראכט וועגן א קלויז, א שיינק, אַ קרעמער און אן אגיטאַטאָר און אלע אנדערע מענער און פרויען, און מיר פרעגן זיך, איז עס דען אנדערש אין־דער־אמתן אין די גרויסע שטעט? איז דער ענטפער: — ניין, ניט אנדערש. אין תוך גענומען איז דאָס אייגענע אויך דאָרט. און ניט נאָר דאָרט, נאָר אומעטום, און ניט נאָר דעמאָלט און איצט, נאָר אלעמאָל.

געפינען מיר דען אין דער געשיכטע פון ציוויליזירטע פעלקער א צייט, ווען עס איז אנדערש געווען? זיינען דען, ווען־ניט־איז ניט געלאָפן פאַראַלעל איינער צום אנדערן שול, שיינק, געשעפט? און לויפן זיי דען ניט איצט פאַראַלעל איינער צום אנדערן? און האָבן ניט

די מענטשן פון שול, קראָם און שײַנק ניט געציטערט פאַר די אַגיטאַ־טאָרן און פּראָפּאַגאַנדיסטן? און שרײַט דען ניט איצט אַ גאַנץ לאַנד:
„ס'איז אַ אײַזערן געזעץ״, און ציטערט ניט איצט, ווי דאָס ווײַבל אויפֿן גאַניק, אַ גאַנצע וועלט פֿאַר די שרײַער פֿון „ס'איז אַן אײַזערן געזעץ״, און רעדן דען אין מיטן פֿון אַלע ציטערניש און שרעקן די פּאָרלעך אין יעדער שטאָט — רייד אַנדערע ווי די „ער״ און „זי״ אין שטעטל ריידן? —

זי (פֿאַרחלומט):

מעבל — ווײַס, ראָזע טאַפּעטן.

ער (באַרימעריש):

געביטן דאַפּסטו, קינדער, ניט בעטן!

זי:

און אַן אַמפּעל?

ער:

פֿון טריעסט!

זי:

און פֿאָנאָגראַף פֿאַר געסט,
וועט ניט זײַן צו טײַער?

אַנדערע מעבל — שענערע מעבל: מער בליצנדיקע לאָמפּן, קאָסטבאַרע טאַפּעטן, ראַדיאָס, טעלעוויזיעס אָנשטאָט פֿאָנאָגראַפֿן — אָבער אַלץ מעבל, אַלץ טאַפּעטן, אַלץ לאָמפּן: אַלץ אויסער און ניט אינער, אַלץ מעכאַניק און ניט געדאַנק, אַלץ פֿאַרגעניגן און ניט גליק־זעליקייט. און געפֿינט זיך דען ניט שוין דאָ און דאָרט אין גאָר גרויסע שטעט און אין אַ סך לענדער — אײנער אָדער מער נאַכט־וועכטער, וואָס שרײַען ווי דער נאַכט־וועכטער אין שטעטל? —

היט אײַך פֿאַר פֿײַער, היט אײַך פֿאַר פֿײַער!

אין אַנדער מין בײַ די וועכטער, אָבער דער פֿײַער דער זעל־ביקער. אין שטעטל איז דער בדחן גראָד דער, וואָס זוכט דאָס וואָרט אַלץ איבערצומאַכן, איבערצוקערן. אין אַנדערע שטעט און לענדער גייט ער אונטער אַנ'אַנדער נאָמען. אָבער אומעטום זײַנען פֿאַראַן און אַלעמאָל זײַנען געווען און וועלן זײַן מענטשן, וואָס וועלן

זוכן דאָס וואָרט און זיין גרייט פאַר דער טואונג, וואָס זאָל בייטן, וואָס זאָל אַנדערש מאכן, נייער מאכן, מיט דער כונה, נאַטירלעך, בעסער צו מאכן, און עס וועט אלעמאָל אויך זיין דער פּרוש, וואָס וועט שטיין אין דער זייט און שרייען:

זיין ווערק!
זינדיק איז די וועלט, זינדיק!
גאָט, דעם שטן פאַרטרייב!
אָ, גאָט, שטראָף!

און ווי מיט די שוין דערמאָנטע העלדן, אַזוי אויך מיט די אַלע איבעריקע העלדן אינעם ערשטן אקט: יעדער איינער פון זיי איז קאָנקרעט קליינשטעטלדיק, און אַבסטראַקט אוניווערסאַל: דאָס נאַכט־מיידל, די זאָקן־שטריקערין, דער פאַרהונגערטער אַרבע־טער, דער היימישער דיכטער, די קלענערע און גרעסערע יינגלעך און מיידלעך — אַלע זיינען זיי איצטיקע און קליינשטעטלדיקע, וואָס מיט איין וואָרף פון אויג אין אַ געוויס ווינקל, ווערן זיי פאַרוואַנדלט אין אַזעלכע, וואָס זיינען געווען און וועלן זיין, און אַלע מאָל וועלן זיי אינ־איינעם אויסשטאַטן אַ היינט, וואָס אין אים וועט די אינטערעסאַנטע געשטאַלט זיין דער שכור און די אָנרעגנדיקסטע אָן „עמיץ".

אַ באַפרייטער פון זאָרג און דריקענישן, וואָס פאַרפּלאַכן און באַ־גרענעצן, ליגט זיך נתן־שכור אויף גאָט׳ס ערד און זינגט:

ליג׳ך
אויסגעשטרעקטער.
ווי זיס, ווי פיין
די פייכטלעכע ערד שמעקט...
האָניק מיט מילך!
אָן הענט — ווי אַ מאַמע גלעט זי
אָן לעבן — מאַמע־לשון רעדט זי.

אינטערעסאַנט איז פאַר אונדז דער שכור, — ווייל ער — דורך שכרות, און מיר — דורך אים — ווערן אוועקגענומען פון מענטש און פון מענטש געשאַפענעם צו דער ערד, וואָס זי האָט גאָט באַשאַפן — צו מוטער־ערד, און דורך איר און אין איר, צו דעם באַשאַפער פון ערד און אַלץ אויף דער ערד — צו גאָט.

אזוי איז עס געווען, אזוי איז עס, און אזוי וועט עס זיין. דאָס ראָמאַנטישע, דאָס פאַנטאַסטישע, דאָס מיסטישע פאַרשכורט, און זייער אָפּט קאָן מענטש ניט אַנדערש ווי דורך שכרות זיך באַפרייען פון רעאַליסטישן, פּראָזאַישן און ראַציאָנעלן און זיך פליגלען אין דעם איבער פון דעם באַגרענעצטן און ענדלעכן.

ווי א סימבאָל פון שיכרות לאָזן זיך דעריבער אויסטייטשן די צוויי גרויסע פלעשער מעדיצין אין ביידע הענט פון „עמיץ". מיט די דאָזיקע צוויי פלעשלעך, וואָס ער טוליעט צו זיין ברוסט, קומט ער ארויס פון פעלדשער'ס הויז, און ארויסקומענדיק טרעפט ער אָן — דאָס נאַכט-מיידל.

דער „עמיץ", ווי דער שכור, טראָגט אונדז אוועק הויך איבער מענטש און מענטשלעכעס. דער „עמיץ" — נאָך העכער פאר דעם שיכור.

„עמיץ" שטראָפט ניט דאָס נאַכט-מיידל, ווי עס האָט עס געטאָן דער פאַרהונגערטער ארבעטער; „עמיץ" דערפילט אין זיין שטאַרקער ליידנשאַפט, א ליבע צו איר. ער טוט א לעב דעם אויגנבליק, אין וועלכן די אייביקייט לאָזט זיך אָפּט דערקענען און דערפילן, און צו דער פון אלעמען פאַרשטויסענער נאַכט-מיידל, זאָגט ער:

גאַרניט פרעג, זויל פון גאַרניט וויסן!
. . . . . . . . . . . . .

אין שטילן צופאל איז גליק!
אין זיין פאַרבאָרגענער שויס
בליט, פלאַמט די מיסטישע רויז —
אייביק אין אויגנבליק.

דאָס איז דער זעלביקער „עמיץ" וואָס האָט דעם פּאָעט מיסטיקער וואָלט וויטמאַן דיקטירט צו שרייבן די שורות:

לאָגיק און דרשות איבערצייגן קיינמאָל ניט.
די פייכטקייט פון דער נאַכט דרינגט אריין טיפער
אין מיין נשמה.
וואָס באַוויזט איז, שייל איך אָפּ,
איך שליידער אלע מענער און פרויען פאַרווערטס
מיט מיר אין דעם אומבאַוויסטן.

שנעל האָט זיך אויפגעהויבן און פאַרשפּרייט
ארום מיר די רו,
און די דערקענטעניש וואָס גייט פאַרביי דעם גאַנצן
ארגומענט פון דער ערד.
און איך ווייס . . . . . .
...אז אלע מענער, וואָס זיינען ווען עס איז
געבוירן געוואָרן,
זיינען מיינע ברידער,
און די פרויען מיינע שוועסטער און געליבטע.

עס איז „עמיץ" אין דער געשטאַלט פונעם זינדיקן אין פּרץ'ס „אין פּאָליש אויף דער קייט", וועלכער זאָגט צו דער אויסגעלאָסענער:

דו ביסט ריין!
דיינע זינדיקע געדאַנקען
פליען ארויס פון דיר,
ווערן נשמות פון זינדיקע זאכן.
. . . . . . . . . . .
דו בלייבסט ריין, שטענדיק ריין.

די סימבאָליזירונג פון „עמיץ", זיין מעגלעכקייט זיך אין פילע געשטאַלטן צו פאַרוואַנדלען, מאַכט, אז „עמיץ" זאָל זיין דער איינציקער אין ערשטן אקט, דער נאָמענלאָזער, וואָס ווערט אוועקגעשטעלט פון יענער זייט פון בילד פון קליין-שטעטל, פון בילד וואָס מאַכט דעם צו־שויער פילן ווי ער וואָלט זיך געפונען צווישן לעבעדיקע מתים.

גאָר ניט שאַרף איז די גרענעץ, קוים מערקבאַר איז דער אונ־טערשייד צווישן די לעבעדיקע אין שטעטל און די נאַר־וואָס פאַר־שטאָרבענע, וועלכע זאַמלען זיך צונויף אינעם צווייטן אקט אויפן בדחן'ס רוף. די פאַרפרוירנקייט פון לעבנס־אימפּעט, די פאַרמינערונג פון דער אינטענסיוויטעט פון לעבנס־ענערגיע, די באַגרענעצטקייט, אָן אַן אַריינבליק אין אומבאַגרענעצטן, די ענדלעכקייט אָן אַ וויזיע פאַר דעם אומענדלעכן, גיט די לעבעדיקע אַן אויסזען פון טויטע. אין דער שטימונג און אַטמאָספערע פון גסיסה ווערט פאַרווישט די גרענעץ צווישן לעבעדיקע וואָס קאָנען ניט אויסגיין, און טויטע, וואָס קאָנען ניט אויפשטיין.

און וואָס עס פּאַסירט ווען דער ברונעם, פון וועלכן עס דאַרף

קוואַלן לעבן, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ווין אָרט פאַר די טויטע, גיט אונדז פרץ צו וויסן דורך די ווערטער, וואָס וואַרפן זיך דורך צווישן דעם היימישן דיכטער, פרוש, בדחן און נאַכט־וועכטער.

**היימישער דיכטער:**

שטערנדלעך לעשן זיך

שרעקן זיך, וועקן זיך...

**פרוש:**

ווערן פון קליפה געפאַנגען...

**היימישער דיכטער:**

שלאָפט איין מארק און שטאָט!

גאָט, העלף אין דיין גענאָד!

**בדחן:**

אונטערגעגאַנגען, אונטערגעגאַנגען!

בלינדע הייזער, שוואַרצע פענצטער.

**היימישער דיכטער:**

אַ נאַכט פאַר געשפּענסטער.

**פרוש:**

און פאַר שדים

**דיכטער:**

ביז עס קרייעט ניט דער האָן

וועכטער, וואַך!

קיין אויג פאַרמאַך!

**פרוש:**

אַ שוידער דורך די לופטן ציט...

היטער, היט!

**נאַכט וועכטער:**

כ'קען ניט מער!

(מיט אַ בליק צו דער שול דערנאָך צום קלויסטער:)

זאָל היטן די אָדער דער!

אָבער ניט די און ניט דער, ניט די שול און ניט דער קלויס־טער און ניט קיין איינציקע פון די איצטיקע אינסטיטוציעס פון רעליגיע וועט שוין היטן ווען־עס־איז, ווייל אויסגעוועפּט האָט זיך שוין פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס און פון זייערע רעליגיעס די ר ע ל י ג י ע־

ז י ט ע ט. היטן קאָן נאָר דאָס וואָס האָט לעבן און נשמה, אָבער דער גלויבן אין דער עקזיסטענץ אין דאָס פילן פון דער פאַראַנקייט פון א העכסטער גייסטיקער קראַפט, ווי זי איז פארקערפערט אין שול אָדער אין קלויסטער, אָדער אין וועלכער עס איז אנדערער אינסטי־טוציע, האָט שוין ניט אין זיך דעם גייסט, וועלכן דאָס מענטשלעכע לעבן פאָדערט, און ניט די זאפט פון לעבן, אָן וועלכער גייסט קאָן זיך ווייטער ניט אנטוויקלען, און דערפאר קומט עס אָן די נאַכט מיט וועלכער עס הויבט זיך אָן דער צווייטער אַקט — די נאַכט אין וועלכער עס באַווייזן זיך אלערליי טויטע.

„די נאַכט", זאָגט אונדז דער לעקטאָר: —

די נאַכט איז וויסט!
די נאַכט איז טויט־שטום און שוואַרץ...
פון ערגעץ א בייז געלעכטער שיסט —
צאַפּלט דאָס פאריקט
פיבער־קראַנקע האַרץ
אין בייזע חלומות פארשטריקט!

## קאַפּיטל פינף

אינם צווייטן אקט באַווייזן זיך געשטאַלטן פונם עולם התוהו — וועזנס, וועלכע האָבן נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך אינגאַנצן אויס־צושיילן פון דער וועלט. „ניט פאנאנדערגעשפרייט האָבן זיך נאָך די ערד־זעמדלעך, וואָס האָבן זיי ארומגערינגעלט און געקלעפּט זיך צו זיי". ניט פארנאַנדערגעריסן האָט זיך נאָך יעדער שטריק און קייט, יעדער באנד און שנור, וואָס האָט זיי צום ערדישן לעבן געבונדן, געהאלטן. (געטאָ'ס „פאוסט").

זיי זיינען נאָך ווי ביים לעבן געקליידט, און רעדן נאָך וועגן אַלץ, וואָס זיי האָבן געטאָן בעת זיי זיינען נאָך אויף דער וועלט געווען. און אַלץ וואָס ווערט גערעדט און געטאָן אין דאָזיקן אקט, איז אַן ענטפער אויף דער פראַגע: — פארוואָס אזא גרויע, פארגלי־ווערטע אַטמאָספערע, פארוואָס אזא סטאַטיק? פארוואָס אזוי ווייניק אינטערעס, אזוי ווייניק אינהאַלט? פארוואָס אזא אָרעמקייט אין פארבן און שאַטירונגען? פארוואָס אזא נידעריקייט און לאַנגזאַמקייט אין

דער אינטענסיוויטעט און שווונג פון מענטשלעכן לעבן?
דער ענטפער איז: —

סטאטיש, ליידיק און בלאָס איז דאָס מענטשלעכע לעבן, דערפאר וואָס דער מענטש האָט זיך אויסגעליידיקט פון זיין אייגענעם איך, פון זיין אייגענער פערזענלעכקייט, און דעריבער ווען ער פרעגט זיך למי אני עמל? צוליב וועמען און וואָס טו איך ארבעטן, צוליב וועמען און וואָס די מי און די אָנשטרענגונג? — איז אָדער ער באקומט אינגאנצן ניט קיין ענטפער, אָדער דער ענטפער ווייזט אלעמאָל אויף אן אנדערן, וואָס איז ערגעצוווּ מחוץ פון אים. גאָר קליין איז נאָך די צאָל פון די מענטשן, וועמעס מוחות און נשמות זיינען באהערשט געוואָרן פון געדאנק און געפיל, אז דער אויסגאנג און ענדציל פון אלע האנדלונגען דארף זיין די באנייונג און פארטיפונג פון דעם אייגענעם איך, און אז דער גרעסטער און בעסטער לוין פאר דער העכסטער און שענסטער האנדלונג איז די פרייד, וואָס קומט פון דערפילן די פאנאנדערוואקסונג און פארנאנדערבלייונג פון אייגענעם איך. גאָר גרויס אָבער איז די צאָל פון די מענטשן, וואָס שטעלן אוועק דאָס גוטע און דאָס דערהויבענע צוליב וואָס דער מענטש ארבעט, אויסנווייניק פון דעם איך — פון דעם באטרעפנדיקן מענטשן. זיי וועבן עס ניט אריין אין וועזן מענטש אזוי אז עס זאָל ווערן אן אָרגאנישער טייל פון אים. זייערע האנדלונגען און שאפונגען זיינען ניט, דעריבער, ווי אן אָנרעגנדיקע קראפט פאר ווייטערדיקע האנדלונגען און שאפונגען, פאר דערהויבענערע און טיפערע טואונגען. אָן דער דאָזיקער אָנרעגנדיקער קראפט קאָן דער מענטש ניט גיין צו ווייט אין זיין וווּקס און אנטוויקלונג. ער קאָן ניט מער שאפן פון־דאָס־ניי.

אזעלכע אינדיווידן ווערן לעבעדיקע מתים — און זיי אנטפלעקט עס פאר אונדז פּרץ דורך די עולם־התוהו׳דיקע געשטאַלטן, וואָס מושטירן דורך פאר די אויגן פון בדחן, וועלכער האָט אין דער דאָזיקער נאכט אויפגעוועקט דעם „געץ" און געלאָזט אים כשופן אין זיין גאנצער מאכט.

אָט גייט דורך פאר אונדז דער וואסער־טרעגער, און וואָס דערציילט ער אונדז? ער דערציילט אונדז וועגן א לעבן אן ערלעכן, אָבער ניט קיין אינטערעסאַנטן; ניט אינטערעסאנטן דערהויפּט דערפאר, וואָס דאָס סטאַטעטשנע־ערלעכע לעבן איז געפירט געוואָרן ניט צוליב זיך, ניט כדי אָט שוין באלד צו לעבן א פולערן קאָנקרעטן לעבן, נאָר

**צוליב דערוואַרטונגען אויף וועמען עס איז, וואָס עס איז, וואָס וועט ערשט קומען, אָט דער ווער אָדער וואָס, זאָגט איצט גאָר־ניט צו די געפילן און עמאָציעס — צו די אָנשטויסנדיקע, אָנרעגנדיקע קרעפטן פון לעבן.**

**דער וואַסער־טרעגער חזר׳ט איבער אין עולם התוהו זיינע טור־אונגען פון דער וועלט.**

גרויסע היצן, שטאַרקע היצן!
און אין בית המדרש זיצן
לומדי־תורה און זיי שוויצן,
קלעפּט צום גומען זיך די צונג.

**(איילט צום „געץ", שטעלט אונטער דעם וואַסער־שנירל א קאַן אָן א דנאָ)**

באַלד, באַלד
כ׳גיב א שפּרונג!
כ׳ברענג אייך וואַסער, פריש און קאַלט,
כ׳וועל אייך מים חיים געבן.

**(אויף דער פראַגע: — פאַרוואָס טוט ער עס? איז דער ענטפער)**

כדי משיחן דערלעבן
אינעם זכות פון פרישן טרונק!

**ווי דער וואַסער־טרעגער, אַזוי דער האָלץ־האַקער:**

דער פראָסט איז גרויס...
יתומ׳עלעך נאַקעט און בלויז.
ניט געהייצט די תלמוד תורה...
איך זע אייער פּיין און אייערע טרערן...

**(שטעלט זיך האַקן אין דער לופט)**

באַלד, באַלד,
כ׳ברענג אייך האָלץ, האָלץ פון וואַלד...
אָט אַ שייט, נאָך אַ שייט!
און עס וועט וואַרעם ווערן!

און וואָס דערוואַרט דער האַלץ־העקער פאַר די דאָזיקע גוטע מעשים ? אַן אויסברייטערונג, אַ פאַרטיפונגג און דערהויבונג פון גייסט, וואָס גיבן שוין באַלד פרייד, גליק און גליקזעליקייט, וואָס פילט אָן דעם וועזן ביז איבער די ראַנדן, און לאָזט ניט קיין אָרט פאַר פראַגן: צוליב וואָס און צוליב וועמען ? ניין, — קיין סימן ניט אפילו פון אַזאַ באַגריף אָדער אַזאַ געפיל: דער האַלץ־האַקער וויל, אַלס שכר פאַר דער טואונג, דערלעבן צו הערן משיח׳ס שופר, און ביז דעמאָלט וועט אַלץ אין אים דערווייל הילצערן, און עס וועט ניט זיין וועמען צום לעבן צו ברענגען ווען משיח וועט קומען, און אויב עס וועט יאָ זיין, וועט עס זיך ניט לוינען פון אַ קולטור־שטאַנדפונקט — פון שטאַנדפונקט פון אַ פולן, העפטיקן און אַלזייטיקן לעבן.

און ווי דער האַלץ־האַקער און וואַסער־טרעגער, אַזוי אויך די צנועה. אויך זי קאָן זיין געזונט און וועגעטירן, אָבער ניט לעבן, ווייל איר פעלט דראַנג און שווונג, איר פעלט גייסט און לעבנס־אָטעם.

ניט עס האָט זיך מיר פאַרוועלט,
חלילה!
ניט צוליב מיין מאַן אפילו
גיי איך טבילה
אין אַזאַ נאַכט,
אין אַזאַ קעלט...
בענטשוע, גאָטענו, מיין טראַכט...
און די לענדן פון מיין יואל —

צוליב וועמען, אַלזאָ, האָט זי געליטן, צוליב וועמען זיך געפייניקט? צוליב דעם גואל, וואָס זי האָפט וועט קומען פון די לענדן פון איר מאַן יואל. זי אַליין און איר מאַן, אירע און זייערע טואונגען זיינען אַלץ מיטלען בלויז פאַר אַ ציל, פאַר דעם יעניקן אָדער דאָס יעניקע, וואָס וועט קומען. און ווי קאָן מען לעבן אינטענסיוו און פילפאַרביק, ווען דער ציל ווערט אָוועקגעשטעלט מחוץ פון זיך און פון יענער זייט פון לעבן, וואָס מען פירט איצט? ציל איז לעבן, מיטל איז טויט. צו באַטראַכטן אָדער דערפילן זיך בלויז ווי אַ מיטל מיינט: ז י י ן  ט ו י ט.

די צנועה דעריבער איז געווען טויט נאָך איידער זי איז געשטאָרבן — טויט ווי טויט עס זיינען געווען די אַלע איבעריקע עולם

התוהו־ובוהו־ניקעס נאָך איידער זיי זיינען געשטאָרבן. דאָס זיינען אַלץ מענטשן, וואָס אָדער זיי שטרעבן בכלל צו גאָרניט, אָדער וואָס שטרעבן צו עפּעס, וואָס וועט זיין, וועט קומען, וועט ווערן — ווען־עס־איז, ווען זיי וועלן שוין ניט זיין, ערגעץ־ווו, ווו זיי אַליין וועלן זיך שוין ניט געפינען. אַליין דורכלעבן שוין, איצט דאָס צו וואָס עס ווערט געשטרעבט: אַליין שוין ווערן דורך דעם שטרעבן גופא אַנדערש, נייער; אַליין באַלד צו צוקומען צו עטוואָס העכערעס און טיפערעס — פון דעם אַלעם טראַכטן זיי ניט, ווייל זיי פילן און אָנען עס ניט.

א טיפּ פון די וואָס שטרעבן צו גאָרניט איז דער באַלעבאָס, וועלכער איז כולו גוף — לחלוטין א צופרידענער מיט דער גראָבער גשמיות.

צו די שטרעבנדיקע, וועלכע ווערן דורכן שטרעבן ניט באַנייט און ניט געאַנדערשט, געהערן די אַרבעטער, וועלכע געטריבן פון ליידן, קעמפן זיי, און קעמפנדיק האָפן זיי, אָבער אויף וועמען און אויף וואָס האָפן זיי? אויף זיך? אויף זייער אייגענער העלדישקייט? אויף זייער אייגענער באַנייאונג און איבעראַנדערשונג? ניין, זיי האָפן און וואַרטן אויפן נייעם העלד. „ער גייט דער נייער העלד, אויף אייער גאָט, אויף אייער וועלט!" — זאָגט דער פאַרהונגערטער אַרבעטער.

די דערדריקונג, די לייד און די פּיין און די האָפענונג אויף דעם נייעם העלד, גיט זיי מוט צו זאָגן: „עס וועט געשען אונדזער ווילן". זייער ווילן אָבער זוי דער ווילן פון אַלע, וואָס זוכן אַן אָנלען־פּונקט און אַן ענד־פּונקט ניט אינוויינייק, נאָר אויסנ־ווייניק פון זיך, זוכט א רעאַליזירונג בלויז אין צעשטערונג און צעשטויבונג. מיט כעס און גרימצאָרן שרייט אויס דער פאַרהונ־גערטער אַרבעטער:

פאַרשטומט אַלע גרילן
עס וועט געשען אונדזער ווילן!
עס גייט דער נייער העלד
אויף אייער גאָט, אויף אייער וועלט!

און די בלינדע זעצערין, וועלכע איז בלינד געוואָרן פון קאָנס־פּיראַטיווער אַרבעט פאַר יאָרן־לאַנג אין אַ פינצטערן קעלער, גיט צו: —

איך הער זיין שטים פון וויטן!

און וואָס זי זעט ניט, דערזעט דער געהאַנגענער גאַרבער:

פון דער הויך זע איך אים רייטן
אין פולן גאַלאָפּ!

דער דאַזיקער טאָן פון האָפערדיקייט און האָפענונג באַגייסטערט דעם היימישן דיכטער און ער זינגט:

ניט געלאַכט און ניט געברומט!
ער גייט, דער נייער מענטש, ער קומט!
דונער אין מויל, אין די אויגן — בליצן!
ער וועט קומען און באַשיצן
פאַר פרעמדע הענט און אייערע הענט!

דער בדחן, וועלכער באַציט זיך זייער סקעפּטיש צו דער העל־דישקייט פון די אַרבעטער, ווייל אים געפעלט ניט דער שטויב ווי אַן ענדציל פון דער גבורה און נצחון פונעם אַרבעטער — פרעגט דעם דיכטער, וואָס וועט דער נייער מענטש באַשיצן? דער דיכטער ענט־פערט: די מויער, די הייליקע ווענט, און ער גיט צו מיט עקסטאַז:

עס גייען טעג, גרויסע טעג...
הנה ימים, ימים באים —
גרויסע העלדן — שוין אין וועג!

די העלדן, אָבער, וואָס באַשיצן מויערס און ווענט, געפעלן דעם בדחן פונקט אַזוי ווייניק ווי די, וועמענס העלדישקייט באַשטייט בלויז אין ברעכן און צעשטערן מויערס און ווענט. ברעכן אָדער באַשיצן די פאָרם קאָן זיין גוט בלויז ווי אַ מיטל; ווען דאָס איז אָבער דער ציל, אָדער ווען דער ציל איז נאָך אין נעפּל פאַרהוילן, קאָן אַזאַ העלדישקייט ווייניק וואָס אויפטאָן סיי פאַרן מענטשן וואָס איז איצט, סיי פאַר דעם וואָס וועט קומען. און דערפאַר, ווען די קדושים, וועלכע דער בדחן האָט מיטן כישוף פון „געץ" אַרויסגערופן פון דער אַלטער חורבה — רופן אויס: מיר צייכענען מיט בלוט דעם וועג! פרעגט דער בדחן אויף זיין סקעפּטישן שטייגער: וווהין? און ווען דער דיכטער, קו־קענדיק אויף די קדושים, רופט אויס: — וואָס דאָס האָט איבערגעליטן! פרעגט טראַציק דער בדחן:

אָבער וואָס באַשטריטן?

**דער דיכטער האָט אויף דעם ניט וואָס צו ענטפערן. דער פּרוש ענטפערט:**

זיין ליבן נאָמען געהאַכט און געקרוינט!

**אָבער א גאָט אין הימל, וואָס דורך גלויבן אין אים זאָל דער מענטש אליין ניט ווערן געשטאַרקט — אזא גאָט איז ניט צום הארצן דעם בדחן, הגם מיט זיין קאָפּ קאָן ער נאָך ניט קלאָר באַגרייפן קיין אנדער גאָט. דערפאַר פרעגט ער בלויז פראגן, אליין זיי ניט פאַרענטפערנדיק.**

**ער וויל אז דער פּרוש זאָל אים זאָגן:**

וואָס האָט דערמיט געמיינט
דער וואָס האָט אייך אויסגעוויילט?

**אויף דער דאָזיקער פראגע קומט דער אַלטער־אַלטער ענטפער פון דער שול:**

ווּ ביסטו געוועזן, צווערג!
ווען איך האָב געהויבן די בערג —
ווען איך האָב באַפעסטיקט די ערד
און איך האָב איר מאָס און וואָג באַשערט
און ארומגעצוימט דעם ים?

**און דאָ פאַלט צאָרנדיק אריין אויף דער פּאַר הונדערטער און הונדערטער יאָרן קלויסטער קלינגענדיקער:**

בים־באם! בים־באם! בים־באם!

**די דאָזיקע ווערטער און קלאַנגען פאַלן ווי קלעפּ אויפן קאָפּ פון בדחן. ער פאַלט מיט די הענט איבערן קאָפּ, זיך שיצנדיק פון די** קלעפּ פון דער הויך. די שטיין־בילדער, דער סימבאָל פון אלעס וואָס **איז פאַרגליווערט און פאַרשטיינט, זינגען אין כאָר:**

קלינג־קלאַנג! קלינג־קלאַנג!
עס קומט זיי שוין לאַנג! עס קומט זיי שוין לאַנג!
א נקמה אין שונא דערלעבט!

**די שטיין־בילדער וואָלטן שוין דאָ גלייך געפייערט זייער זיג איבער דעם בדחן, ווען ניט „עמיץ", וועלכער באַווייזט זיך, און לאָזט**

הערן א ניט־דערהערטן ביז איצט טאָן. א גאנץ נייער אַקאָרד קלינגט ארויס פון די ווערטער פון „עמיץ". „עמיץ" איז דער איינציקער צווישן זיי אלע, וואָס ווארט ניט און האָפט ניט אויף באנייאונג, אויף גליק און אויף פרייד, נאָר וואָס פילט זיך שוין א באנייטער, א פריידיקער, און גליקגעזעליקטער.

איך האָב געהערט אייער שרעקיק ברומען,
איך בין געקומען
צו אייך, שרעקיגע און טריבע,
אויף די פליגלען פון דער ליבע!

(2)

„עמיץ" איז איינער פון די, וואָס האָט דורך מענטש דערפילט און דערבליקט גאָט. דורך דעם דאָזיקן דערפיל, איז מענטש און אלץ ארום אים, וואָס זעליקט מיט גליק און פרייד, אָדער אפילו מיט אומגליק און צער, געטלעך געוואָרן. דורך דער געטלעכקייט האָט אלץ זין און ווערט באקומען. זין און ווערט פאראייניקט דעם איך מיט אלץ און אלץ מיטן „איך". און ביידע, דער איך און דער אַלץ בליען און לעבן, און עס ווערן צעשמאָלצן אלע „פארוואָסן" און „צוליבוואָסן".

דער באגריף און געפיל פון זעליק־שאפנדיקן לעבן אין א זעליקשאפנדיקן קרייז פון מענטש־וועלט־גאָט און גאָט־וועלט־מענטש האָט פארכאפט פרצ'ס גאנצן וועזן און זיך אנטפלעקט אין אלע שאפונגען זיינע. דערפאר קאָן זיין „עמיץ" קומען צעפליען ווי אן אָדלער און פארטרייבן נאכט און נעפל, צוריקרופן פארזונקענע זונען, לאָזן בליען פארוועלקטע זומערן, צעאקערן פעלזן אויף בייטן און פארשיכורן בארג און טאָל מיט געריך און צויבער־קלאַנג, מיט געטלעכן געזאנג, און מיט אן איבערמענטשלעכער שטים אויסרופן: —

העך מזרח, מעריב, צפון, דרום!
זאָלן זיך עפענען קברים!
זאָלן די טויטע ערוואַכן!
אויפערשטען, אויפערשטען!!!

„עמיץ" סימבאָליזירט דעם יעניקן, וואָס לעבט פון אינווייי־

ניק און ניט פון אויסגוויייניק, און פאר וועמען יעדער מאָמענט פון לעבן איז אזויפל צוקונפט וויפיל פארגאנגענהייט, און ביידע אינ־איינעם — אזוי פיל איצט וויפל ניט־איצט, אזוי פיל אבסאָלוט וויפיל רעלאַטיוו. אבסאָלוט אין זיך און פאר זיך. רעלאַטיוו — צו אלע אנדערע מאָמענטן אינאיינעם גענומען. אויף וויפיל, אָבער, עקזיסטענץ אין איר אייביקייט און אומענדלעכקייט שליסט זיי אלע איין און קאָן זיך ניט אָפּשליסן פון קיין איינעם פון זיי, אויף אזוי פיל איז יעדער איינער מאָמענט רעאל. ווער עס פילט און איז באוווסט אויף דער דאָזיקער רעאלקייט, דער פילט אין דעם טויט אזוי פיל עקזיסטענץ וויפיל אין לעבן; דער אסימילירט דעם אומפארמיידלעכן אָנקום פון טויט אזוי, אז ער ווערט די קראפט וואָס פארטיפט, אינטענסיווירט און פילט אָן מיט מער צוויבער דאָס לעבן. נאָר אין דעם דאָזיקן זין קאָן אויס־געטייטשט ווערן אַגרי בערגסאָנ׳ס האָפענונג, אַז דער מענטש וועט וועןך עס־איז דעם טויט איבערוועלטיקן. זיך שטארקן איבער דעם טויט קאָן נאָר דער, וועלכער, אַן איינגעשלאָסענער מיט זיינע געפילן און מיט זיין באוווסטזיין אין אייביקייט, פילט און באטראכט זיך ווי א שותף צום באשאף און א תושב פון א נייער וועלט. די דאָזיקע וועלט האָט קרשקש זיך פאָרגעשטעלט ווי „א וועלט א נייע און מער פאסנדיקע און אויף אזוי פיל פולקאָמער, ווי די בעלי־חיים זיינען פולקאָמער פון די פלאַנצן". נאָר אזוי זיך פילנדיק און נאָר אלס אזעלכן זיך באַ־טראַכטנדיק, האָט ר׳ שלמה אין דער „גאָלדענער קייט" געקאָנט אויס־רופן:

חרוב זאָל ווערן די וועלט!\
און מיר —\
מיר שבתדיקע,\
מיר יום־טובדיקע,\
מיר נשמה־יתוריהדיקע יידן\
וועלן איבער אירע חורבות גיין.

צו אים, צו אים!\
זינגענדיק און טאַנצנדיק וועלן מיר גיין\
צו אים!

„עמיץ" וויל, אז מענטש זאָל קאָנען לעבן און זיך אויסלעבן און

פון דאָס ניי אויפלעבן אין דעם אנדערש זען, אנדערש פילן, ווייטער זען, טיפער פילן.

אפילו דער פרוש הויבט אָן אונטער דעם איינפלוס פון „עמיץ" טראכטן אנדערע מחשבות, און זען אנדערע וויזיעס. מילדער ווערט זיין צווייפל און פארצווייפל.

מיר הערן אים איצט אויסשרייען:

לינד הייבט מיך אויף פון גאָט א ווינד
און טראָגט מיך צו א טאָל!
און דער טאָל איז פול מיט ביינער.
די ביינער זיינען טרוקן גאָל...
עס באוויזט זיך מיר ניט קיינער.
דאָך איבער מיר פייגל שוועבן...
און א שטים פון פידל ריינער
פרעגט, צי כ'קאָן דאָס לעבן?
און איך ענטפער דרייסט:
גרויסער האר, דו איינער ווייסט!
כ'זע דאָך דיינע וווּנדער טעגלעך!

און דער בדחן איז אזוי פארכשופט פון דער „עמיץ" געשטאַלט, אז ער ענטפערט:

אלץ איז מעגלעך
ווען איך וויל, וואָס „עמיץ" הייסט!

## קאפיטל זעקס

דער בדחן וויל, אז דאָס לעבן זאָל געלעבט ווערן. וואָס זיינען די סמנים פון לעבן? ווי דערקענען מיר לעבן? דורך וואָס און ווי אזוי אנטפלעקט עס זיך צו אונדז? לעבן אין זיינע איינפאכסטע און פאר־וויקלטסטע פאָרמען דריקט זיך אויס און דערקענט זיך: פון אויסנווייניק — דורך באוועגונג און רירעוודיקייט; פון אינווייניק — דורך וווּקס, אנטוויקלונג און פארמערונג, דורך א גרעסערער און גרעסערער אומ־אָפּהענגיקייט פון דער סביבה, דורך א גרעסערער און מעכטיקערער באהערשונג פון אלץ מיט וואָס לעבן קומט אין קאָנטאקט.

אין אלץ אין וואָס דאָס לעבן דערקענט זיך, לאָזן זיך תיכף אויך דערקענען די פאַרשיידענע גראַדן און מדרגות פון לעבן. לעבן צו לעבן איז ניט גליך. נידעריקערע וועזנס, נידעריקערע עקזיסטענצן — נידעריקערער לעבן. העכערע וועזנס, העכערע עקזיסטענץ — העכערער לעבן. העכערער לעבן מיינט אַ טיפערע און מער אַרומנעמענדיקע און באַהערשנדיקע אינווייניקייט. עס מיינט און באַטייט: טיפערע און שטאַרקערע פסיכיק.

אין זיינער אַ רעדע וועגן באַציאָנאַלער פּערזענלעכקייט האָט פּרץ געזאָגט: מיר באַצירן מיטן נאָמען פּערזענלעכקייט דעם, ווער עס באַזיצט ניט נאָר אַ שטאַרקן ווילן און פלאַמנדיקן פאַרלאַנג, נאָר אויך אַ מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע הויך און קראַפט. די פּערזענלעכקייט מוז שטענדיק זיין אין קאַמף. איר גרויסקייט ווערט ניט געמינערט, אפילו ווען זי דערגרייכט ניט איר ציל".

לויט דער דאָזיקער דעפיניציע איז פּרץ'עס העלד „עמיץ": אַ פּערזענלעכקייט. און דערפאַר איז דער בדחן אַנטשלאָסן דורכצופירן וואָס „עמיץ" הייסט. אָבער דער בדחן איז ניט גענוג פּערזענלעכקייט צו קענען אויפנעמען „עמיץ" אין זיין גאַנצער גרויס און טיף. דעם בדחן אימפּאָנירט „עמיצנס" פלאַמענדיקער פאַרלאַנג, ווייל ער זוכט קודם כל דעם פולן אויסלעב פון נ אַ ט ו ר - ל ע ב ן, ניט טראַכטנדיק וועגן ק ו ל ט ו ר - ל ע ב ן, ניט אַריינדרינגנדיק אין דעם אונטערשייד צווישן חיה־לעבן און מענטש־לעבן.

דער בדחן רייסט זיך צו באַקעמפן דעם טאָג, וועלכער סימבאָליזירט אין דער דראַמע דעם שכל, דעם קאָנטראָלירער פון די „עמאָציעס און דעם רעפּרעזענטאַנט פון אַלערליי פאַרבאָטן". ער וויל ניט דערלאָזן צום אָנקום פון טאָג, וואָס ווייסט בלויז צו זאָגן דעם מענטשן: דו טאָרסט ניט! ער וויל לאָזן הערשן די נאַכט, אין וועלכער דער „געץ" און ניט גאָט האָט די דעה, די נאַכט אין וועלכער עס איז דעריבער אַלץ דערלויבט. ער שרייט אויס צום געץ:

פלינק,
דיין צויבער רינג!
גיט שטראַלן בלוטיק־רויטע,
עס גייען די טויטע!

אין דער אָנוועזנהייט פון די אָנקומענדיקע טויטע, צונויפגע־

זאמלטע אויפן רוף פון בדחן, דערפילט „עמיץ" אז די ווונדער וועגן וועלכע ער האָט געחלומט אין מינוטען פון גליקזעליקייט, זיינען ניט פאר זיי. זיי קאָנען אפשר נאָך אויפשטיין צו אַ נאַטור־לעבן, אָבער ניט צו קיין קולטור־לעבן. מען קאָן נאָך אפשר דערוועקן אין זיי שטאַרקע פארלאנגען, אָבער ניט קיין באגערן פון מאָראַלישער הויך און קראַפט. „עמיץ" דערפילט אַ ליידיקייט, וואָס פארטרייבט אים. „עמיץ" פאר־שווינדט און מיר זען אים ניט מער און הערן שוין ניט מער וועגן אים. דער בדחן, אן אָנגעפייערטער פון פלאַמנדיקע פארלאנגען, בלייבט און גייט אָן מיט דער קאָמאַנדירונג פון די טויטע.

די טויטע, וואָס פרץ לאָזט אינעם דריטן אקט דורכגיין פאר אונדזערע אויגן, זיינען פון דעם סאָרט, וואָס בעת זיי האָבן נאָך געלעבט, זיינען זיי שוין געווען מער טויט איידער לעבעדיק. אפילו ווען זיי זיינען נאָך ארומגעגאנגען אויף דער זינדיקער ערד, איז שוין ניט געווען אין זיי וואָס אונטערצודריקן. אלעס איז שוין לאנג אויסגעלאָשן געוואָרן, ניט געבליבן קיין פונק פון וועלן אָדער באגערן עפעס. אן אָפּגעלעבט־קייט פון עפעס וואָס איז קיינמאָל ווי געהעריק ניט געלעבט געוואָרן, א שימל און פארגליווערטקייט טראָגט זיך פון זיי. און גערעכט איז דער לעקטאָר, וועלכער, הערנדיק זיי לאַכן, זאָגט: —

איינס פון די שרעקלעכסטע זאַכן: —

מתים לאַכן,
הילצערן געלאכט!
אַלע שטריק צעריסן,
די לעצטע בריק — געקראַכט
געפּלאַצט און אין תהום אַריין...
אינעם הילצערן געוויין קריצן ציין...
רייבט זיך ביין אָן ביין.
: : : : : : :

( 2 )

ערשט אין פערטן אקט באַווייזן זיך די מתים, וואָס בעת זיי האָבן געלעבט האָבן זיי געליטן פון קאמף צווישן קולטור־לעבן און נאַטור־לעבן, פון דער אומהארמאָנישקייט צווישן די צוויי אנדערש־גראדיקע

לעבנס. זיי האָבן געליטן פון דעם וואָס די אינסטינקטן און עמאָציעס זיינען געצאַמט געוואָרן, די באגערן און פארלאנגען אונטערדריקט געוואָרן.

אַט קומט אָן די זינדיקע. איר זינד איז באשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט זיך פארליבט אין אַ חזן. זי האָט געוואָלט איבערלאָזן איר מאַן און איר קינד און אוועק ערגעצוווּ מיטן חזן. מיט אַ פלאַטערדיק הארץ זאָגט זי צום חזן:

כ׳האָב אזויפיל געטרוימט!
עס שלאָפט דער מאַן,
עס שלאָפט דאָס קינד,
לויף און שפאַן...
ווו איז די בויד?
ווו איז דאָס פערד?

אַט דערהערט זיך דאָס וויינען און דאָס קלאָגן פון אַ בוגרת. זי וויינט און קלאָגט אויף דעם, וואָס זי האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון דעם געבאָט: ד ו ז אָ ל ס ט נ י ט! זי האָט אויסגעפאָלגט אין אַלע פרטים דעם פארזאָג: מען טאָר ניט! זי האָט געוואַרט אויף איר באַשערטן אזוי לאַנג ביז זי איז אַוועק פון דער וועלט, ניט שטילנדיק איר לעבנסדראַנג.

זי דערציילט:

ניט געשטיפט, ניט געלאַכט,
ניט געשמייכלט, ניט געשפּילט,
קיין ווארעמע האַנט ארום האַלדז ניט געפילט!
. . . . . . . . . .

דאָס הארץ האָט גענאָגט,
דאָס הארץ האָט געצויגן,
כ׳בייס די נעגל, כ׳קריץ מיט די ציין,
ניין! און ניין!

עס באַווייזן זיך די זינדיקע, וועלכע ווילן וויסן און האַלטן אין

איין פרעגן פאַרוואָס האָט גאָט זיי געשטראָפט. און באַלד דערהערן זיך שטימען פון אַלע זייטן, וואָס שרייען אויס מיט גרויס ליידנשאַפט: —

טאַנצן, טאַנצן, טאַנצן!
זאָלן די הערצער צאַפּלען צום פּלאַצן!
זאָל קלאַפּן די שלעפן ווי טאַצן!
שפּילט!
שוועבט!

און דאָ גיט דער בדחן אַ קאָמאַנדעווע: —

לעבט, וואָס איר האָט ניט דערלעבט,
פּילט, וואָס איר האָט ניט דערפּילט!

דער בדחן וויל אַז דאָס נאַטור־לעבן זאָל קומען צום פולסטן אויסדרוק, פריי זאָל ווערן אַלץ, וואָס איז געווען דערשטיקט, אויסגע־מעקט זאָל ווערן דער „מען טאָר ניט", און הערשן זאָל אומגעשטערט דער „מען מעג!"

אויף זיין קאָמאַנדע פאַרמירן זיך צוויי רעדער: — אַ מאַנסביל־ראָד און אַ פרויען־ראָד. קלעזמער שפּילן און די אויפגעוואַכטע טויטע טאַנצן. עס גייט פאַרביי אַ חסיד און קלאָגט זיך אויף דעם, וואָס האָט ניט געקאָנט דערגרייכט ווערן, ווייל אים האָט אויסגעפעלט כח. ער זינגט צו זיך אַליין: —

די מאַמע האָט געהייסן
עפּעלעך רייסן...
ס׳יידעלע צו קליין,
ס׳ביימעלע צו הויך!
ער האָט ניט קיין כח!
קען ניט דערגרייכן!

עס גייען פאַרביי אַ פּאָר חוקרים און חקירהן וועגן לעבן, צי־טירנדיק דערביי קהלת׳עס הבל הבלים, הכל הבל, נאַריש איז אינגאַנצן! אין דעם מאָמענט דערנענטערן זיך אַ גרופּע חסידים און אַלע אינאיינעם לאָזן אַרויס אַ רוף צום טאַנצן, זיי רופן צום טאַנץ, וואָס זאָל פאַר־

שיכורן, וואָס זאָל מאכן פארגעסן אלע פרעגעגישן און וואקלעגישן, — צום טאנץ, וואָס זאָל, אין ברען פונעם מאָמענט, פריי לאָזן די אָנגע־לאָדנקייט פון דער פארשלאָסענער און איינגעשפארטער ענערגיע.

דער פייער, וואָס האָט געטליעט יאָרן לאנג, האָט זיך פאנאנ־דערגעפלאקערט. זיין פלאַם און ברען פארכאפט די חסידים, די חוקרים, און די משכילים. וואָס עס האָט זיך אָט ערשט ניט געלייגט אויפן שכל, לייגט זיך איצט אָן שווערקייטן אויפן געמיט: —

פיס געהויבן און געשטעלט
און אריין אין הפקר וועלט!

דער בדחן קוועלט פון נחת: —

זיי טאַנצן, ווירקלעך זיי טאַנצן!
זיי פילן!

דער ברחן, פון דעם לײדנשאפטלעך אויפגעוואכטן לעבן דאָ אונטן, טוט א ציגד־אונטער אפילו די שטיין־בילדער דאָרט אויבן און זיי שרייען ארונטער: —

שיינע ווייבלעך, שיינע מיידלעך!
שווארץ און חנעוודיק, פיקאנט,
ווייסע שערצן, ווייסע קליידלעך...
לייב צו לייב... ארומגענומען!

דער בדחן רופט צו זיי אַרויפצו:

אראָפּ און זאָל אייך ווײל באקומען!
ברודערשאפט אין פרייד און נויט.
אלע גלייך, דען אלע טויט!
און קיינער זעט, ס'איז אונדזער נאכט!

אָבער נאכט אזוי ווי טאָג קאָן ניט אָנהאלטן כסדר. מענטש קאָן נאָך לעת עתה ניט איבערמאכן גאָט'ס פאנאנדערשיידונג צווישן דעם ליכט, וואָס ער האָט גערופן „טאָג" און דער פינסטערניש, וואָס ער האָט גערופן „נאכט". באלד נאָך די טראָציקע רייד פון בדחן שיינט אויף דער מאָרגנשטערן, און מיט זיין אויפשיין פארשטומט די מוזיק, די טענצער צעפאלן זיך און עס דערהערן זיך אנגסט־שטימען:

ווי, דער מאָרגנשטערן וואכט!
אויס נאַכט, אויס נאַכט!
ווי, עס טאָגט!

פאַרוואָס — פרעגט זיך — אַזאַ שרעק פאַרן מאָרגנשטערן, פאַרן אָנקום פון טאָג, פאַר דער פאַנאַנדערשטראַלונג פון ליכט?

דער ענטפער צו דער דאָזיקער פראַגע ליגט אין די ווערטער פון בדחן: „און קיינער זעט, ס'איז אונדזער נאַכט", אונדזער נאַכט, הייסט עס, און ניט אַלעמענס. דאָס וואָס איז פאַרגעקומען אין דער דאָזיקער נאַכט, טאָר פון קיין אַנדערע ניט געזען ווערן, עס טאָר וועגן דעם צו אַנדערע ניט דערציילט ווערן. די אַנדערע דאַרפן אויסגעשלאָסן ווערן פון דער מעגלעכקייט מיטצולעבן און מיטצופילן די לעבנס־אויסדרוקן פון דער דאָזיקער נאַכט. די דאָזיקע נאַכט איז ניט איינע פון די נעכט, וואָס זאַפט איין אין זיך די אייביקייט, און ווערט אַליין פון דער זעלבער אייביקייט איינגעשלונגען, נאָר זי איז אַ נאַכט, וואָס דאַרף זיך אויסשליסן און אָפּזונדערן פון דעם צייט־אויסשניט, וואָס הייסט טאָג.

גאַנץ אַנדערש פאַרן בדחן נעמט „עמיץ" אויף די נאַכט. פון אַן אַנדער קוואַליטעט זיינען די געפילן און איבערלעבונגען וואָס באַהערשן אים צום שטאַרקסטן, ווען זי שפרייט אויס אירע פליגלען אויף גאָט'ס גרויסער ערד. אויף די פליגלען פון דער ליבע קומט „עמיץ" צו לויפן, כדי צו דערציילן אַלע און אַלעמען, אַז ער האָט אַ היייליק לייב פאַרצערט און דורך דעם אין איין אויגנבליק דערפילט אייביקייט. דער דאָזיקער געפיל גיט אים מוט צוריקצורופן פאַרזונקענע זונען.

: : : : : : :

(3)

אין אַ בריוו צו דער „דאַמע ביים מעער" שרייבט פרץ: — „אַ דרייפאַכיק לעבן פירט דער מענטש. ער לעבט זיין יעצט אין דער טעטיקייט, זיין צוקונפט אין דער האָפענונג, און לעבט איבער זיין פאַרגאַנגענהייט אין דער דערינערונג. פון די דריי טיילן באַשטייט דאָס לעבן. — — — — לעבן איז דער פּראָצעס, וואָס פירט אַרויס סינטעזן פון טעזן און אַנטיטעזן. און איז עפּעס וואָר, איז אויך, און

פונקט אויף אזוי פיל, וואָר זיין אנטיפּאָד און איז עטוואָס גוט, איז אויך, און פונקט אויף אזוי פיל, גוט־זיין קעגנזאץ, אינעם באגריף פון געטלעכן, שטעקט שוין דער טייוול, אינעם גליק — אומגליק. פון ביידע קומט דאָס לעבן: פון טעזע און אנטיטעזע. נאָר ניט אָפּפאַלן ביי זיך אליין. מוטיק אנטקעגן גיין דעם סינטעז!"

אָט די מוטיקע אנטקעגן גיין דעם סינטעז האָט פּרץ געלאָזט זיך קריסטאַליזירן אין צוויי געשטאַלטן: — וואנדערער און „עמיץ".

דער וואנדערער זאָגט: „דער הימל דער זעלביקער, די שטערן די זעלביקע, און דאָך ווערט דאָס אויער פון וואנדערער, ווי ער זאָגט אונדז, קיינמאָל ניט פול פון הערן, דאָס אויג — פון זען ניט זאַט, און ניט מיד פון ליניען פון פארבן". ניט פול, ניט זאַט, ניט מיד פילט זיך דער וואנדערער דערפאר וואָס זיין טיפע נשמה נעמט אויף די שטענדיקע ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין דעם אומענדלעכן, וואָס גייט אונטערן נאָמען — נאַטור.

עס איז דער וואנדערער, וואָס פילט שטענדיק „די פארבאָרגענע האנט אין מזרח ראנד, וואָס שאפט — די האנט וואָס בינדט ליכטיקע שטראַלן און וועבט ניט נאָר סתם טאָג, נאָר א נייעם טאָג. וועקט אין זיין אייגן הארץ א נייעם קלאנג, א נייעם פארלאנג און לאָזט וועבן אין הארצן דעריבער שטענדיק און אלע מאָל א בענקשאפט". דער וואנדערער זאָגט אונדז ניט נאָך וואָס עס בענקט זיך אים, אָבער מיר האָבן זיך שוין גענוג באקאנט מיט אים, אָדער בעסער געזאָגט, מיט פּרץ'עס געשטאַלטונג פון אים, אויף צו וויסן, אז זיין בענקשאפט איז א בענקשאפט נאָך נייע סינטעזן, נאָך נייערע און טיפערע לעבנס אינהאַלטן; נאָך א לעבן וואָס זאָל זיך רייסן מיט מער אימפּעט אין־דער־טיף און אין־דער־הויך, און בינדן אינטימער מיט אַלץ דיקערע פעדעם די פערזענלעכקייט פון מענטש מיט דער אלהעכסטער אוניווערסאלער פערזענלעכקייט.

ווי דער וואנדערער אזוי פילט אויך „עמיץ" אין דעם מאָמענט ווען ער ווערט דורכגענומען מיט גליקזעליקייט, אז א געוויסע גייסטיקע אָנגעלאָדנקייט און געשפּאנטקייט איז אריינגעגעבן געוואָרן אין אים פון דער העכסטער שאפונגס־קראַפט. אויך אים באהערשט דעמאָלט א בענקשאפט נאָך נייערע וועלטן, נאָך איבערקערענישן און אנדערש־קייטן. דאָס איז דער זין פון זיין באגער „צו צעאקערן פעלזן אויף

בייטן, ווו עס זאָלן גליען פלאַמענדיקע מאַגנען, און אויף וויסטע פעלדער — זאָלן ליליען שטראַלן און רויזן פלאַקערן". אַנדערש, און דאָך עטוואָס ענלעך צו די געשטאַלטן פון „וואַנדערער" און „עמיץ" איז די געשטאַלט פון בדחן. ער, ווי זיי, האָט שוין דערפילט די דערווידערט־קייט פון דער טעזע, פון דעם געגעבענעם איצט. ער פילט דעם דראַנג צו דער טעטיקייט, וואָס דאַרף פאַרשאַרפן די אַנטיטעזע. ער איז אָבער נאָך ניט דערוואַקסן צו דער פאַרשטענדעניש פון דעם מאָמענט, וואָס דאַרף אַריינזאַפּן אין זיך דעם פריער און דעם איצט און ווערן עפּעס מער און גאַנץ אַנדערש פון דעם, וואָס איז געווען ביז צו דעם דאָזיקן מאָמענט. אים פעלט לחלוטין די נויטיקע טיפקייט און דערהויבנקייט פאַר א דורכדרינגנדיקן אַריינבליק אין דעם סינטעז. אים פעלט די נויטיקע קולטור.

גערעכט איז דער בדחן אין זיין דיאַגנאָזע , אַז א סך פון די מענטשלעכע אינסטינקטן, געפילן און עמאָציעס זיינען היינט צו טאָג אונטערדריקט אויף א מגושמדיקן אופן. פאַרשטאָפּט זיינען גאָר א סך וויכטיקע לעבנסקוואַלן. אויף א סך געביטן פון מענטשלעכן לעבן הערשט א שימל און גליווער. גאָר א סך מענטשן פעלט אויס מוט צו טרייבן דאָס לעבן אין אַזעלכע אָדער אַנדערע ריכטונגען. גרעסער ווערט די צאָל פון מענטשן, וואָס ווערן אַרומגעכאַפּט פון אַפּאַטיע און אַטראָפיע.

די אויגן פון אַסך מענטשן זיינען בלינד געוואָרן צו דער שיינקייט פון די קרעפטן וואָס אַרבעטן אין די טיפסטע אָפּגרונטן און פינצטער־סטע קעמערלעך פון דער מענטשלעכער נשמה און מענטשלעכן גייסט. פאַרזען האָבן זיי די גרויסע ראָל, וואָס די נאַכט שפּילט מיט דעם וואָס זי מאַכט מעגלעך, אַז דאָס אָפּגרונטיקסטע, טיף תהום׳דיקס זאָל קומען צו דער אויבערפלאַך, און דורך דעם אַרויסרייסן אויף וויפיל ניט איז דאָס לעבן פון פלאַכקייט און א שטויס־טאָן עס מיט מער אָדער ווייניקער אימפּעט אויפן וועג, וואָס פירט צו דער טיף און צו דער הויך. דער מענטש איז בכלל צופיל באַהערשט געוואָרן פון דער וויסנשאַפטלעכער דערקענטעניש, וועלכע האָט געלייגט דאָס גאַנצע געוויכט אויפן שכלדיקן און האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פאַרטרייבן דאָס טונקעלע, דאָס אומקלאָרע און אינאייגעם מיט דעם אויך דאָס אומ־דערקלערלעכע און דאָס מיסטעריעזע. דער מענטש איז דורך דעם אָפּגעריסן געוואָרן פון דער רעאַליטעט, וועלכע איבערשטייגט אין איר

אינערלעכן גאנג דאָס מענטשלעך־שכלדיקע. ער איז צופיל פארקאָכט געוואָרן אין דער טאָג־קלאָרקייט, און האָט אָנגעהויבן אלץ מער און מער קוקן פון אויבן אראָפּ אויף דער אומקלאָרקייט פון דער נאכט. טאָג האָט אָנגעהויבן באדייטן פאר אים טוגנט, נאכט — זינד.

אויף וויפיל מיר פילן דעם אמת פון דעם בדחן׳ס דיאגנאָז, אויף אזוי פיל סימפּאטיזירן מיר אויך מיט זיין קאמף קעגן טאָג און זיין איינשטעלן זיך פאר דער שיינקייט און טיפקייט, וואָס אויך די נאכט טראָגט אין אירע איינגעווייד. מיר קענען זיך, אָבער, ניט אידענטיפיצירן מיט דער בדחן־געשטאלט, ווי מיר קאָנען עס מיט די געשטאלטן פון „וואנדערער" און „עמיץ". דעם בדחן פעלט די פארשטענדניש, וואָס דער „וואנדערער" און „עמיץ" האָבן פאר די מהות׳ן פון שיינקייט און טיפקייט, וואָס דער נייער לעבנס מאָמענט — דער סינטעז — דארף אין זיך טראָגן; א פארשטענדעניש פאר מהות׳ן, וואָס דארפן אויסצייכנען מיט דערהויבנקייט דעם נייעם מאָמענט לגבי אלע פריערדיקע מאָמענטן. דער נייער מאָמענט פאָדערט א גלייכווערטיקע שאצונג פון די ראָלן און פונקציעס פון טאָג און נאכט.

דער בדחן באנעמט ניט די גלייכווערטיקייט פון קולטור אויסדרוקן און לעבנס־פונקציעס, און דאָס מאכט אוממעגלעך פאר זיין קאמף געקרוינט צו ווערן מיט א זיג.

דער בדחן פראָקלאמירט די גלאָריע פון דער נאכט, רעכטפערטיקן וויל ער זינדיקייט, ריינוואשן איר נאָמען מיט דעם, וואָס זי, און נאָר זי, לויט זיין מיינונג, מאכט מעגלעך א מער דינאמיש לעבן, א פולערן אויסלעבן זיך. זי איז בכח צו טויטן די טויטקייט און ברענגען צום לעבן אלערליי מתים. זיין לאָזונג איז:—קעניגן זאָל די נאכט און כשופן זאָל דער „געץ"!

פלינק,
דיין צויבער רינג!
גיב שטראלן בלוטיק רויטע
עס גייען די טויטע!

און בשעת דער רינג וועט צויבערן און די בלוטיק רויטע שטראלן וועלן שימערן, „זאָלן די טויטע לעבן וואָס זיי האָבן ניט דערלעבט און פילן וואָס זיי האָבן ניט דערפילט".

אויף זיין רוף פאַרמירן זיך צוויי מענטשן רעדלעך ווי צוויי הענט פון מילן, און וועלכע אַלע רעדלען זיך אריין, אפילו די חוקרים און משכילים. אין ברען פון טאַנץ רופן זיי אויס:

וואָס איז רעכטס? וואָס איז לינקס?
לעבן־ספינקס, טויט איז ספינקס!
און דו — טאַנץ! קענסטו, לאַך!
ברום־ברום טראַך־טראַך־טראַך!

קוקנדיק אויף דער מענטשן־מיל מיט אירע רעדער, וועלכע ער האָט אזוי דערפאַלגרייך אָנגערעגט צו טאַנצנדיקע התלהבות און צו פייערדיקע ליידנשאַפטלעכע טענץ, טראַכט זיך דער בדחן, אז אַלץ וואָס זיי פעלט נאָך צו זיין מיט פריצים גלייך, איז קלינגנדיקע לידער און אויף די קעפּ רויזן־קראַנצן און אויף די האָר — רויזן אויל.

אין גרויס עקסטאַז פון זיין דערפאָלג וויל און פאָדערט דער בדחן פון דער מחנה טענצערס, אז זיי זאָלן דעם גרויסן טאַנץ אין גרויסן טאָג אריינטאַנצן. און ווען זיי דערשרעקן זיך פאַר דער דאָזיקער שטרענגער פאָדערונג, פרעגט ער זיי אין גרויס כעס:

וויניק נאָך אין קברים געליטן
ניט פאַרבענקט זיך נאָך צום לעבן?
זאָל ער אייערע קברים פארשיטן,
נייע נשמות אייך געבן.
א ניט זאָל ווערן געשריטן,
א ניט זאָל ווערן געטריצט,
ווילט איר — און אייער אויג נאָך בליצט!

און ווילן וויל דער בדחן — ווי מיר ווייסן שוין — באַשטרייטן און טריצן דעם טאָג, און דאָס מיינט די פארנונפט, דעם שכל און איינ־איינעם מיט זיי אַלץ וואָס זאָגט: — ניין! אַלץ וואָס צאַמט און דריקט דאָס אונטערגרונטיקע, דאָס תמציתדיקע פון דעם נאַטור לעבן; אַלץ וואָס פאָדערט באַלדיקע אויסלאָדונג, באַלדיקע רעאַליזירונג און צו־פרידנשטעלונג. ער וויל פאַנאַנדער נעמען די צאַמען און דאַמבעס, וואָס פאַרהאַלטן די לעבנספלוסן כדי אריינצוגעבן מער דינאַמיק אין

לעבן און מיט איר — מער פאַרגעניגן, מער פרייד און מער גליק אין לעבן. דערפאַר הייסט ער עס זיי צורויבן פון אייכן און צעדער אין וואלד — די קראַפט, צונויפצונעמען פון אַלע גראָזן דאָס זאַפט, ביי דער זון די פלאַמען, ביי די ליליען — דאָס ווייסע, ביי רויזן דאָס רויטע — צונויפזאמלען אַלץ, וואָס איז נאַטור און נאַטוריש אין קאַמף קעגן דעם וואָס איז קולטור און קולטוריש.

נאַטור־דינאַמיק אַליין אָבער קאָן ניט געבן קיין ווערטפול לעבן, און במילא שוין אויך ניט קיין אייביק לעבן. פאַר דעם אַלץ מוז מען גיין צו קולטור־דינאַמיק. ווען, דעריבער, דער בדחן פועלט ביי די טויטע, אין וועלכע ער וויל אַריינבלאָזן אַ לעבנס אָטעם, אַז פון היינט און ווייטער איז אַ סוף צו טויט און טויטקייט, און זאָל ווערן געלעבט אין דער נאַכט וואָס וועט זיך אַריינרייסן און בייקומען דעם טאָג, דערהערט זיך אין דעם זעלביקן מאָמענט דער קוקורעקו פון בלעכענעם האָן אויפן דאַך פון שול — אַן אָנזאָג אויף אָנקום פון טאָג. דער דאָזיקער אָנזאָג פירט צום קאַמף מיטן בלעכענעם האָן. דער בדחן וויל ניט אַנדערש ווי — „אַרויסיאָגן דעם נפש פון האָן, אויסצופן אים די פליגל, אָפּדרייען אים דעם האַלדז און אַראָפּוואַרפן אים פון דער הויך אויפן מיסט, און אויס זאָל זיין מיט די ליכט פאַרשפּרייטער, צוקונפט פליגן־כאַפּער און משיח׳ס טויערן־קלאַפּער".

ווען די טויטע פאַרלירן מוט און זאָגן זיך אָפּ צו קלעטערן מיט אים אויפן דאַך, ווו עס קוקורעקוט דער בלעכענער האָן, באַשליסט דער בדחן צו גיין אַליין.

נו, גיי איך אַליין, בעסער אַליין!

4.

דער סוף פון בדחנ׳ס קאַמף איז אַ טרויעריקער. אַנשטאָט באַזיגן, ווערט ער באַזיגט פון בלעכענעם האָן און צו די מתים ווערט ניט געגעבן קיין ניי לעבן. דער לעקטאָר, אַריינקומענדיק פון הינטערן פאָרהאַנג אויף דער בינע, לאָזט וויסן דעם עולם: —

עס ווינען, עס קלאָגן
מתים פון ווינד געטראָגן,
מען האָט זיי קיין לעבן
קיין נייס ניט באַשערט.

עס איז ווי דער לעקטאָר זאָגט — „טרויעריק, שויעריק"...
די מתים גייען צוריק אריין אין זייערע קברים, און עס זינגט דער מתים־כאָר:

און וועט אונדז די ערד פארדעקן,
זאָל געשען זיין ווילן!
מיר וועלן ווארטן און שטילן,
ביז דו וועסט וועקן!
זאָל דיין ווילן געשען!
און אָפּמעקן זאָלסטו אונדזער זינד
ווי דו מעקסט געשווינד
א וואָלקן אָפּ...

עס דערטראָגן זיך די לעצטע ווערטער פון די מתים: —

מיר זאָגן זיך אָפּ, פון אלעם אָפּ!

דער בדחן קומט ארויס פון שול מיט אן ארומגעבונדענעם קאָפּ. אויפן טוך רויטע בלוט־פלעקן. ער דערציילט דעם פּרוש מיט א געפיל פון חרטה, אז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס, און איז דערפאר געפאלן מיטן קארק אראָפּ. ער באפעלט דעם „געץ" און די שטיינבילדער צוריק צו גיין אין די נישן, ניט באשעפטיקן זיך מיט דעם וואָס גייט אָן אויף דער ערד.

ארויף, פארשטיינערט ווערט!
גאָר ניט געזען, גאָר ניט געהערט!
געווען א נאכט ווי אַלע נעכט!

דער בדחן האָט איבערגעכאפּט די מאָס אין זיין טעטיקייט, ווייל ער האָט ניט פארמאָגט גענוג עריננערונגען וועגן דעם אמאָל און האָפענונגען אויף דעם אָנקומענדיקן. ער האָט ניט טיף גענוג אָפּגעשאצט דעם עבר און ניט געהאט קיין וויזיע פון דעם עתיד. געווען אין אים א סך פלאמענדיקער פארלאַנג און זייער ווייניק מאָראלישע און אינטעלעקטועלע קראפט, און נאָך ווייניקער אינטויטיווע קראפט.

דער בדחן אנטפּלעקט פאר אונדז די טראגישקייט פון דעם טיפּ רעוואָלוציאָנער, וואָס טאט און דערפאָלג פון מאָמענט זיינען ביי אים דער אָנהויב און סוף פון דער זאך, פאר וועלכער ער איז גרייט אפילו

איינצושטעלן זיין לעבן. דאָס פּראַקטישע און דאָס נוצלעכן וועגט בא אים אַריבער דאָס ווערטפולע אזוי ווי באם קאָנסערוואַטאָר און רעאַקציאָנער. אים ווי זיי גייט עס סוף כל סוף אין אַ גופיש באַקוועמ־לעך לעבן מער ווי אַ גייסטיק־דערהויבן לעבן. ער איז אַ רעוואָלו־ציאָנער, וואָס אַ סך אַנדערע זיינען עס ניט, ווייל ער פילט זיך מער געשטיקט און געדריקט. ער ליידט שטאַרקער פון דאָס שלעכטע און ברוטאַלע וואָס האַגלט אויף די מענטשלעכע קעפּ. אין אויפברויז פון אויפרעגונג איז ער דעריבער גרייט צו צעברעכן אַלץ, אפילו די טיפסטע אינהאַלטן און תמציתן, ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין וחשבון וואָס וועט פאַרנעמען זייער אָרט. ניט האָבנדיק געשאַפן קיין נייעם אינהאַלט וואָס זאָל אַ שטויס טאָן דאָס לעבן אין־דער־הויך און אין־דער־טיף, וועט ער זיך אָפּט אָנכאַפּן אין אינהאַלטן, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלאָרן זייער ווערט און פאַרמאָגן ניט דעריבער קיין שטויס־קראַפט, און ער וועט זיי אַרומוויקלען מיט פאָרמען און שאַלעכצן וואָס זיינען נאָך שווערער צו צעברעכן ווי פריערדיקע.

ערשט נאָך זיין דורכפאַל האָט דער בדחן דערזען, אַז דער געץ איז נאָך אַלעמען ניט מער ווי אַ ווילדע ווערטלאָזע זאַך. און אַז ערגעץ ווו אין די הויכן איז וואַך עמעצער, וואָס קאָן מיטן געוויינטלעך אויג ניט געזען ווערן און מיטן געוויינטלעכן אויער ניט געהערט ווערן. דעם בדחן איז אָבער נאָך אַלץ ניט געגעבן געוואָרן צו זען, אַז דאָס וואָס איז וואַך און איז איבער אַלץ און אַלעמען, קאָן ניט אויסגעשעפּט ווערן פון קיינע שולן און קלויסטערס, פון קיינע שום אינסטיטוציעס. די וועגן וואָס פירן צו אים און די מעגלעכקייטן פון זיינע אַנטפּלעקונגען צו אונדז זיינען אומענדלעך. זיין פאַראַנענקייט קאָן ניט אויף קיינע אופנים באַוויזן און פעסטגעשטעלט ווערן. קיינע געשעענישן און פּאַסירונגען אין אונדזער לעבן אויף אונדזער ערד קאָנען ניט אָפּ־פרעגן אָדער פאַרקלענערן זיין עקזיסטענץ. דער ערשטער דורכפאַל, דעריבער, אין קאַמף מיטן טאָג, פירט שוין דעם בדחן צו חרטה און דערוועקט אין אים דעם באַגער צו ווערן ווי ער איז פריער געוועזן. ער פאַרבייגט זיך פאַרן האָן און זאָגט:

דו ביסט גערעכט...
דיין משפט איז גערעכט!
דו אויף דיין הייכן אָרט

ביסט דאָס וואָרט
דער סימבאָל
און די פּאראָל.
געזינדיקט שווער
כ׳וועל ניט מער...
איך וועל פאַר די וואָס לעבן שטרעבן
איך וועל קלאפּן, איך וועל וועקן!
פּארציי!

דער דורכפאל פון בדחן שטארקט דעם גלויבן פון פּרוש אין דעם „אין חדש תחת השמש" און אין דעם „הבל הבלים הכל הבל".

נאריש, נאריש, אלץ איז אייטל,
נאריש אלץ מיט אנאנד...
א רינג נאָך א רינג ציט א קייטל
עס ווערט נאכט און עס טאָגט
און נאריש אויב עמיץ זאָגט
ער האָט א נייס דערלעבט
נאריש אלץ מיט אנאנדער!

וואָלטן אלע קעמפער און רעוואָלוציאָנערן געווען פון בדחנ׳ס שניט, וואָלטן אלע געווען געפילט ניט ווייטער און ניט טיפער, וואָלט דער פּרוש, ווי קהלת, געבליבן גערעכט. עס וועלן אָבער אלע מאָל זיין מענטשן פון דעם שניט פון „עמיץ" און „וואנדערער", וואָס זעען דאָס אנדערשדיקע און נייערע אין דעם זעלביקן; וואָס פילן א ממשות׳דיקייט אין דעם דראנג צום ווייטערן, העכערן און טיפערן. זיי ווערן פארכאפּט פון דעם אייביקן פּראָצעס פון דער שאפנדיקער סינטעזע, פון דעם אייביקן „שפּונען פון לעבן און טויט און פון צווישן". זיי פילן מיט פּרצ׳ן, אז די פּערזענלעכקייט מוז שטענדיק זיין אין קאמף, און איר גרויסקייט ווערט ניט געמינערט אפילו ווען איר ציל ווערט ניט דערגרייכט. צו וואָס עס צילט די אינדיווידועלע פּערזענלעכקייט, צילט אויך די אוניווערסאלע פּערזענלעכקייט. דער אינדיוויד איז צייטווייליג, די פּערזענלעכקייט איז אייביק, און וואָס עס ווערט איצט ניט דערגרייכט, וועט אַמאָל דערגרייכט ווערן. דערביי איז וויכטיק שטארק איינזינען האָבן, אז דער ניט איינגעגעבענער פּרווו

איז אזוי וויכטיק פאר די צוקונפטיקע דערגרייכונגען ווי די איינגע־געבענע פרווון. יעדע העכסטע דערגרייכונג ווידער איז בלויז א שטאפל אויפן לייטער פון דערגרייכונגען, וואָס ציט זיך אין דער אומענד־לעכקייט. דערפאר לאָזט עס פרץ דעם וואנדערער זיך נאָך אמאָל באווייזן. דער וואנדערער, וועמענס חלום דער דיכטער האָט געהייסן שפילן, באווייזט זיך, כדי צו ענטפערן אויף דעם פעסימיזם פון דעם פרוש מיט אן אָפטימיזם, וועלכער דריקט אויס פרץ׳ס אייגענעם גלויבן און אנשויונג.

דער פרוש האָט זיך געקלאָגט, אז עס איז ניטאָ קיין נייעס און אז אלץ ציט זיך ווי א קייט, אין וועלכער די רינגעלעך זייבען ארייג־געזעצטע פון אייביק ביז אייביק. אויף דעם ענטפערט דער וואנדערער:

אין מזרח־ראנד
שאפט א פארבאָרגענע האנד,
ליכטיקע שטראלן בינדט זי,
ראָזיקע נעפעלעך שפינט זי,
א נייער טאָג ווערט אויסגעוועבט.

און ווען קוקנדיק דעם וואנדערער אין פנים אריין, זאָגט דער פרוש:

ווי לאנג דו קענסט לעב!
ווי לאנג דו ווילסט וואנדער!
וועסט קיין נייעס ניט זען,
זיין וועט דאָס וואָס איז געווען.

ענטפערט אים דער וואנדערער:

עפעס אין הארצן דאָך בליט!
עפעס טרייבט דאָך און עפעס ציט
אן א האלט.
ווו איז ציל, ווו איז צוועק?

דער לעקטאָר דערלאָזט ניט וועגן דער דאָזיקער פראגע קיין וכוח. עס געהערט ניט — זאָגט ער — צום שפיל. דער רעזשיסער לאָזט פאלן דעם פאָרהאנג, אָבער דער וואנדערער באווייזט דאָך אָנצוכאפן דעם פרוש און אין איילעניש אים א פרעג טאָן: — דו ווייסט ניט?

דער פרוש ענטפערט: — ניין!

וואָס דער וואנדערער וואָלט געענטפערט קאָנען מיר זיך אָנ־שטויסן פון זיינע פריערדיקע רייד.

דער ענטפער פון פרוש איז א שארפער, קורצער, „ניין", ער ווייסט ניט פון קיין צוועק און קיין ציל. אזוי מוז ענטפערן איינער, וואָס פילט ניט טיף אין זיך און ברייט ארום זיך די אומאויפהערלעכע שאפונג פון דער פארבאָרגענער האנט. איינער אָבער וואָס פילט זי, קאן ניט ענטפערן אנדערש ווי מיט א זיכערן „יאָ". נאָך מער, פאר אזא איינעם ווי דער וואנדערער בלייבט גאָר קיין אָרט ניט פאר דער פראגע וועגן ציל און צוועק. פאר אים ווערט דאָס לעבן ציל, און דער ציל צו לעבן טיפער, העכער, שענער, ווערט דער זין און ווערט פון לעבן.

דער דורכפאל פון בדחנס קאמף און זיין איצטיקער געשריי „אין שול אַריין! אין שול"... איז א פועל יוצא פון דעם וואָס דער בדחן האָט ניט אויפגענומען דעם „געץ" און די שול, דעם טאָג און די נאכט אין זייער אלץ ארומנעמענדיקער גאנצקייט. געדעכט איז דעריבער געווען דער גרייז, וועלכער האָט נאָכגעטריען די מתים: —

עס וועט אייך דערגרייכן
גאָט'ס האנט...
איר גייט בלינד,
איר זייט ווינד,
שניידן וועט איר שאנד!

און וואָס פרץ האָט געלאָזט דעם גרייז זאָגן צו די וואָס זייבען פון ברחן געפירט געוואָרן, קאָן איצט געזאָגט ווערן צו גאָר א סך פון די וואָס לאָזן זיך פירן פון קעמפער פון בדחנ'ס שניט. צו זיי און צו די קעמפער גופא קאָן געזאָגט ווערן: איר גייט בלינד, איר זייט ווינט; שניידן וועט איר שאנד. אזוי וועט עס אלעמאָל זיין אין גאנג פון אייביקן היינט מיט אלע די וואָס באקעמפן טעזע, ניט אָפ־געבנדיק זיך קיין דין וחשבון וועגן סינטעזע. גאָטלאָזיקייט קעגן גאָט, גשמיות קעגן רוחניות, גוף קעגן גייסט — דאָס זענען טעזן און אנטיטעזן, אָבער ווו איז דער סינטעז?

נאָך דעם דאָזיקן סינטעז בענקט איצט די מענטשלעכע נשמה

און דער מענטשלעכער גייסט. די בענקעניש איז א גאראנטיע פאר דעם, אז ער וועט פריער אָדער שפּעטער קומען. און ווען ער וועט קומען, וועט דאָס פייפן פון פאבריק מער ניט פארהילכן אלעס און אלעמען. די ציוויליזאַציע וועט ניט באוועלטיקן אלעס און אלעמען. אנשטאט ציוויליזאציע וועט קולטור דאָמינירן! זי וועט אריינוועבן דעם מענטש אין דעם וועלט־גייסט, און דעם וועלט־גייסט אין מענטש, און שפּינען וועט זיך א נייע וועלט, א נייער מענטש, און אלע מאָל וועלן קומען אלץ נייע וואנדערער מיט נייע חלומות און נייע בענקענישן. עס וועלן אויך קומען נייע דיכטער, וואָס וועלן הייסן שפּילן די נייסטע חלומות.

אזוי איז דער אייביקער גאנג פון אייביקן היינט.

1.

# באַרג, ליבע און מעדיטאַציעס

### א.

אויף אַ הויכן באַרג, הויך איבער פלאַך־לאַנד, קומען פאָר אַלע געשעענישן, וואָס זיי מאָלט טאָמאַס מאַן אין זיין בוך „צויבער־באַרג“. אויף דעמדאָזיקן באַרג האָבן אַרויפגעקלעטערט און זיך באַזעצט מענטשן ניט קיין געזונטע, ווער פון זיי אויף אַ קורצער צייט און ווער — אויף אַ לענגערער. דער פאַרלאַנג אויסגעהיילט צו ווערן פון אַזאַ אָדער אַנאַנדער פאָרם פון לונגען־חולאת, האָט זיי אַלעמען צונויפגע־בראַכט אויף דעם דאָזיקן באַרג אין דאָקטאָר האָפראַטס סאַניטאַריום.

אַהין קומט אויך דער הויפט־העלד פון בוך, דער יונגער האַנס קאַסטאָרפ. ער קומט צו באַזוכן זיין קראַנק שוועסטערקינד, אָבער דאָרט שוין זייענדיק, צעשפּילט זיך אויך ביי אים די ביז איצט פאַר־באָרגענע חולאת. ער ווערט דורך דעם אויף אַ לאַנגער צייט אַ חשובער מיטגליד פון דערדאָזיקער באַרגישער קראַנקהייט געזעלשאַפט, און אויף אייביק — דער הויפט־העלד פון ווערק „צויבער־באַרג“. דורך אים קומען אין דעמדאָזיקן ווערק צום אויסדרוק די טיפע טענדענצן און פאַרבאָרגענע שטראָמען און אונטערשטראָמען פון אונדזער תקופה.

די באַרגיקייט, אויף וועלכער מאַן פאַרזעצט זיינע העלדן; דאָס פּאַטאַלאָגישע, פון וואָס ער לאָזט זיי אַלע ליידן; דאָס טראָפּעלע תמעוואַטעקייט, וואָס ער גיט אַריין אין זיין הויפט־העלד, האַנס קאַס־טאָרפּ, — זיינען המצאות, וואָס מאַכן מעגלעך, אַז אַלערליי אויסער־געוויינלעכע געפילן, טיפע און אַפילו אַבסטראַקטע געדאַנקען, וויסנ־שאַפטלעכע פאָרשונגען און רעליגיעזע ספעקולאַציעס זאָלן אַרויס־קומען, ווי אינטענסיווע און קאָנקרעטע איבערלעבונגען פון די העלדן. זיי אַלע שלאָגן אַרויס פון די טיפע אפגרונטן פון דער מענטשלעכער וועזנטלעכקייט.

איבערלעבונגען וואָס וואָלטן געווען אומנאַטירלעך און אומ־גלויבלעך, ווען עס זאָל זיך האַנדלען וועגן דורכשניטלעכע, געזונטע

מענטשן, וועלכע וווינען אין טאָלן און אויף פלאַכער ערד, ווערן נאַ־טירלעך און גלויבלעך פאַר מענטשן ניט קיין געזונטע, און וואָס זיינען אויף אַזאַ אָדער אַן אַנדערן אופן איבער אָדער אונטערן דורכשניט; דערהויפט, ווען דידאָזיקע מענטשן ווערן געצוווּנגען זיך צו פאַרזעצן פאַר אַ לענגערער צייט ווייטער פון דער ערד און נענטער צום הימל, מיט שטאַרקע פערספעקטיוון פאַר אַ דערנענטערונג צום טויט.

די אויסנווייניקסטע באַרגיקייט אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּאַטאָ־לאָגישן אינעווייניק אין זיי; די ניט דערגרייכונג ווי די העכערקייט פון דורכשניט פון אייניקע פון די קראַנקע מיטגלידער פון דער סאַניטאָרישער געזעלשאַפט אויפן באַרג — מאַכן מעגלעך פאַר דעם מחבר פון „צויבער־באַרג" זיך אליין און אויך אונדז אַריינפירן אין וועלטן אין צייטן, וואָס אין זיי ווערט דאָס ניט רעאַלע רעאַל, דאָס צייטיקע צייטלאָז, דאָס רוימיקע רוימלאָז. דידאָזיקע המצאות גיבן צו קינסטלערישע קאָנקרעטקייט ניט נאָר צו דעם, וואָס ווערט געטון, נאָר אויך צו דעם, וואָס ווערט געטראַכט און גערעדט. וויסנשאַפטלעכע, פילאָסאָפישע און רעליגיעזע השערות, געדאַנקלעכע אָריענטירונגען נעמען אַרויף אויף זיך בלוט און פליישׁ. זיי באַקומען דורך דעם אַ סך אַ שטאַרקערע קולטיווירנדיקע קראַפט, שפּילן אַ סך אַ שטאַרקערע ראָל אין טרייבן דעם מענטש אויפן וועג צום העכערן מענטש, ווי ווען זיי וואָלטן אַרויסגעלייענט געוואָרן פון די זייטן פון פילאָסאָפישע, וויסנשאַפטלעכע און רעליגיעזע ביכער.

טאָמאַס מאַן איז ניט דער ערשטער זיך צו באַנוצן מיט אַזעלכע המצאות, כדי אויף אַ קאָנקרעטן און אינטימען אופן באַרירן סיי דאָס העכסטע צו וואָס די לאָגיק אָדער די פאַרנונפט קאָנען צוקומען; סיי דאָס, וואָס איבערשטייגט אַלץ, וואָס דער באַוווּסטזיין האַלט אין זיינע נעצן און וואָס קאָן נאָר פון דעם אונטער אָדער איבערבאַוווּסטזיין אויפגעכאַפּט ווערן. מיט אַזאַ אָדער אַן אַנדערער פון די אויבנדער־מאָנטע המצאות האָבן זיך שוין פאַר מאַנען באַנוצט אַזוינע קינסטלער, ווי שעקספּיר, געטהע, בייראָן, דאָסטאָיעווסקי, און אונדזערע אייגענע קינסטלער, ווי פּרץ און לייוויק.

טאָמאַס מאַן צייכנט זיך אָבער אויס פון די אַלע אַנדערע מיט צוויי זאַכן: ערשטנס, דערמיט, וואָס ער באַנוצט זיך אין איינעם און דעם זעלביקן ווערק מיט אַלע המצאות אויף איין מאָל. צווייטנס, דער־מיט, וואָס ער לאָזט אין דעמדאָזיקן ווערק „צויבער־באַרג", באַוווּסט־

זיביק און מיט אַ כּיוון קומען צום אויסדרוק הן דאָס איביק־זייענדיקע, און איביק־בלייבנדיקע, הן דאָס צייטווייליקע און פאַרבייגייענדיקע פון דער עפּאָכע, אין וועלכער מיר לעבן. דער פינאַל איז דער מאָמענט ווען עס דערהערן זיך די ערשטע דונער־קראַכן פון דער מלחמה, וואָס האָבן אַראָפּגעבראַכט צוריק צו דער פלאַכער־ערד דעם הויפּט־העלד — האַנס קאַסטאָרפּ.

באַלד פון אָנהויב כמעט פון זיין ווערק זאָגט אונדז טאָמאַס מאַן וועגן זיין ליבלינג־העלד האַנס קאַסטאָרפּ, אַז „ער איז ניט געווען קיין גאָניע און אויך ניט קיין דומקאָפּ. און אויב מיר מיידן אויס דאָס וואָרט „מיטלמעסיק", איז דאָס צוליב טעמים, וועלכע האָבן ניט צו טון מיט זיין אינטעליגענץ און וואָס האָבן קוים אַ שייכות מיט זיין גאַנצער איינפאַכער פּערזענלעכקייט, נאָר אויס אַכטונג פאַר זיין שיקזאַל, וואָס אים זיינען מיר גענייגט צוצושרייבן אַ געוויסע איבערפּערזענלעכע באַדייטונג".

און דאָ גיט אונדז טאָמאַס מאַן אַן אינטערעסאַנטע און אָריגינעלע דערקלערונג וועגן דער שייכות צווישן דער פּערזאָן און אַלץ דעם, וואָס פּאַסירט איצט, און וואָס האָט פּאַסירט ביז איצט, אַרום איר און איבער איר. דאָס איז אַ דערקלערונג וועגן א שייכות, וואָס דיקטירט און לייגט אויס דעם שיקזאַל פון דער פּערזאָן, אין וועלכער עס אַנטוויקלט זיך און קומט צום אויסדרוק די פּערזענלעכקייט אין דעם אינדיווידו. די דאָזיקע פּערזענלעכקייט איז אַ ניצוץ פון דער איבער־פּערזענלעכקייט.

„דער מענטש — שרייבט מאַן — לעבט ניט זיין פּערזענלעך לעבן, ווי אַן איינצל וועזן, נאָר אויך, באַוווסט אָדער אומבאַוווסט, דאָס לעבן פון זיין עפּאָכע און פון זיינע צייט־חברים. און מעג ער אַפילו באַטראַכטן די אַלגעמיינע און אומפּערזענלעכע גרונדלאַגע פון זיין עקזיסטענץ, ווי אַן אומבאַדינגט געגעבענע און זעלבסטפאַרשטענדלעכע, און מעג ער זיין אַזוי ווייט פון צו נעמען אַ קריטישע שטעלונג צו זיי, ווי דער גוטער האַנס קאַסטאָרפּ איז ווירקלעך געווען, איז עס פונדעסטוועגן מעגלעך, אַז ער זאָל אויף אַ ניט קלאָרן אופן וויסן די חסרונות פון זיין תקופה, און אַז ער זאָל זיי געפינען שעדלעך פאַר זיין מאָראַלישן ווילזיין. אַלערליי פּערזענלעכע צילן, צוועקן, האָפענונגען, אויסזיכטן שוועבן פאַר די אויגן פון דעם אינדיווידו, וואָס פון זיי שעפּט ער דעם אימפּולס צו העכערער אָנשטרענגונג און טעטיקייט. ווען

אַלזאָ דאָס לעבן אַרום אים, זיין אייגענע צייט, מיט איר גאַנצער אויסערלעכער רעגזאַמקייט זעט אויס צו אים צו זיין אין גרונט לײדיק פון אינהאַלטן פאַר האָפענונגען און אויסזיכטן; ווען ער דערקענט דאָס לעבן ווי האָפענונגסלאָז, אויסזיכטלאָז און הילפלאָז; ווען דאָס לעבן שטעלט אַוועק אַן אויסגעהוילט שווייגן אַנטקעגן אַלע פראַגן, וואָס דער מענטש שטעלט, באַוווּסט אָדער אומבאַוווּסט, אָבער וואָס ער שטעלט פאַרט בנוגע דעם לעצטן, אַבסאָלוטן און אַבסטראַקטן זין פון אַלע אָנ־שטרענגונגען און טעטיקייטן — דעמאָלט מוז, אין אַזאַ פאַל, קומען אַ געליימטקייט פון דער פערזענלעכקייט, און זי קומט מיט מער אומ־פאַרמיידלעכקייט, וואָס אויפריכטיקער דער כאַראַקטער, וועגן וועלכן עס האַנדלט זיך. עס מוז פאַסירן אַן אָפּגעשוואַכטקייט, אַזוי צו זאָגן, וואָס קאָן זיך פאַרשפּרייטן פונעם גייסטיקן און מאָראַלישן, ביז צום פיזישן און אָרגאַנישן טייל פון אינדיווידו. אין אַ דור, אין וועלכן עס ווערט ניט געגעבן קיין צופרידנשטעלנדיקער ענטפער צו דער אייביקער פראַגע „פאַרוואָס?" „צוליב וואָס?", מוז אַ מענטש, וועלכער איז פעיק פאַר דערגרייכונגען, וועלכע שטייגן אַריבער דעם דורכשניט און די דערוואַרטעטע קליינמענטשלעכקייט, זיין באַשאָנקען אָדער מיט אַ מאָראַלישער איינזאַמקייט און אוממיטלבאַרקייט, וועלכע איז זייער זעלטן, און פון אַ הערא‌ָאישער נאַטור, אָדער מיט אַן אויסערגעוויינלעך קרעפטיקער וויטאַליטעט. ניט דאָס ערשטע און ניט דאָס צווייטע איז געווען דער פאַל מיט האַנס קאַסטאָרפּ. אויף אַזאַ אופן מוז ער באַ־טראַכט ווערן פאַר מיטלמעסיק, הגם אין אַ לחלוטין ערנוווערטיקן זין".

האַנסעס מיטלמעסיקייט, מיט וועלכער מאַן לאָזט אים פון גאָט און נאַטור באַשאָנקען צו ווערן, גיט דעם מחבר פון „צויבער־באַרג" די מעגלעכקייט, דורך האַנסעס נשמה מאָלן פאַר אונדז אַ בילד פון אלע גייסטיקע און קולטורעלע מאַנגלהאַפטיקייטן און אומפולקאָמענהייטן פון דער תקופה, אין וועלכער האַנס און מיר לעבן. אין דער זעלביקער צייט מאַכט ער אָבער דידאָזיקע מיטלמעסיקייט פאַר ניט קיין געוויינטלע־כער סתם מיטלמעסיקייט, נאָר פאַר אַזעלכער, וואָס ער רופט אָן — אַן „ערנוווערטיקע מיטלמעסיקייט". דערצו, איז אינם מאָמענט, ווען דאָס איינגעבוירענע און דערוואָרבענע אין האַנסן דאַרף אַרויסקומען מכוח אל הפועל, ווען עס דאַרפן זיך פונאַנדערבליען אַלע זיינע, ווי אין אַ קנאָספּ ליגנדיקע כוחות, לאָזט מאַן דעם שיקזאַל אוועקרייסן האַנסן פון פלאַכלאַנד און פלאַכעדיקייט. ער פאַרזעצט אים אין אַן אָפּגעזונ־

וועגן די וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען פון דער מענטשהייט האָבן זיך געענדיקט מיט אַ זיסן אומפאַרגעסלעכן חלום וועגן דער געשטאַלט פון קלאַודיאַ. דאָס איז די געשטאַלט, וואָס האָט געגעבן דעם אָנשטויס צו האַנסן זיך אַראָפּצולאָזן אין דעם מאַרע טענעבראַרום, אין דעם ים פון פינסטערנישן, ווו עס שווימלט און גריבלט מיט מענטשלעכע ספּעקולאַציעס וועגן מהותן און שייכותן פון לעבן און טויט, פון דער וועלט און יענער וועלט, ווו אַלץ לייזט זיך אויף און פון וואָס אַלץ שטראַלט אַרויס.

און אַזוי ווי האַנס האָט געקאָנט זיך פאַרזינקען אויף אַ גאַנצער נאַכט אין טעאָרעטישע פאָרשונגען, אַזוי אויך האָט דערזעלביקער האַנס געקאָנט לאַנגע נאַכטיקע שעהן אָנשטעלן די אויפנאַמס־אַפּאַראַטן פון זיין נשמה פאַר שיינע מוזיקאַלישע טענער און קלאַנגען. זיי האָבן אים אַריינגעפירט אין וועלטן, אין וועלכע ער האָט פאַרנומען אויך דאָס, וואָס קאָן נאָך דערוויל אין ווערטער ניט איבערגעגעבן ווערן, און פון דעם אינטעלעקט בשום אופן ניט פאָרמולירט ווערן. דאָס וויכטיקסטע דערביי איז, וואָס צוריקקומענדיק פון דידאָזיקע וועלטן, האָט ער זיך געפילט אַ געשטאַרקטער און אַ מער דערהויבענער גייסטיק. ער האָט געפילט, אַז ער האָט אין דידאָזיקע שעהן דורכגעמאַכט אַ דורך־און־דורכיקע נשמה־דערקענטעניש, וועלכע שטייגט אריבער אין אַלע הינזיכטן די ריין־אינטעלעקט־אָדער־פאַרנונפט־דערקענטעניש.

„האַנס קאַסטאָרפס געדאַנקען" — שרייבט מאַן — „אָדער גיכער זיינע פּראָפעטישע האַלב־געדאַנקען, האָבן געשוועבט הויך בעת ער איז געזעסן אין נאַכט און איינזאַמקייט פאַר זיין אומגעשניטענעם סאַרקאָפאַג פון מוזיק. זיי האָבן געשוועבט העכער איידער זיין פאַרשטאַנד. זיי זיינען געווען אַלכעמיסטיש געשטייגערטע געדאַנקען. אָ, און ווי מעכטיק עס איז געווען דערדאָזיקער נשמה־צויבער!"

קיין ווונדער ניט, דעריבער, וואָס אָט די אַלע הויכקלינגענדיקע, קלאָרע און שאַרפע רייד וועגן מוזיק, עמאָציעס און שכל פון דעם אויפּ אינטעלעקט זיך שטיצנדיקן חכם און געלערנטן סטעמבריני, האָבן זיך געגאָסן איבער דער נשמה פון האַנס קאַסטאָרפ, ווי וואַסער, וואָס גיסט זיך איבער אַ פעלז. צו אַ נשמה, ווי האַנסעס, האָבן נאַטירלעך אַ סך מער אַפּעלירט די רייד, וואָס קומען פון די ליפּן פון נאַפטאַ.

„ליבע פריינט" — זאָגט נאַפטאַ צו זיין דיסקוטאַנט, סטעמבריני — „עס איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי ריינע דערקענטעניש. די ריכטיקייט

פון דער קירכלעכער וויסנשאַפטס־לערע, וועלכע איז אויסגעדריקט אין אויגוסטינס זאַץ: „איך גלייב, כדי איך זאָל קאָנען פאַרשטיין", איז אַבסאָלוט אומבאַשטרייטבאַר. דער גלויבן איז דער אָרגאַן פון דער־קענטעניש, און דער אינטעלעקט איז סעקונדאַר. דיין ריינע וויסנשאַפט איז אַ מיף, אַ גלויבן, אַ וועלטאַנשויונג, אַן אידעע, קורץ: אַ ווילן, דאָס איז, וואָס איז תמיד פאַראַן. און עס איז די אויפגאַבע פון דער פאַרנונפט אים צו דערקלערן און צו באַווייזן — — — שוין דער באַגריף פון באַווייז גופא, פסיכאָלאָגיש גענומען, אַנטהאַלט אין זיך אַן עלעמענט פון וואָלונטאַריזם".

אַ שטאַרקע פסיכאָלאָגישע אויסגעהאַלטנקייט איז אויך פאַראַן דערביי, וואָס טאָמאַס מאַן לאָזט זיין העלד האַנס קאַסטאָרפּ צו קריגן אַ גאַר אינטימע באַקאַנטשאַפט מיטן „אָקולטיזם", אויספּרווונדיק אים אויף זיך אַליין און אויך זעענדיק מיט זיינע אייגענע אויגן, ווי ער ווערט פון אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער אויסגעפּרווט אויף אַנדערע. האַנסעס גאַנצע נשמה, זיין גאַנצער פסיכישער צונויפשטעל, איז דאָך פון דעם מין נשמות, פון דעם מין פסיכאָ־פאַרמעגער, וואָס שפּירן, אַז ערגעץ־ווו אונטער אָדער איבער זייער באַוווסטזיין, שלאָגט אַרויס אַ וויסן און אַ דערקענטעניש, וועלכע איז רעאַלער פאַר דער דערקענטעניש, וואָס איז באַגלייט פונעם באַוווסטזיין. צווישן אַזאַ נשמה און דעם פסיכאָ־אַנאַליז, ווי מאַן פאַרשטייט אים, מוזן זיך וועבן גאַנץ ענגע און אינ־טימע פעדעם.

„דאָס — זאָגט מאַן — :וואָס גייט אונטערן נאָמען אונטערבאַ־וווסטזיין, וואָלט געווען אַ סך בעסער, ווען מען זאָל עס רופן איבער־באַוווסטזיין. מחמת פון דידאַזיקע ספערן זעצט צייטנווייז אַרויס אַ וויסן, וואָס איבערשטייגט גאָר ווייט דעם באַוווסטזיין וויסן פון דעם אינדיוויד און מאַכט מעגלעך פאַר דעם געדאַנק די השערה, אַז עס קאָנען עקזיס־טירן פאַרבינדונגען און צוזאַמענהאַנגען צווישן די אונטערשטע און ליכטלאָזע געגנטן פון דער איינציקער נשמה און אַ דורכאויס־וויסנ־דיקער אַל־נשמה. די ממשלה פון דעם אונטערבאַוווסטזיין, „אָקולט" אין דעם אייגנטלעכן זין פון וואָרט, ווייזט זיך זייער גיך אַרויס צו זיין אָקולט אין דעם ענגערן זין פון וואָרט און בילדעט איינעם פון די קוואַלן, וואָס פון זיי פליסן אַרויס די דערשיינונגען, וועלכע מיר האָבן איינגע־שטימט אויף אַזאַ אויפן צו כאַראַקטעריזירן. דאָס איז אָבער ביט אַלץ. ווער עס דערבליקט אין אַ סימפטאָם פון אַן אָרגאַנישער קראַנקהייט אַ

פּועל־יוצא פון דעם באַוווּסטן נשמה־לעבן פון פאַרבאָטענע און היס־טעריזירטע עמאָציעס, דער אָנערקענט די שעפערישע מאַכט פונעם פסיכישן אינעם מאַטעריעלן — אַ מאַכט, וואָס מען איז גענייגט זי אָנצונעמען ווי אַ צווייטן קוואַל פון מאַגישע פענאָמענעס״.

ניט אָפט אמת זיינען צו האַנסן געקומען די דאָזיקע מאָמענטן, דערפאַר אָבער זיינען געווען לאַנג־אָנהאַלטנדיק די צייט־דויערן, וואָס אין זיי האָט האַנס געפילט די פאַראַנענקייט פון אַ צוזאַמענהאַנג צווישן די אונטערשטע און פינסטערע געגנטן פון זיין נשמה מיט דער נשמה פון דער אַלוועלט. דאָס איז אַ געפיל, וואָס נעמט זיך פון, אָדער וואָס איז גורם רעליגיעזיטעט — דעם גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון אַ העכסט גייסטיקער קראַפט. די דאָזיקע קראַפט ווייסט ניט פון צייט, שטח און סביבה ווען זי איז אין אַ צושטאַנד פון איינהייט. זי לאָזט אַרויסקוואַלן פון זיך צייט, רוים און קאַוזאַליטעט, בעת זי וויקלט זיך פונאַנדער אין פילהייטן. דאָס איז די קראַפט, וואָס פון איר איז אַלץ, וואָס מען רופט וועלט, אַ טייל אָדער אַן אַרויסשטראַלונג. אין איר ווידער קאָנצענטרירן זיך און סינטעזירן זיך אַלע טיילן און אַלע אַרויס־שטראַלונגען. אין איר קאָן און זאָל געזוכט ווערן אַ דערקלערונג פאַר אַלץ. זי אַליין אָבער קאָן נאָר דערבליקט און דערשפּירט ווערן אין אַלץ. דערקלערט ווערן אָבער קאָן זי ניט, ניט פון קיין שום זאַך באַזונדער און ניט פון אַלע זאַכן אינאיינעם, ווייל דערקלערט ווערן קאָנען נאָר נידעריקע זאַכן דורך העכערע און ניט פאַרקערט.

אָט דאָסדאָזיקע געפיל האָט עס געצויגן האַנסן שטאַרקער צו נאַפּטאַן, ווי צו סטעמברינין, ווייל נאַפּטאַ האָט דאָך אויך געגלייבט אין דער פאַראַנענקייט פון אַ העכסטער קראַפט, וואָס צו איר ציען זיך דורך אַנטוויקלונג אַלע נידעריקע און העכערע קרעפטן. צו שטאַרק אָבער צוציען צו זיך האַנסן האָט אויך נאַפּטאַ ניט געקאָנט. אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל האַנסן האָט צוגעצויגן נאַפּטאַס אַנטיאינטעלעקטואַליזם און נאַפּטאַס גאָטגלויביקייט, אויף אַזוי פיל האָט אים אָבער אָפּגע־שטויסן נאַפּטאַס טראַנסצעדענטאַליזם.

פאַר נאַפּטאַן איז די וועלט און אַלץ אין איר, פונקט ווי פאַר האַנסן, אָפּהענגיק פון דער העכסטער קראַפט. האַנס אָבער האָט אין אַלע טיפענישן פון זיין נשמה און איבערלעבונגען פון זיין גייסט גע־פילט ניט נאָר זיין אייגענע פאַראַנענקייט אין דער העכסטער קראַפט, ניט נאָר זיין אייגענע אָפּהענגיקייט פון דער העכסטער קראַפט, נאָר

אויך די פּאַראַנענקייט פון דער העכסטער קראַפט אין אים און אויך איר אָפּהענגיקייט פון אים. דאָס מיינט אַ קעגנזייטיקע אָפּהענגיקייט צווישן מענטש, וועלט און גאָט. נאַפּטאַ ווידער האָט אָוועקגעשטעלט די העכסטע קראַפט מ ח ו ץ און אַזוי פיל א י ב ע ר דעם מענטש און דער וועלט, אַז עס איז פאַרלוירן געגאַנגען די גאַנצע קאָנקרעטקייט פון די שייכותן צווישן די נידעריקע און העכערע וועלטן.

נאַפּטאַס בליק אויף די שייכותן צווישן מענטש, וועלט און גאָט האָט געקאָנט פירן נאָר דערצו, אַז די אויפגאַבן און אויפטואונגען פונעם מענטשן אויף דערדאָזיקער נידעריקער וועלט אונדזערער זאָל באַשטיין נאָר אין אַן אָנשטרענגונג צו מבטל זיין די די־וועלטיקע עקזיסטענץ, כדי וואָס גיכער אַריבערצוגיין אין דער העכערער און אייביקער עקזיסטענץ. „נאַפּטאַ האָט באַשטעטיקט — שרייבט מאַן — אַז טוגנט און געזונטהייט זיינען אין דער ווירקלעכקייט ניט קיין רע־ליגיעזער צושטאַנד. עס וואָלט פיל געוווּנען געוואָרן, ווען עס זאָל פעסטגעשטעלט ווערן, אַז רעליגיע האָט איבערהויפּט גאָרניט צו טון מיט פאַרנונפט און מיט מידות טובות. מחמת, זי, ווי נאַפּטאַ איז אויף דעם שטאַרק באַשטאַנען, האָט ניט צו טון מיט לעבן. דאָס לעבן באַרוט זיך אויף תנאים און גרונדלאַגן, וועלכע געהערן זיך אַן טיילווייז מיט דער לערע פון דערקענטעניש, טיילווייז מיט דעם מאָראַלישן געביט. די ערשטע הייסן צייט, שטח און סיבה, די לעצטע מאָראַל און פאַרנונפט. דידאָזיקע אַלע זאַכן זיינען דעם וועזן פון רעליגיע ניט נאָר פרעמד און גלייכגילטיק, נאָר זיי זיינען איר פּינקטלעך אַנט־קעגנגעזעצט".

אַזאַ בליק האָט ניט געקאָנט פאַרכאַפּן האַנסן, וועלכער איז געוועזן דורך און דורך אַן אימאַנענטע נאַטור. אַ נאַטור אָדער טעמפּעראַ־מענט, ווי האַנסעס, פילט די צונויפגיסונג און די באַהעפטונג פון קערפּערלעכן מיט דעם גייסטיקן, ווי אויך די אָרגאַנישע אַריינוויקלונג און דורכזעצונג פונעם גייסטיקן דורך דעם קערפּערלעכן. ווי מיט גייסט און קערפּער, אַזוי אויך מיט די פאַרשידנאַרטיקע אויסדרוקן און פונקציעס פון גייסט, ווי אינסטינקטן, געפילן, עמאָציעס, אינטע־לעקט, פאַרנונפט און ווילן און די אַן אַ צאָל שאַטירונגען און ניואַנסן פון יעדן איינעם פון זיי: זיי זיינען איינער אינעם אַנדערן און אַלע זיינען זיי אין איינעם, אַזוי גוט ווי איינער איז אין אַלע. דערביי שטעלט זיך נאָך אַזאַ נאַטור ניט אָפּ. ווען זי קומט צו דער שייכות

פונעם מענטשלעכן גייסט אָדער מענטשלעכער וועזנטלעכקייט אַלס גאַנצעס צו דעם אַלוועלט־גייסט אָדער גאָט, פילט זי אויך, אַז אַלץ איז אין גאָט און גאָט איז אין אַלץ, ווי שפּינאָזע האָט עס אינטויִטיוו אויפגענומען. ניט מער, וואָס האַנס, פילנדיק זיין אומפולקאָמענהייט און זיין אומאויפהערלעך און אומאונטערדריקבאַר שטרעבן צו ווערן מער און מער פולקאָם, האָט אויך צו גאָט צוגעשריבן אַ שטענדיק אָנ־האַלטנדיק באַשטרעב צו טיפערע און אַנדערשדיקע איינהאַלטן. אויך גאָט שטרענגט זיך אָן צו ענדערן אין איינער און דער זעלביקער גרונטליגנדיקער רעאַליטעט אַלע אַלטע מהותן און תמציתן, ווי אויך צו שאַפן שטענדיק און אומאויפהערלעך נייע מהותן און תמציתן. ניט פאַראַן קיין פאַרטיקע אַבסאָלוטע פולקאָמענהייט ניט ביים מענטשן און ניט ביי גאָט.

דעם מענטשנס רייסן זיך צו פולקאָמענהייט דערלויבט האַנסן צו קרויזנען דעם מענטשן מיטן נאָמען גאָט־מענטש און אָוועקשטעלן אים אין דער מיט און איבער אַלע ווידערשפּרוכן, אין דער מיט פון אַלע זאַצן און קעגנזאַצן און העכער איבער זיי. אויף אַזאַ אופן ווערט ביי אים יעדער קעגנזאַץ דער נויטיקער באַדינג פאַר דעם זאַץ, ווי מיר זעען און באַגרייפן אים איצט. טויט און לעבן, שלעכטס און גוטס, מיאוסקייט און שיינקייט, פינצטערניש און ליכט — אַלץ ווערט אַ וויכ־טיקע אומפאַרמיידלעכע געשעעניש פאַר דער האַרמאָניע פונעם גאַנצן. דאָס איז אַ האַרמאָניע, וואָס ווען מען דערפילט זי נאָר איין און איינציק מאָל, פילט זי אָן די נשמה מיט ליבע צום גאַנצן און צו יעדן איינעם אויסדרוק זיינעם. דידאַזיקע ליבע ווידער, ווען זי פאַרזעצט זיך אין דער נשמה, שאַפט זי פון זיך און דורך זיך אַ געפיל און זעאונג פון האַרמאָניע.

אָט דידאָזיקע טיפסטע געפילן האַנסעס, אָט דידאָזיקע שאַרף אין דער רעאַליטעט זיך איינשניידנדיקע געדאַנקען, לאָזט מאַן קומען צום אויסדרוק אין די מאָמענטן, ווען האַנס געפינט זיך אין אַ האַלב־לע־בעדיקן און האַלב־טויטן צושטאַנד. און מאַן שטעלט זיך מיט גרויס פאַרזיכט אָפּ אויף דידאָזיקע געפילן און געדאַנקען. ער גיט זיי אַוועק דאָס שענסטע קאַפּיטל אין זיין בוך — דאָס קאַפּיטל אונטערן נאָמען „שניי“.

אויף אַן אומבאַוווסטן צו האַנסן אופן לאָזט מאַן אַרויפקומען צו דער אויבערפלאַך, ווי אין אַ חלום, דאָס טיפסטע און דאָס פונדאַמענ־

טאָלסטע פון האַנסעס וועזן, וואָס ווי אַלץ, וואָס איז טיף און פונדאַ־מענטאַל, ליגט אויף די סאַמע אונטערשטע, פינצטערסטע און פאַר־באָרגנסטע גרונטן פון דער מענטשלעכער פסיכיק. דאָס אַלץ ווערט געטון פון קינסטלער מאַן דערפאַר, וואָס אין דידאַזיקע געפילן און געדאַנקען, וועלכע מיר האָבן געבראַכט, מאַניפעסטירט זיך ניט אַזוי פיל דאָס, וואָס איז שוין פאַראַן, נאָר דאָס, וואָס וועט זיין. דאָס, וואָס האַנס פילט און דענקט אין חלום, זייענדיק אויף דער גרענעץ צווישן לעבן און טויט, וועלן פילן און דענקען אין דער צוקונפט גאָר אַ סך מענטשן ניט נאָר אין חלום, נאָר אויך אויף דער וואָך.

מיר האָבן שוין גערעדט וועגן האַנסעס ציען זיך צו די בערג. איז אָט אין אַ געוויסן ווינטער־טאָג, ווען די גאַנצע געגנט איז געלעגן אַ פאַרזונקענע אין אַ טיפן שניי, טוט עס האַנס, אַן דעם וויסן פון דעם באַלעבאָס און פאַרוואַלטער פון סאַניטאַריום, אַ קלעטער אַרויף אויף די הויכע מיט שניי־באַדעקטע בערג, ווערט פאַרכאַפּט פון אַ שטורעם און פרירט ביז צו פאַרחלשטקייט, ביז צו באַוווסטלאָזיקייט. אָט דעמאָלט לאָזט מאַן אים אַ חלום טון, און אין חלום דערפילט און דערדענקט האַנס אַזעלכעס, וואָס אויף דער וואַך וואָלט עס אפשר קיינמאָל צו אים ניט געקומען.

אפשר האָט גאָר דאָס בוך באַקומען דעם נאָמען „צויבער־באַרג" צוליב אָט דעם וווּנדערבאַרן חלום, וואָס קומט צו האַנסן אויף דעם שניי־באַרג, ווען ער איז בלויז געווען אַ האָר פון דעם, אַז דער פראָסט זאָל ווערן זיין מלאך־המות, און ער, האַנס, זאָל איבערגעגעבן ווערן צום טויט. פילנדיק די נאָענטקייט פון טויט, פילט האַנס און הערט — אַלץ אין א חלום, נאַטירלעך, די נשמה זיינע, טענהנדיק, אַז דער מענטש זאָל בשום אופן ניט איבערגעבן דעם טויט די ממשלה איבער זיינע געדאַנקען.

די טענות, וועלכע מאַן, מיט זיינע אָנגעשפּיצטע געדאַנקלעכע אויערן, הערט אַרויס פון די טיפענישן פון האַנסעס נשמה, זיינען אַן אָנווווקס און אָנדייט אויף דעם, אַז דער מענטש אין דער צוקונפט וועט זיך רייסן מיט נאָך מער עקשנותדיקייט, ווי ביז איצט, איבערצו־טרעטן די גרענעץ פון פאַרגאַנגלעכן, דעטערמינירטן און תכלית'דיקן — די גרענעץ פון דעם אַלץ, וואָס איז מאַטעריעל, סטאַטיש און מע־כאַניש. אַ בליק אויף צוריק אויף די דערגרייכונגען און אויפטואונגען פון מענטש אויף אַלע קולטור־געביטן ביז היינט צו טאָג ווייזן, אַז

יעדערער פון זיי באַזונדער און זיי אַלע אינאײנעם זײנען באַוווּסט און אומבאַוווּסט צו זיך אַליין געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אויפלעזן אַלץ מער און מער אָדער דערפירן אַלץ נענטער און נענטער דאָס מאַטעריעלע צום ספּיריטועלן, דאָס סטאַטישע צום דינאַמישן און דאָס מעכאַנישע צום פרייהייטלעכן. אַזוי אַז אַפילו מיט אַ ניט אין די וואָלקן פליענדיקער פאַנטאַזיע קאָן מען זיך שוין איצט פאָרשטעלן דעם אָנקום פון דער צייט, ווען דער מענטש וועט באמת טון אַ בליק אַריין אין יענע טיפענישן פון דער רעאַליטעט, ווו עס הערשט אויף אַן אַבסאָלוטן אופן דער דינאַמיש־פרייהייטלעכער גייסט, און ווו אָנשטאָט פאַרגאַנגענלעכקייט שטייט אָנגעשריבן דויערדיקע אײביקייט, אָנשטאָט דעטערמינירטקייט — פרייהייטלעכקייט, אָנשטאָט פאַרגליווערטקייט — באַוועגלעכקייט, אָנשטאָט תכליתדיקייט — ווערטפולקייט.

דאָס אַלץ מיינט אַ דערפיל פון זינפולקייט אָנשטאָט זינלאָזקייט.

דאָס איז דער זין און באַטייט פון האַנס קאַסטאָרפס חלום אויף דער גרעניץ צווישן לעבן און טויט אויף דעם הויכן, מיט שניי טיף־באַדעקטן באַרג. אין דער מעגלעכקייט אַזוי צו גלויבן, אין דער אָנרע־גונג און פאַרשטאַרקונג פון אַזאַ גלויבן — ליגט דער כשוף פון „צויבער־באַרג״.

# די ראָל פון קולטור־קריטיקער

(לעוו טאָלסטאָי׳ס און טאמאס מאנ׳ס צוגאַנג
צום קונסט-קריטיקער)

ל ע ו ו  ט אָ ל ס ט אָ י, אין זיין בוך וואָס איז קונסט? שטעלט איין אַ גאַנץ נייע שייכות צווישן קונסט, געזעלשאַפט און קריטיקער. זיין בוך פאַרנעמט דעריבער אַן אייגנאַרטיק אָרט צווישן אַלץ, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן דעם מהות פון קונסט.

ער זאָגט דאָרט:

אויב דאָס ווערק איז גוט ווי אַ קונסט־ווערק, ווען דאָס געפיל, וואָס איז אויסגעדריקט פונעם קינסטלער, זיך איבער־געבן צו אנדערע מענטשן, אומאָפּהענגיק דערפון צי איז דאָס ווערק מאָראַליש אָדער אוממאָראַליש. אויב עס האָט זיך איבערגעגעבן צו אַנדערע מענטשן, לעבן זיי עס דורך, און אלע אויסטייטשונגען זיינען איבעריק. אויב דאָס ווערק רעגט ניט אָן די מענטשן, וועלן קיין שום אויסטייטשונגען ניט העלפן עס זאָל אָנהייבן רעגן. אויסטייטשן די ווערק פון אַ קינסטלער קען מען ניט. ווען מען זאָל קענען מיט ווערטער אויסטייטשן דאָס, וואָס דער קינסטלער האָט געוואָלט זאָגן, וואָלט דער קינסטלער עס געזאָגט אין ווערטער. ער האָט עס געזאָגט מיט זיין קונסט דערפאַר, וואָס אויף אַן אַנדער אופן האָט מען ניט געקענט איבערגעבן דעם געפיל, וואָס ער האָט דורכגעלעבט. דאָס אויסטייטשן אין ווערטער די ווערק פון קונסט, באַווייזט נאָר, אז דער אויסטייטשער איז ניט פעאיק באַווירקט צו ווערן פון קונסט. אזוי איז עס, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט אויסזען. קריטיקער זיינען אלע מאָל געווען מענטשן, וועלכע זיינען ווייניקער פאַר אַנדערע פעאיק געווען זיך אָנצושטעקן מיט קונסט. און דערפאַר האָבן די דאָזיקע מענטשן מיט זייער שרייבן באַדייטנדיק געווירקט, און ווירקן אויך איצט, אויף צו פאַרדאַרבן דעם געשמאַק פון יענעם עולם, וועלכער לייענט זיי און גלייבט זיי. *)

---

*) טשטאָ טאַקאָיע איסקוסטוואָ?" פארלאג פּ. סרעדניקא, ז' 120.

טאָלסטאָי שטימט כמעט איין מיט דער דעפיניציע פון זיי־נעם אַ פריינט, אַז קריטיקער זיינען „נאַראָנים, וואָס זיינען זיך מתווכח וועגן קלוגע".

טאָלסטאָי האָט בכן געוואָלט, אַז די קינסטלער זאָלן זיך ניט רעכענען מיט די קונסט־געניסער, וועלכע גריבלען זיך און ווילן דורך דער שאַפונג פון קינסטלער זיך צו עפּעס דערטראַכטן. ער וויל אַז זיי זאָלן ניט שענקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט די אָפּשאַצונגען פון די קריטיקער, וועלכע ווילן דורך קונסט־ווערק זיך און אַנדערע עפּעס דערקלערן.

דער פּרימיטיווער, ניט געבילדעטער מענטש, איז ווי טאָלס־טאָי דענקט, מסוגל אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן זיך אָנצושטעקן מיט די געפילן פון אַן אַנדערן. די דאָזיקע אייגנשאַפט מאַכט אים צו פרייען זיך מיטן אַנדערנס פרייד, צו ליידן מיטן אַנדערנס לייד און פאַראייניקן זיך אין געדאַנק מיטן אַנדערן. קיין גרעסערע אויפגאַבע פאַר דער קונסט, ווי אָנצורעגן אָדער ארויסצורופן ביי אַנדערע געפילן — זעט ניט טאָלסטאָי. די אָנרעגונג אדער דער ארויסרוף פון געפילן איז, לויט טאָלסטאָי'ס מיינונג, דער תוך און תמצית פון דער קונסט. ער שטעלט דערפאַר אוועק ווי אַ קריטעריע פון גוטער קונסט — איר מסוגלקייט גרינג באַנומען צו ווערן פון אַלע מענטשן אַזוי אַז זי זאָל אין אַלעמענס הערצער אָנשלאָגן די זעלבע געפילן, וועלכע האָבן זיך געריסן צום אויסדרוק אינעם קינסטלערס נשמה בעתן שאַפן. „די גרויסע אינהאַלטן פון קונסט" — זאָגט טאָלסטאָי — „זיינען גרויס נאָר דערמיט, וואָס זיי זיינען צוגענגלעך און פאַרשטענד־לעך פאַר אַלעמען".

די לייענער ווי די קריטיקער, וואָס האָבן ליב זיך צו גריבלען אין דער וואָרט־קונסט, וועלן נאַטירלעך זיך איינשטעלן פאַר דער אינטעליגענץ, וועלכער טאָלסטאָי האָט דערקלערט אַ קאַמף. זיי וועלן פאַרטיידיקן די קריטיקער, וועלכע טאָלסטאָי האָט אָנגערופן נאַראָנים, וואָס זוכן אַ מיין אין די שאַפונגען פון די קינסטלער־חכמים.

אַזאַ איינשטעל און פאַרטיידיקונג קומט פון אַן אַנדער באַגריף וועגן דער שייכות צווישן קונסט און אַנדערע צווייגן פון קולטור. די דאָזיקע אַנדערשקייט איז גורם אַ ספּעציפישן בליק אויף די שייכותן צווישן לייענער און דער קונסט, ווי אויך צווישן קונסט און קינסטלער גופא.

דער לייענער פון אַ קונסט־ווערק ווערט דורך אַזאַ צוגאַנג צו קונסט און קינסטלער אויפגעפאָדערט, און מיט דער צייט אָנגערעגט, זיך דווקא וואָס מער צו פאַרטראַכטן און פאַרטיפן אין דעם מיין און זין פון די אָביעקטן, געשטאַלטן און האַנדלונגען, וועלכע דער קינסטלער שילדערט אין זיין ווערק.

וואָס באַדייטנדיקער און ווערטיקער אַ קונסט־ווערק איז, אַלץ מער באַווירקט עס, ניט נאָר די געפילן, נאָר אויך די געדאַנקען און דעם גאַנצן גייסט פון לייענער. וואָס מער אַנטוויקלט דער גייסט און די פערזענלעכקייט פון לייענער, אַלץ מער אַלזייטיק איז זיין צוגאַנג צום קונסט־ווערק.

פאַרוואָס טאַקע זאָלן מאָראַל, רעליגיע, פילאָסאָפיע און אַנדערע קולטור־אויסדרוקן אויסגעשלאָסן ווערן אין דער באַציִונג פון מענטשן צו קונסט בעת זיין געניסן דעם עסטעטישן אויסדרוק פון קולטור? סתם געניסן און הנאה האָבן איז שוין גאָרניט קיין ספּעציפיש־מענטש־לעכע באַציִונג, דאָס קען די חיה אַזוי גוט ווי דער מענטש. און ווען מיר זאָגן מענטשלעך, מיינען מיר דאָך צו באַטאָנען דאָס מענטשלעכע לגבי דער איבעריקער יצירה.

געניסן פון פּירות פון אַ בוים איז ניט ריין מענטשלעך, מחמת דאָס קען א חיה אויך. הנאה האָבן אָבער פון דעם אויסזען פון אַ בוים, פון דער ווייסקייט פון זיינע בליִונגען, פון דער גרינקייט פון זיינע בלעטער, פון דער סימעטרישער פונאַנדערצווייגונג פון זיין שטאַם — איז שוין ספּעציפיש מענטשלעך. די חיה איז שוין קוים פּעיִק אויף דעם. טאָ פאַרוואָס זאָל עס ניט זיין נאָך מער מענטשלעך הנאה צו האָבן, בעת מ׳קוקט אויפן בוים, פון די געדאַנקען וואָס די שיינקייט פון בוים רופט אַרויס? און אויב עס איז מענטשלעך צו טאָן אַזוי בנוגע דעם בוים, פאַרוואָס זאָל אַזאַ באַציִונג אויך ניט איינגעשטעלט ווערן לגבי אַ קונסטווערק?

אמת טאַקע, אַז פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען און וויסנשאַפט־לעכע צעגלידערונגען פון אַ בוים אָדער אַ קונסט־ווערק וועלן ניט אַרויסרופן דעם תענוג וואָס אַ בוים אָדער קונסט־ווערק רופן אַרויס אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן, דורך די חושים־קאַנאַלן אין דער נשמה פון א מענטשן, וועלכער איז ניט געניגט און ניט פּעיִק צו חקירות און פּלפּולים. דאָס איז אַזוי אמת, ווי אמת עס איז, אַז אַלערליי וויסנ־שאַפטלעך־דערוויזענע מעלות, וואָס איינער פאַרמאָגט, זיינען ניט גענוג

אויף ארויסצורופן איין טראַפּעלע ליבע־געפיל צום צד שכנגד, בעת דאָס מינדסטע ליבע־געפיל וועט אנטפּלעקן אַ וועלט מיט מעלות און פאַרדעקן אַ ים מיט חסרונות.

פונקט ווי מיט ליבע און האַס, אַזוי אויך מיט גערעכטיקייט־ און אומגערעכטיקייט־געפילן. דאָס געפיל פאַר גערעכטיקייט וועט שוין אויסגראָבן וויסנשאַפטלעכע פאַקטן פאַר דער נייטיקייט פון אַ רעוואָ־לוציע. קיין שום סכום אָבער פון וויסנשאַפטלעכע פאַקטן זיינען ניט בכוח צו דערוועקן אין וועמען עס איז אַ געפיל פון פּראָטעסט, אַ רע־וואָלוציאָנערן עקסטאַז, וואָס זאָל פירן צו מסירת נפש. אַזוי איז עס אויך מיט רעליגיע. עס איז דאָס טיף איינגעוואָרצלטע רעליגיעזע ג ע פ י ל, וואָס טרייבט דעם געדאַנק צו זוכן אַרגומענטן פאַר דער עקזיסטענץ פון אַ העכערער גייסטיקער קראַפט, פון וועלכער די וועלט שלאָגט אַרויס. קיין שום אַרגומענטן פאַרמאָגן ניט די קראַפט אויף אַרויסצורופן אַ רעליגיעז געפיל.

אַן געפיל, אָן אוממיטלבאַרער, ספּאָנטאַנער רעאַקציע הייבט זיך קיין זאַך ניט אָן דאָרט ווו עס איז פאַראַן לעבן און גייסט. דאָס איז אָבער בלויז איין זייט פון דער מענטשלעכער דערקענטעניש פון זאַכן און געשעענישן. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די געפיל־זייט פון דער מענטש־לעכער דערקענטעניש.

פאַראַן אָבער אויך אַ שכל־זייט פונעם מענטשלעכן דערקענען די שאַפונגען פון גאָט און מענטש. און די צווייטע זייט, די שכל־זייט איז — אַז אַלע שכלדיקע גריבלענישן, וועלכע האָבן געפירט צו מער קענ־טענישן פון וועלטן וואס ליגן מחוץ אים און איבער אים, האָבן געעפנט אומגעהייערע האָריזאָנטן פאַר דער טיפקייט פון מענטשן. די דאָזיקע טיפקייט עפנט נייע קוואַלן פון געפילן, רייניקט און ברייטערט אויס די אַלטע קוואַלן. טיפקייט נייטיקט זיך אין אויסברייטערונג ניט ווייניקער ווי ברייטקייט אין פאַרטיפונג. דער שכל מיט זיין באַוווסטזיניקער דערקענטעניש ברענגט אַריין קולטור אין די געפילן, און דורך איר ווערן זיי פאַרטיפט און דערהויבן. ק אַ נ ט האָט געזאָגט, אַז באַגריף אָן עמפינדונג איז ליידיק, און עמפינדונג אָן באַגריף איז בלינד. דאָס זעלבע קען געזאָגט ווערן מכוח דעם טראַכטן און פילן בכלל.

אַלץ, מיט וואָס דער מענטש קומט אין באַריר דורך אַ וואָסערן

עס איז חוש זיינעם מוז, כדי צו זיין ווירקזאַם, אַרויסרופן אין אים, אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן, אַ געפיל פון געווס, אָדער אַ הפוכדיק געפיל. דער מענטש בלייבט אָבער ניט דערביי.

איינער פון די אונטערשיידן צווישן מענטש און חיה איז, וואָס דער מענטש איז בכוח ניט נאָר צו לעבן און דורכלעבן, נאָר אויך איבערלעבן. דאָס מיינט ניט נאָר צו לעבן, נאָר אויך צו וויסן, אַז ער לעבט, צו געדענקען אַז ער האָט געלעבט, און פאַרשטעלן זיך, אַז ער וועט לעבן. דער מענטש קען אָביעקטיווירן זיינע סוביעקטיווע געפילן. ער קען אויסטיילן דאָס, וואָס ער פילט און לעבט איצט דורך פון דעם צייטווייליקן איך — פון דעם איך, אין וועלכן דער גאַנצער פּראָצעס קומט איצט פאָר — און אַריינטראָגן עס אין דעם באַשטענדיקן איך, דאָס איז דער טיפערער איך, די פערזענלעכקייט, וועלכע בינדט דורך איר זכרון דעם עבר מיטן הוה, זיי ביידע ווידער מיט דער צוקונפט.

דער זכרון, וואָס, אַ סברה, אַז נאָר דער מענטש פאַרמאָגט, רע־גיסטרירט די געפילן און די פּולסירונגען, און דערפאַר ווערט מעגלעך פאַר דעם מענטשן פון דאָסניי אַרויסצורופן גאָר אַ סך פון די זעלבע לעבנס־רעגונגען, אומאָפּהענגיק פון זייער אָריגינעלן גורם און אַרויס־רופער. ער קען גורם זיין זייער ווידעראַנשטיין לאַנג נאָך דעם ווי די סיבה פון זייער ערשטן אויפקום איז שוין פאַרשוווּנדן און וועט שוין מער ניט אויפקומען.

אָט די דאָזיקע פון דאָסניי אַרויסגערופענע איבערלעבענישן האָבן אַ טבע זיך צו רייסן פון יענער זייט ראַמען פון אינדיווידוּד, וואָס האָט זיי געלעבט צום ערשט מאָל. זיי ווילן שטענדיק אַרויסגיין פון די ד' אמות פונעם באַטרעפנדיקן סוביעקט און אַריינגעמען אַלע סוביעקטן אין דער וועלט. זיי זיינען גענייגט זיך צו פּראָזשעקטירן, די געפילן און שטימונגען, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעמפּלט אין זכרון, און וועלכע אָפּעריִרן דורך דער איינבילדונגס־קראַפט, מאַכן דעם מענטשן אַריבערצוטראָגן דעם אינהאַלט פון זיין אייגענעם געפיל אויף אַנדערע פון זיין גלייכן, און אַמאָל אַפילו אויף אַנדערע מינים.

די שיינקייט וואָס האָט אים גערעגט, ווערט אַ סיבה פאַר שיינקייט־רעגונג פון די מענטשן בכלל. דאָס, וואָס האָט אַרויסגערופן עקל אין אים, ווערט דאָס עקלהאַפטיקע פאַר דעם מענטשלעכן מין. אַזוי איז עס אויך מיט פרייד און טרויער. דער טויט פון אַ נאָענטן און ליבן

מענטשן ווערט דער סימבאָל פאַר דעם טויט בכלל, דער טרויער און צער, וואָס דער טויט פון איין מענטשן האָט פאַרשאַפט, גייט ביסלעכ־ווייז אַריבער צו דער גאַנצער מענטשהייט און צו דער גאַנצער יצירה.

און אויב דער מענטש קען ניט בלייבן ביים בלינדן געַנוס, אויב ער קען ניט, ווי די חיה, זיך באַנוגענען בלויז מיט הנאה, ווען עס האַנדלט זיך וועגן ס.ת ם זאַכן וואָס באַרירן אים, על אחת כמה וכמה, ווען עס האַנדלט זיך אין אַ שייכות צווישן מענטש און אַ קונסט־ווערק!

פאַרוואָס זאָל דער לייענער, אַ חוץ זעטיקן זיינע חושים און עמ־פינדונגען מיט דער שיינקייט פון דער קינסטלערישער פאָרעם, ניט אָנשטרענגען זיך אויך צו באַרייכערן זיין גייסט מיט טראַכטונגען וועגן אידעען און פראָבלעמען, וועגן מענטש, גאָט און וועלט, וועלכע דער קינסטלער האָט, ביודעים און נאָך מער בלא יודעים, גע־געבן אויסדרוק אין זיין קינסטלערישער שאַפונג?

איך שטרייך אונטער „נאָך מער בלא יודעים", ווייל גרויסע קינסטלערישע ווערק פאַרבאַהאַלטן אין זיך אידעען און פראָבלעמען, וואָס גייען ניט אַריין אין דעם באַוווסטזיין פון קינסטלער. שוין פלאַטאָן האָט מיט צוויי טויזנט דריי הונדערט יאָר צוריק אָנגע־וויזן אויף דעם פאַקט, וואָס פאָעטן באַגרייפן אָפט אַליין ניט די גע־דאַנקען, וואָס ווערן אַרויסגעלייענט אין זייערע ווערק דורך אַנדערע. דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פאַרוואָס ער, וועלכער האָט אַזוי הויך אָפּגעשאַצט די באַוווסטזיניקע געדאַנקלעכקייט, האָט אַזוי שטאַרק אונטערגעשאַצט די פאָעטן בפרט און די קינסטלער בכלל — דאָס הייסט אַלע די, וואָס אָפערירן מיט אַן אומבאַוווסטזיניקער געדאַנק־לעכקייט.

פלאַטאָנען איז ניט איינגעפאַלן אַז די געדאַנקלעכקייט, וואָס קומט צום אויסדרוק אין דער קונסט, שטייט אויף אַ העכערער מדרגה ווי די באַוווסטזיניקע געדאַנקלעכקייט, וואָס קומט פון אַזעלכע קולטור־צווייגן ווי די וויסנשאַפט און פילאָסאָפיע. ערשט דאָ ניט לאַנג צוריק האָבן די גרויסע דענקער אָנגעהויבן איינצוזען אַז די קינסטלערישע געדאַנקלעכקייט איז אין דער אמתן ניט קיין אונטערבאַוווסט־זיניקע, נאָר אַן איבערבאַוווסטזיניקע. דאָס איז אַ געדאַנקלעכקייט, וועלכע שעפּט זיך ניט אויס מיט אינטעלעקטועלע באַגריפן. די דאָזיקע געדאַנקלעכקייט טרעט אַריבער אַלע גרענעצן

פון דעם, וואָס מען רופט געוויינטלעך באַוווסטזיין. און טאַקע ווייל די קונסט, מער ווי אַלע אַנדערע קולטור־אויסדרוקן, אפעריירט מיט דער דאָזיקער כלומרשט אומבאַוווסטזיניקער געדאַנקלעכקייט, קען זי טיפער פון אַלע אַנדערע קולטור־צווייגן אַריינבליקן אין דער רעאַליטעט, און פריער פאַר זיי צוקומען צו געוויסע אמתן. און מחמת די געדאַנקלעכקייט, מיט וועלכער זי אפערירט גיט אויסדרוק צום באַוווסטזיין און אומבאַוווסטזיין אין גייסט פון מענטש, קען זי טיפער אַריינדרינגען און באַווירקן די נשמה, דעם גייסט און דעם גאַנצן מענטשלעכן וועזן.

וואָס מער געוויכט עס וועט געלייגט ווערן אויף דעם אינטויִטיוון באַנעמען פון דער קינסטלערישער געדאַנקלעכקייט, וואָס טיפער דאָס מענטשלעכע זוכן און דענקען וועט זיך דערגראָבן צו די אידעען און וויזיעס וואָס ליגן פאַרבאָרגן אין דער קינסטלערישער בילדלעכקייט, אַלץ שטאַרקער וועט ווערן דער דראַנג פונעם אינטעליגענטן לייענער און קריטיקער צו אינטערפרעטירן די קונסט, און פונקט אַזוי וועט געשטאַרקט ווערן דער פאַרלאַנג פון די קונסט־שאַפער אויסגעטייטשט צו ווערן אין ליכט פון אַנדערע קולטור־צווייגן און אין ליכט פון דער קולטור ווי אַ גאַנצע. אַ באַזונדערן און גאַנץ חשובן אָרט צווישן אַלע קונסט־קריטיקער וועט פאַרנעמען דער קריטיקער וואָס באַהאַנדלט אײנעם אָדער אַ צווייטן צווייג פון קולטור אין ליכט פון די איבעריקע קולטור־אויסדרוקן. יעדער קולטור־געביט, און די גאַנצע קולטור, וואָלט דורך דעם צוגאַנג פון קולטור־קריטיקער פאַרטיפט און באַרייכערט געוואָרן. אַזאַ קריטיק וואָלט משפיע געווען צום טיפסטן און העכסטן דעם טעם און דעם אינהאַלט פונעם שאַפונג־פּראָצעס אויף אַלע קולטור־געביטן.

גרויסע קונסט־ווערק צייכענען זיך אויס דערמיט וואָס זיי אַנטפּלעקן פאַר אונדז די אַנטוויקלונג פון דער קולטור אין איר אייביקייט. ט א מ א ס מ אַ ן, א שטייגער, האָט אין זיין צויבערבאַרג אפילו די ציוויליזאַציע ניט אויסגעלאָזט. אין דעם דאָזיקן ווערק, ווי מיר האָבן עס געזען אין דער פריערדיקער עסיי, קומט צום אויסדרוק ניט נאָר די מענטשלעכע נשמה, נאָר אויך דער אינטעלעקט, וועלכער איז דער הויפּט־באַשטאַנדטייל פון דער ציוויליזאַציע. אויך די וויסנשאַפט לאָזט מ אַ ן זיך געשטאַלטן אין צויבערבאַרג. כדי עס זאָל אויף להבא אַריינגעבראַכט ווערן אַ שטאַרקערע באַהעפטונג צווישן אלע אויסדרוקן פון גייסט און קולטור און כדי עס זאָל ווערן טיפער די פאַרשטענדעניש

צווישן דעם אינטעליגענט, דער קונסט און דעם קינסטלער איז נייטיק צו ענדערן דעם לאָזונג: קונסט לשם קונסט.

דער לאָזונג: קונסט לשם קונסט, ווען מען נעמט אים, ווי ער שטייט און גייט, איז אַ פאַלשער. ער איז פאַלש דערפאַר, וואָס קיין שום זאַך אין דער וועלט עקזיסטירט ניט צוליב זיך אַליין. אַלץ, וואָס קומט, קומט פון עפּעס און גייט צו עפּעס. אַלץ עקזיסטירט אויס אַ גרונד, וואָס ליגט ערגעץ מחוץ פון זיך אַליין, און צוליב עמעצן אָדער עפּעס, אַן וועלכן עס איז אָנגעשלאָסן אויף אַן אופן, וואָס קען זיך ניט אָפּשליסן. צוליב זיך אַליין און אין זיך אַליין עקזיסטירט בלויז דער גאַנצער סכום עקזיסטענץ, די טאָטאַליטעט פון דער וועלט. וואָס מיר קענען יאָ זאָגן וועגן קונסט, איז, אַז זי, ווי יעדער אַנדערער גייסטיקער אויסדרוק, איז אַ זעלבסטצוועק און אַ זעלבסטווערט. און ווי אַזעלכע טאָר זי בשום אופן ניט געבראַכט ווערן ווי אַ מיטל צו העכערע און טיפערע צוועקן. די קונסט, ווי אַן אויסדרוק פון אַ העכערן עפּעס, מוז געשטעלט ווערן אין דינסט פון אַלערליי אַנדערע צילן. איבער דעם „וואָס" פון דער קונסט מעגן און דאַרפן פלאטערן אלערליי „צוליבס" און כוונות. זי טאָר אָבער ניט געשטעלט ווערן אין דינסט פון די העכערע צילן, אַנדערש ווי זי איז אין איר אייגענעם מהות. זי טאָר ניט ווערן, צוליב קיין שום צילן אין דער וועלט, אויס קונסט, פּונקט ווי אַ מענטש טאָר ניט ווערן אויס מענטש. זי טאָר איר באַרוף, איר קינסטלערישקייט צוליב קיינעם ניט פאַרשוועכן.

קינסטלערישקייט איז דער ערשטער תנאי פון קונסט, אָבער ניט דער לעצטער. די אַנדערשקייט פון קונסט אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע קולטור-צווייגן שפּילט אויך אַן אויסערגעוויינטלעך גרויסע ראָל אין יעדן אויסדרוק פון גייסט אָדער קולטור. דאָס העכסטע, וואָס איז פאַראַן אין דער קולטור, דאַרף אינעם קונסט-ווערק געבראַכט ווערן אַנדערש ווי אין די אנדערע קולטור-שאַפונגען. וואָס פארשיידנארטיקער אַ קונסט-ווערק איז אין פאַרגלייך אפילו מיט די קונסט-ווערק, וואָס געהערן צו דער זעלבער קאַטעגאָריע פון קונסט, אַלץ שטאַרקער איז דיווירקונג פון דעם דאָזיקן ווערק. און צוליב דער אַנדערשקייט גופא וועט עס אָנרירן אַזעלכע סטרונעס אין די הערצער און נשמות פון די מענטשן, וואָס אַנדערע ווערק האָבן געלאָזט אומבאַרירט.

די אַנדערשקייט אַליין אָבער וועט נאָך ניט מאַכן דאָס קונסט-ווערק פאַר אַן אמת גרויס קונסט-ווערק. גרויס ווערט אַ קונסט-ווערק

ערשט דעמאָלט, ווען עס ווערן אין דער דאָזיקער אַנדערשקייט אויף אַ באַוווסטן אָדער אומבאַוווסטן אופן אַריינגעבראַכט גרויסע און טיפע אינהאַלטן. ערשט ווען עס ווערן פונעם קינסטלער, אויף אַ גאַנץ אַנדערשדיקן אופן, אַרויסגעבראַכט געדאַנקען און וויזיעס, וואָס מיט זייער טיפקייט און ווייט־גרייכיקייט, טראָגן זיי אַוועק דעם מענטשן, אויף אַ געוויסער צייט, אין די אומענדלעכקייטן פון רוים, און אייביקייטן פון צייט, ערשט דעמאָלט באַקומט זיין שאַפן אַ אייביקן ווערט.

גוטע קונסט דאַרף בכן שטרעבן צו זיין ניט קונסט לשם קונסט, נאָר קונסט צוליב דער פאַרטיפונג און דערהויבונג פון אַלץ, וואָס קען און איז ווערט פאַרטיפט און דערהייבן צו ווערן. צו אַזאַ פאַרטיפונג און דערהייבונג קען די קונסט פירן נאָר דעמאָלט, ווען זי וועט, דורך איר קאָנקרעטסטער און שענסטער בילדלעכקייט, ברענגען צו די הער־צער און מוחות פון די מענטשן פארשיידענע אידעען, פּראָבלעמען און אַנשויונגען.

פאַר דעם שעפער פון אַ גרויס ווערק איז אומבאַדינגט נייטיק, אַז זיינע איבערלעבונגען און עמאָציעס זאָלן זיין פון אַ גרויסן פאַר־נעם. עס איז נייטיק, אַז אין יעדער איבערלעבונג און עמאָציע זיינער זאָל מען דערפילן די אָפּשפּיגלונג און די אַנטפּלעקונג פון דער גאַנצער עקזיסטענץ, אין איר איבעררוימלעכקייט און איבערצייטיקייט. דער איך פון דעם שעפער פון גרויסער קונסט דאַרף זיך פילן, לפּחות אין די מאָמענטן פון זיין שאַפן, אַנגעקניפּט און אָרגאַניש פאַרבונדן מיט העכערע איך'ן, כדי צו דערגרייכן די העכסטע איך־מדרגה.

ש עק ס פּ י ר ס העלד האַמלעט ווערט דערצאָרנט און פאַר־צווייפלט פון דער ניט שטאַנדהאַפטיקייט, נידערטרעכטיקייט און פאַלש־קייט פון אַ פרוי צו איר מאַן. ער דערפילט זיך אומגליקלעך ביז צו די גרונטן פון זיין נשמה, וואָרום די דאָזיקע פרוי איז זיין אייגענע מוטער, און דער מאַן איז זיין אייגענער פאָטער. אָבער אין דעם געשריי זיינעם, אין דעם אויסדרוק פון צאָרן און יאוש, נעמט ער אַריין אַלע פרויען. ער שרייט אויס: שוואַכקייט, דיין נאָמען איז פרוי! (Frailty thy name is woman!)

און ווען עס ווערט אים, צוליב די קאָנפליקטן און פּיינען, אומ־דערטרעגלעך צו ציִען זיין לעבן אויף דער וועלט, פרעגט ער ניט צי עס איז ווערט פאַר אים, האַמלעטן, צו זיין אויף דער וועלט, נאָר ער אוניווערסאַליזירט באַלד די פראַגע. ער זאָגט: „זיין אָדער ניט זיין?

דאָס איז די פראַגע" — אַ פראַגע פאַר יעדן איינציקן וועזן, וואָס גייט אונטערן נאָמען מענטש, אין די מאָמענטן, ווען אומגליק און טראַגיק פילן אָן ביז איבער די ראַנד די נשמה.

בעת שאַפן זיינע דראַמעס, האָט אפשר ש ע ק ס פ י ר אין זינען געהאַט דאָס לעבן און די מענטשן, ווי זיי זיינען געווען אין זיין צייט. דאָס לעבן אָבער, און אַלץ אינעם לעבן, טראָגט אין זיך צו יעדן מאָמענט אַלץ, וואָס האָט אַמאָל געלעבט, און גרויסע סימנים פון אַלץ וואָס וועט אַמאָל לעבן.

גרויסע און טיפע נשמות אונטערשיידן זיך פון אַלע אַנדערע דער עיקר דערמיט, וואָס זיי פילן די אָנגעקניפּטקייט און די באַהעפ־טונג פון איין צייט־לויף צום אַנדערן, פון איין שטח צום אַנדערן, און פון דער צייט און שטח צו איבער־צייט און איבער־רוים. זיין פילן די אָנגעהעריקייט און איינגעשלאָסנקייט פון וועלטן אין וועלט און פון אַלע וועלטן אין איבערוועלט. זיי פילן און זעען דעם צונויפגוס פון דעם נידעריקן מיטן העכערן און פונעם העכערן מיטן העכסטן.

אויב דעם קינסטלערס נשמה איז גרויס און טיף, וועט, דורך וואָס ער זאָל ניט מאָלן און געשטאַלטן, אָפּגעשפיגלט און אויסגעדריקט ווערן צייטן און וועלטן, מענטשן און זאַכן, וועלכע זיינען פאַר זיינע אויגן ניט געשטאַנען בעתן שאַפן. אין זיינע שאַפונגען וועלן זיך עפענען קוואַלן פון טיפקייט פאַר די קומענדיקע דורות, וועלכע זיינען ניט געווען אין באַוווסטזיין פון דעם קינסטלער און ניט פון זיינע בני־דור. האָט דאָך ס ע ר וו אַ נ ט ע ס פאַרענדיקט דעם צווייטן טייל פון זיין „דאָן קיכאָט" מיט די ווערטער: „איך האָב קיין אַנדער ציל ניט געהאַט, ווי נאָר אַרויסצורופן ביי מענטשן עקל צו די ליגנערישע און אומגע־לומפּערטע ריטערישע ראָמאַנען, וועלכע ווערן אַרויסגעשטופּט דורך דער אמתער געשיכטע פון מיין דאָן קיכאָט און וועלן אינגיכן זיכער גאָר נעלם ווערן".

און ווי נישטיק זעט אויס דער דאָזיקער, צו יענער צייט גרויס־אויסזעענדיקער, ציל לגבי דער געוואַלדיקער צאָל פון אַ סך וויכטיקע צילן, וואָס זיינען זינט דעמאָלט פון לייענער און קריטיקער אַרויס־געלייענט געוואָרן פון יענעם ווערק. דאָן קיכאָט איז פאַר אַלע דורות געוואָרן דער סימבאָל פון דעם קעמפער מיט דערווירקלעכקייט, מיט דער מיטלמעסיקייט און מיט דער גרויער וואָכעדיקייט. אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרעם, אין אַזאַ אָדער אַנדער געשטאַלט וועט דער גורל פון

דאָן קיכאָט זיין דער גורל פון אַלע אידעאַליסטישע און ראָמאַנטישע נשמות — דער גורל פון אַלע די, וואָס ווילן אריינברענגען אַ נייע ווירקלעכקייט אינעם חלום.

די ראָל פון קולטור־קריטיקער דאַרף זיין ברענגען צו זיין איגענעם באַוווסטזיין, צום באַוווסטזיין פון לייענער און פון קינסטלער גופא, די אידעען, די מענטש־ און קאָסמאָס־וויזיעס, וואָס זיינען ביודעים און בלא יודעים אַריינגעבראַכט געוואָרן אין די טיפערע ווערק פון גרויסע קינסטלער.

די דאָזיקע מיינונג איז אויסגעדריקט געוואָרן אין די זעלבע און אַנדערע ווערטער אינעם יאָר 1931 אין מיין ווערק אינטעליגענט, קונסט און קינסטלער.

אין אַן אַרטיקל פון „אַטלאַנטיק־מאָנטלי“, יאַנואַר 1953, לאָזט מאַן וויסן די לייענער פון זיין צויבער באַרג וויפיל ער האָט געלערנט וועגן זיין אייגן ווערק פון דער קריטיק בכלל און פון צוויי אַמעריקאַנער, וואָס האָבן געשריבן אויספירלעכע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם, בפרט. זיי האָט ער צו פאַרדאַנקען די אַנטפּלעקונג פון די פּאַר־באָרגענע פאַר אים אַליין געדאַנקען און וויזיעס, וואָס קומען צום אויסדרוק דורך די העלדן, וועלכע פיגורירן ווי פּאַציענטן אין סאַנאַטאָריום אויפן כשוף־באַרג.

אָט וואָס טאָמאַס מאַן זאָגט:

דער צויבערבאַרג איז אין טאָפּלטן זין אַ צייט־ראָמאַן, ערשטנס, אין אַ היסטאָרישן זין מיט דעם, וואָס ער זוכט איבערצוגעבן דעם באַטייט פון אַן עפּאָכע—די פּאַר־מלחמה־תקופה פון דער איראָפּעישער געשיכטע. צווייטנס דערפאַר, וואָס צייט איז איינע פון זיינע טעמעס. צייט ווערט באַהאַנדלט ניט נאָר ווי אַ טייל פונעם העלדס דערפאַרונג, נאָר אויך אין זיך און דורך זיך גופא.

דאָס בוך גופא איז דער מהות פון דעם וואָס עס דערציילט. עס מאָלט די סודותפולע אַנטציקונג פונעם העלד אין דער צייטלאָזיקייט, אַזוי אַרום זוכט עס אָפּצושאַפן די צייט דורך אַ טעכנישער המצאה, וואָס פּרוּווט כסדר צו געבן פולקאָמע קעגנווערטיקייט דעם גאַנצן סכום פון אידעען וואָס עס נעמט אַרום.

אָבער די פּרעטענזיעס פון בוך זיינען נאָך מער ווייט־גרייכנדיק, ווייל עס באַהאַנדלט נאָך אַן אַנדער פונדאַמענטאַלע טעמע. דאָס איז די טעמע פון שטייגערונג, פון פאַרגרעסערונג. די דאָזיקע שטייגערונג ווערט שטענדיק צוגעשריבן צו דער אַלכעמיע. איר וועט זיך דער־מאָנען, אַז מיין האַנס איז ווירקלעך אַ העלד אָן חכמות. ער שטאַמט פון דער ווילער האַמבורגער געזעלשאַפט, און ער איז אַ מיטלמעסיקער אינזשיניער. אָבער אין דער הערמעטישער, פיבערישער אַטמאָספערע פון מאַגישן באַרג גייט דורך דער שטאָף, דורך וועלכן ער איז דער־הויבן געוואָרן צו אַ שטייגערונג־פּראָצעס. דאָס מאַכט אים פּעיִק אויף אַוואַנטורעס אין סעקסועלע, מאָראַלע און אינטעלעקטועלע ספערן, וואָס וועגן זיי וואָלט ער קיינמאָל ניט געחלומט אין „פלאַכלאַנד”. זיין גע־שיכטע איז די געשיכטע פון אַ שטייגערונג־פּראָצעס, אָבער אויך ווי אַ דערציילונג איז עס דער שטייגערונג־פּראָצעס: זיי דערשיינען פאַרן לייענער ווי זיי אַליין זיינען, אין דער אמתן אָבער, אַקטועל איז עס ניט, עס שטייגט אַריבער דעם רעאַליזם דורך די מיטלען פון סימ־באָליזם. עס באַנוצט דעם רעאַליזם ווי אַ מיטל אויף אַריינצוברייגנען אינטעלעקטועלע און אידעאַלע עלעמענטן. אַלע כאַראַקטערן מאַכן דורך דעם זעלבן פּראָצעס: זיי דערשיינען פאַרן לייענער ווי זיי אַליין זיינען, אין דער אמתן אָבער זיינען זיי בלויז עקספּאָנענטן, רעפּרעזענ־טאַנטן און עמיסאַרן פון וועלטן, קעניגרייכן און הערשאַפטן פון גייסט.

פאַר דעם מחבר זיינען קראַנקהייט, טויט און אַלע סודותדיקע אַוואַנטורעס, וואָס זיין העלד גייט דורך, דער פּעדאַגאָגישער אינסטרו־מענט, וואָס ער באַנוצט אויף דורכצופירן די שטייגערונג און פאַר־גרעסערונג פון זיין איינפאַכן העלד, ביז ווייט איבער זיין אָריגינעלער קאָמפּעטענץ. און גענוי ווי אַ פּעדאַגאָגישער מעטאָד זיינען זיי אויף אַן אַרומנעמעדיקן אופן באַרעכטיקט. מחמת ה אַ נ ס ק אַ ס ט ר אָ פּ באַהערשט, אין משך פון זיינע דערפאַרונגען, אפילו זיין איינגעבוירענע אַטראַקציע פאַרן טויט און קומט צו אַ פאַרשטענדעניש פון אַ מענטש־הייט וואָס איגנאָרירט טאַקע ניט דעם טויט און פאַראַכט ניט די טונ־קעלע מיסטעריעזע זייטן פון לעבן, וואָס קען אָבער ניט קריגן קיין קאָנטראָל איבערן געדאַנק.

וואָס ה אַ נ ס ק אַ ס ט ר אָ פּ הייבט אָן צו פאַרשטיין איז, אַז איינער מוז דורכגיין די טיפע דערפאַרונג פון קראַנקהייט און טויט,

כדי צוצוקומען צו אַ העכערן געזונט און אַ געזונטערער פּאַרשטענ־דעניש, פּונקט ווי איינער מוז האָבן אַ דערקענטעניש פון זיגד כדי צו געפינען אויסלייזונג.

„עס זיינען פאַראַן — האָט האַנס קאַסטראָפּ אַמאָל געזאָגט — צוויי וועגן פון לעבן. איינער איז דער רעגולערער, דירעקטער און גוטער וועג. דער אַנדערער, איז דער שלעכטער, ער פירט דורך טויט, און דאָס איז דער וועג פון זשעניע".

די דאָזיקע באַשרייבונג איז ניט אָריגינעל מיינע, איך האָב זי גענומען לעצטנס פון אַ קריטיקער און איך באַנוץ זיך מיט איר דיס־קוטירנדיק דעם צויבערבאַרג, ווייל די אויסלעגנדישע קריטיק האָט מיר אַ סך אַרויסגעהאָלפן. איך באַטראַכט פאַר אַ טעות צו דענקען, אַז דער מחבר אליין איז דער בעסטער פוסק איבער זיין ווערק, ער איז דאָס אפשר בעת ער אַרבעט נאָך דערויף און לעבט אין דעם. איז ער אָבער איינמאָל פאַרטיק מיט דעם, ווערט ער שוין דעמאָלט עפּעס אַזוינס, וואָס איז פרעמד צו אים. אַנדערע וועלן במשך הזמן וויסן מער וועגן דעם און בעסער פאַר אים.

זיי קענען אים אָפּטמאָל דערמאָנען וועגן זאַכן אין זיין ווערק, וואָס ער האָט פאַרגעסן, אָדער וואָס ער האָט ווירקלעך קיינמאָל ניט איבעריק געוווּסט. מען מוז עס איינעם שטענדיק דערמאָנען. קיינער איז ניט שטענדיק קיין באַלעבאָס איבער זיין אייגענעם גאַנצן איך. אונדזער באַוווּסטזיין איז שוואַך. נאָר אין מאָמענטן פון אויסערגעע־וויינטלעכער קלאָרקייט און וויזיע ווייסן מיר ווירקלעך וועגן אונדז גופא. וואָס שייך צו מיר, בין איך צופרידן צו לערנען פון קריטיקער וועגן זיך גופא, צו לערנען פון זיי וועגן מיינע פאַרגאַנגענע ווערק און צוריקגיין צו זיי אין מיין געדאַנק.

מיין געוויינטלעכער נוסח פון דאַנקען פאַר אַזאַ אָפּפרישונג פון מיין באַוווּסטזיין איז: „איך בין אייך אויסערגעוויינטלעך דאַנקבאַר פאַר אייער צוריקברייגגען מיך צו מיין אייגענעם איך".

איך בין זיכער, אַז איך האָב דאָס געשריבן צו פּראָפעסאָר הער־מאַן ווייגאַנד פון יעיל־אוניווערסיטעט, ווען ער האָט מיר געשיקט זיין בוך וועגן צויבערבאַרג — די פונדאַמענטאַלסטע און אויפ־

פּאַסנדיקסטע אָפּהאַנדלונג, וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן דעם ווערק.

איך האָב געלייענט אַ מאַנוסקריפּט פון אַ יונגן געלערנטן פון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט — האָוואַרד נעמעראָוו, אונטערן נאָמען דער זוכער־העלד, דער מיטאָס ווי אַן אוניווערסאַלער סימבאָל אין די ווערק פון טאָמאַס מאַן.

דער מחבר שטעלט אַוועק דעם צויבערבאַרג און זיין איינפאַכן העלד אין דעם סדר פון דער גרויסער טראַדיציע, וועלכע געהערט ניט בלויז צו דייטשלאַנד, נאָר איז אוניווערסאַל. ער קלאַסיפיצירט עס ווי אַ קונסט, וואָס ער רופט „די זוכער־לעגענדע“. זי רירט אָן די ווייטע עבר־טראַדיציע אין פאָלקלאָר. פאַוסט איז נאַטירלעך דער באַרימטסטער דייטשישער רעפּרעזענטאַנט פון דער דאָזיקער פאָרעם. אָבער פריִער פאַר פאַוסט דעם אייביקן זוכער, איז די דאָזיקע גרופּע קאָמפּאָזיציעס באַקאַנט געוועזן ווי די סאַנגיראַל, אָדער די הייליקע גראַל־ראָמאַנסן. דער העלד, צי איז ער געווען גאַווײן, גאַלאַהאַד אָדער פּערסיוואַל, איז דער גריבלער, דער זוכער, וואָס וואַנדערט דורך הימל און גיהנום, מאַכט קאָמפּראָמיסן, שליסט אָפּמאַכן מיטן אומבאַוווּסטן, מיט קראַנקהייט, מיט בייזקייט, מיטן טויט און יענער וועלט, מיטן איבערנאַטירלעכן וואָס ווערט אין צויבערבאַרג אָנגערופן „דאָס צווייפל־האָפטע“. ער זוכט שטענדיק די הייליקע גראַל, דאָס מיינט דאָס העכסטע; די דערקענטעניש, די חכמה, די קדושה, דעם פילאָסאָפישן גאָלדענעם געטראַנק, דעם עלעקסיר פון לעבן. דער מחבר דערקלערט, אַז האַנס קאַסטאָרפ איז איינער פון די זוכער. ער איז אפשר גערעכט.

דער זוכער פון דער גראַל־לעגענדע, אין אָנהויב פון זיינע וואַנדערונגען, ווערט אָפט אָנגערופן נאַר, גרויסער נאַר, אויפריכטיקער נאַר, דאָס שטימט מיט דער נאַיוויטעט און פשוטקייט פון מיין העלד. עס זעט אויס ווי אַ טונקעלער וויסן פון דעם טראַדיציאָנעלן וואָס האָט מיך געפירט צו באַשטיין אויף דער דאָזיקער קוואַליטעט זיינער.

דעם יונגן נעמעראָווס קאָמענטאַר איז זיכער אַ טרעפלעכער און באַצויבערנדיקער. איך האָב אים באַנוצט אויף צו לערנען אייך און אויך זיך אליין וועגן מיין נאָוועלע — דאָס לעצטע, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע, רינגעלע אין דער גרויסער טראַדיציע.

האַנס קאַסטראָפּ איז אַ זוכער פון דער הייליקער גראַל. דער לייענער וואָלט עס קיינמאָל ניט געדענקט. אויב איך אַליין האָב עס יאָ געדענקט, איז עס געוועזן ביידע זאַכן: אי מער, אי ווייניקער ווי דענקען. אפשר וועט ער, דער וואָס האָט געלייענט דאָס בוך, עס לייענען אַ צווייט מאָל, פון דעם דאָזיקן קוק־ווינקל. אפשר וועט ער אויסגעפינען וואָס די גראַל איז: דערקענטעניש, חכמה, קדושה, באַ־לויכטונג, וואָס ניט נאָר דער נאַרישער העלד זוכט עס, נאָר דאָס בוך גופא. ער וועט עס געפינען אין דעם אָפּטייל „שניי", ווו, האַנס קאַסטראָפּ, אַ פאַרלוירענער אויף די ריזיקאַלישע הויכן, חלומט זיין חלום וועגן דער מענטשהייט".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צוויי קינסטלער — לעוו טאָלסטאָי און טאָמאַס מאַן — און צוויי הפוכדיקע באַגריפן וועגן קונסט און קריטיקער: וואָס פאַר איינעם איז אַ קללה, איז פאַר דעם אַנדערן אַ ברכה.